# די געשיכטע פון די
# פאַראייניגטע שטאַטען

פון הלל ראָגאָף

## די רעוואָלוציע
### 1760—1783

ספּעציעלע „פאָרווערטס" אויסגאַבע.
ניו יאָרק, 1926.



# אינהאַלטס פאַרצייכנונג:

## .1

# די קאָלאָניעס ווערן אָפּגעפרעמט פון ענגלאַנד

די אמעריקאַנער רעוואָלוציע איז, נאָך דער מיינונג פון מאַנכע היסטאָריקער, די וויכטיגסטע פּאַסירונג אין דער מאָדערנער צייט. זי איז אַזוי וויכטיג שוין דערפאַר אַליין וואָס דורך איהר איז גע־בוירען געוואָרען אַ נייע פּאָלק, וועמען דער שיקזאַל האָט באַשטימט צו ווערען אין גיכען דאָס רייכסטע, דאָס מעכטיגסטע און דאָס ענערגישסטע פאָלק אויפ'ן גאַנצען ערד־קוגעל.

וואָס זיינען געווען די אורזאַכען פון דער רעוואָלוציע ? אַן ערך פון 150 יאָר האָבען די קאָלאָניסטען געלעבט אַלס ענגלישע אונטערטאַנען. זיי האָבען זיך באַטראַכט אַלס ענגלענדער. זיי האָ־בען שטאָלצירט דערמיט וואָס זיי זיינען ענגלענדער. פאַרוואָס האָ־בען זיי אין 1776 באַשלאָסען צו נעמען וואָפען אין די הענט און קעמפען ביז וואַנען זיי וועלען ווערען אומאָפּהענגיג, ביז וואַנען זיי וועלען קריגען דאָס רעכט זיך צו רופען אַמעריקאַנער אַנשטאָט ענגלענדער ?

דעם ענטפער אויף דער דאָזיגער פראַגע מוז מען זוכען ניט אין איין אָרט, נאָר אין יעדען צווייג פון געזעלשאַפטליכען לעבען אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. אין יעדען ווינקעל פון לעבען דאָ געפינט מען אַ טייל פון דעם ענטפער. דאָ אַ גרעסערען טייל, דאָרט אַ קלענערען, אָבער ווי קליין דער טייל זאָל ניט זיין איז ער וויכ־טיג. אַן אים וואָלט אפשר אוממעגליך געווען איבערצייגען די שטאַרקע קייט וואָס האָט געהאַלטען די קאָלאָניסטען צוגעבונדען גייסטיג און פיזיש צו זייער פאָטערלאַנד.

די אורזאַכען פון דער רעוואָלוציע זיינען טיילווייז עקאָנאָמי־

שע, טיילווייז פאליטישע און טיילווייז פסיכאלאגישע. מאנכע פון די אויזאכען האבען אנגעפאנגען צו ווירקען זייער, זייער פרי, ווען די קאלאניעס זיינען נאך עופה'לאך געווען, כאטש קיינער האט זיי דעמאלט נאך ניט באמערקט. אנדערע האבען גענומען ווירקען גאר די לעצטע יארען, ממש ערב דעם אויסברוך פון דער רעוואלוציע. מאנכע אורזאכען, ווידער, האבען געשטאמט פון אמעריקע, און מאנכע פון ענגלאנד.

און זאל דא גלייך געזאגט ווערן, אז עס איז א טעות צו קוקען אויף דער אמעריקאנער רעוואלוציע ווי אויף א קאמף פון אונטערדריקטע געגען אונטערדריקער. ענגלאנד האט די אמעריקאנער קאלאניעס קיינמאל ניט פארשקלאפט, קיין מאל ניט אונטערדריקט. מיר וועלען שפעטער זען, אז די היגע קאלאניסטען האבען געהאט מער פאליטישע רעכט און פרייהייטען ווי די ענגלענדער אין ענגלאנד. פון די אינדוסטריעלע געזעצען וואס ענגלאנד האט געוואלט אויף די קאלאניעס ארויפצוצווינגען האבען בלויז א קליין הייפעלע געליטען. דערפאר האבען אנדערע גרופען פון זיי געוואונען. די רעוואלוציע קען גיכער דערקלערט ווערען אלס דער נאטירליכער דראנג פון א דערוואקסענעם ארויסצוגיין פון זיין פאטער'ס רשות. אין מיטען פון אכצענטען יארהונדערט האבען די אמעריקאנער קאלאניסטען זיך דערפילט אלס פולשטענדיגע מענשען און זיי האבען ניט געקענט מער דולדען, אז זיי זאלען באהאנדעלט ווערען ווי קינדער פון א שטרענגען טאטען ערגיץ אויפ'ן אנדערען זייט ים. זיי האבען אין זיך דערפילט א ריזיגע אמביציע זיך אויסצושפרייטען איבער'ן אמעריקאנישען קאנטינענט, ווערען גרויס און מעכטיג, און זיי האבען ניט געקענט פארטראגען דעם געדאנק, אז אימיצער זאל איבער זיי דעות זאגען, זאל זיי קענען שטערען, זאל זיי, מיט רעכט אדער אומרעכט, מיט גוטע כוונות אדער מיט שלעכטע שטיין אין וועג.

כל זמן אט דער יאך פון ענגלאנד איז געלעגען אויף די קאלאניעס איז געווען נאטירליך, אז די קאלאניסטען זאלען אויף אים ווארפען די שולד פון אלע צרות און אומגערעכטיגקייטען, כאטש אין אמת'ן האט עס דערמיט קיין שייכות ניט געהאט. אזוי איז

שוין די נאַטור פון מענשען, פון איינצעלנע אַזוי גוט ווי פון גאַנצע פעלקער. ווערען זיי באַהערשט פון איין שטאַרקען געדאַנק אָדער געפיל זעען זיי אין איהם דעם קוואַל פון אַלע זייערע פריידען און ליידען. ענגלאַנד איז פאַר די קאָלאָניסטען געוואָרען אַ מין קליפּה. וואָס פאַר אַ צרה ס'איז ניט געקומען אויפ'ן לאַנד האָבען זיי אין איר געזען די פינסטערע מאַכט פון דער קליפּה. אין אַלץ איז ענג־לאַנד שולדיג געווען. זאָל מען זיך נאָר באַפרייען פון ענגלאַנד'ס יאָך און אַלע צרות וועלען אַזוי ווי מיט'ן האַנט צוגענומען ווערען.

די אַמעריקאַנישע באַפעלקערונג האָט זיך אין דעם אכצענטען יאָרהונדערט געפילט דערווייטערט און אָפּגעפרעמדט פון ענגלאַנד. אין יענער צייט פלעגט געדויערען מאָנאַטען אַריבערצופאָרען דעם ים. און די רייזע איז געווען פאַרבונדען מיט די גרעסטע געפאַרען. זייער אָפט פלעגען אַ העלפט אָדער צוויי דריטעל פון די פּאַסאַ־זשירען אויסשטאַרבען אונטערוועגענס, אָדער די שיף פלעגט אינ־גאַנצען אונטערגיין. די ערשטע פּאָסט־פאַרבינדונג צווישען ענג־לאַנד און אַמעריקע איז אָרגאַניזירט געוואָרן ערשט מיט עטליכע יאָר פאַר דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע. אַריבערצושיקען אַהער אָפיציעלע פּאַפּירען פון דער ענגלישער רעגירונג פלעגט גע־דויערען אַ האַלב יאָר. עס זיינען געווען פאַלען, ווען וויכטיגע רע־גירונגס־דאָקומענטען פלעגען זיך וואַלגערען אונטערוועגענס יאָרען לאַנג. די קאָלאָניסטען האָבען געהאַט דאָס געפיל, אַז זיי וואוינען אין אַן אַנדער וועלט, אַז ענגלאַנד קען צו זיי כמעט גאָרניט צו־קומען.

די אימיגראַציע פון ענגלאַנד קיין אַמעריקע האָט זיך כמעט אינגאַנצען אָפּגעשטעלט מיט אַ הונדערט יאָר פאַר דער רעוואָלו־ציע. אין די ניו ענגלאַנד קאָלאָניעס זיינען קיין נייע ענגלישע אי־מיגראַנטען ניט אָנגעקומען זינט דעם יאָר 1640. אַרום און אַרום האָט ענגלאַנד אַהער אַריבערגעשיקט אַן ערך פון הונדערט טויזענט קאָלאָניסטען. אין פאַרלויף פון אַ הונדערט יאָר האָט זיך די צאָל איינוואוינער דאָ פאַרמערט אויף צוויי מיליאָן. די ערשטע קאָ־לאָניסטען, די ענגלישע אימיגראַנטען, זיינען נאָך געווען צוגע־

בונדען צו ענגלאנד, טראָץ דעם וואָס זיי זיינען פון איר אנטלאָ־
פען צוליב אָרעמקייט אָדער פאַרפאָלגונגען. דער איצטיגער דור
אָבער איז געבוירען געוואָרען פון עלטערען און אור־עלטערען —
עכטע אַמעריקאַנער. פאַר זיי איז ענגלאַנד געווען בלויז אַ נאָמען.
זיי האָבען געזען ענגלאַנד אין דער געשטאַלט פון די גאָווערנאָרס,
וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט אַהער אַריבערגעשיקט, אין דער
געשטאַלט פון די געזעצליכע באַשרענקונגען און צוימען, וואָס זי
האָט אויף זיי אַרויפגעצוואונגען. און אין די לעצטע יאָרען, אין
דעם געשטאַלט פון שטייערען און אַרמייען און אַלערליי גזירות *).

בלויז די רייכערע קלאַסען האָבען געוואוסט פון אַן אַנדער
ענגלאַנד, די ענגלאַנד פון קולטור, די ענגלאַנד וואָס האָט באַ־
הערשט די ימים, די ענגלאַנד פון קעניגען און אַריסטאָקראַטען.
די רייכע קלאַסען האָבען געשיקט זייערע זין שטודירען אין ענג־
לאַנד, האָבען באַשטעלט זייערע קליידער ביי ענגלישע שניידער,
האָבען נאָכגעמאַכט די מאַניערען, דאָס לעבען פון דער ענגלישער
אַריסטאָקראַטיע. זיי האָבען עס געפילט פאַר אַ יחוס צו זיין ענג־
לענדער. און אין דער רעוואָלוציע זיינען טאַקע די מערסטע פון זיי
געבליבען טריי זייער פאָטערלאַנד. אַזוי שנעל ווי די רעוואָלוציע
האָט דאָ אויסגעבראָכען האָבען זיי פאַרלאָזען אַמעריקע אין די
טויזענטער.

ענגלאַנד האָט איר מאַכט אין אַמעריקע קיין מאָל ניט באַ־

*) ווי גרויס די באַפעלקערונג אין די קאָלאָניעס איז געווען בשעת די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעפאַנגען קען ניט באַשטימט ווערען אויף זיכער. היסטאָריקער זיינען צעטיילט אין זייערע מיינונגען. מאַנכע שאַ־צען די באַפעלקערונג אין קנאַפּע צוויי מיליאָן און מאַנכע אין איבער דריי מיליאָן. די גרעסטע קאָלאָניע איז דעמאָלט געווען ווירדזשיניאַ, די צווייטע — מאַסאַטשוזעטס און די דריטע — פּענסילווייניאַ. ניו יאָרק האָט דעמאָלט באַלאַנגט צו דער גרופּע פון קליינע קאָלאָניעס. מערילענד און נאָרט קאַראָליינאַ האָבען געהאַט אַ גרעסערע צאָל איינוואוינער ווי ניו יאָרק. די פינף גרעסטע שטעט אין די דרייצען קאָלאָניעס זיינען דעמאָלט געווען: פילאַדעלפיאַ, ניו יאָרק, באָסטאָן, טשאַרלסטאָן און באַל־טימאָר. פילאַדעלפיא, די גרעסטע שטאָט אין לאַנד, האָט געהאַט אַרום אַכצען טויזענט איינוואוינער, און באַלטימאָר אַרום צוועלף טויזענט.

פעסטיגט. זי האָט דאָ געהאַט גאָווערנאָרס, וועלכע האָבען געהאַט דאָס רעכט צו באַשטימען ריכטער און אַנדערע הויכע באַאַמטע און וועלכע האָבען אויך געקענט מבטל מאַכען די געזעצען פון די קאָלאָניאַלע לעדזשיסלייטשורס. אין ענגלאַנד זיינען געזעסען ספּעציעלע באַאַמטע פון דער ענגלישער רעגירונג, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען אויסצוהערען קלאַגען געגען דער אויפפירונג פון די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס און אַרויסצוגעבען באַפעלען און צו זוכען מיטלען ווי אַזוי צו צווינגען די קאָלאָניעס צו אָפּהיטען די ענגלישע געזעצען. און פון דעסטוועגען האָבען די קאָלאָניעס דעם ענגלישען יאָך כמעט גאָרניט געפילט. אַז ענגלישען באַפעל אָדער געזעץ, וואָס איז זיי ניט געפעלען געווען, פלעגען זיי איגנאָרירען, מיט די גאָווערנאָרס און אַנדערע ענגלישע באַאַמטע פלעגען זיי זיך ספּראַווען דורך פאַרשיידענע וועגען און מיטלען; אַמאָל דורך כאַבאַר, אַמאָל דורך סטראַשונקעס און אַמאָל דורך פּאָליטישע מאַנעווורעס. די ענגלישע רעגירונג האָט געוואוסט, אַז די קאָלאָניעס ווידערשפּעניגען איר הערשאַפט, אָבער זי איז די גאַנצע צייט געווען אין אַזאַ לאַגע, אַז זי האָט געמוזט קוקען און שווייגען.

די ערשטע אַכציג יאָר האָט זי געמוזט שווייגען צוליב די אומרוען ביי זיך אין לאַנד. דאָס זיינען געווען יאָרען פון רעוואָלוציעס און בירגער־קריג און מלחמות אין אייראָפּאַ. די קאָלאָניעס זיינען איר דעמאָלט פשוט אין זינען ניט געלעגען, שפּעטער, ווען דאָס איינענע לאַנד האָט זיך באַרואיגט און אין אייראָפּאַ איז שטיל געוואָרען, האָט זיך ענגלאַנד געכאַפּט, אַז פראַנקרייך האָט זיך שטאַרק איינגעפעסטיגט אין אַמעריקע, אַז זי האָט דאָרטען פאַרנומען גאַנץ קענעדע און פאַרשפּרייט איר נעץ אַרום דעם מיסיסיפּי טייך. ענגלאַנד האָט דאַן מורא געהאַט, אַז אויב זי וועט אירע קאָלאָניעס צופיל אויפרייצען וועלען זיי אַריבערגיין צו פראַנקרייך. אמת די ענגלישע קאָלאָניסטען האָבען באַטראַכט די פראַנצויזען אין קענעדע און אַרום דעם מיסיסיפּי פאַר זייערע ביטערסטע געגנער און האָבען מיט זיי געפירט מלחמות, פון דעסטוועגען האָט זיך ענגלאַנד געשראָקען און האָט אירע קאָלאָניסטען באַהאַנדעלט מילד און פאַרזיכטיג.

## 2.

# האַנדעל אין לאַנד — צוויי אָנגעווייטאָגטע פראַגען.

נאָך אַ רייע מלחמות מיט פאַרשיידענע לענדער פון אייראָפּאַ איז ענגלאַנד אין מיטען פון אַכצענטען יאָרהונדערט אָנערקענט געוואָרען אַלס די שטאַרקסטע ים־מאַכט. זי האָט באַזיגט פריער שפּאַניען, דערנאָך האָלאַנד און דערנאָך פראַנקרייך. אַלע פעלקער האָבען אויף איר געקוקט מיט מורא און קנאה. זיי האָבען איר גע־געבען דעם צונאָמען „דער טיראַן פון די ימים". איר גרויסע ים־מאַכט האָט זי באַנוצט צו באַוואַכען דעם האַנדעל מיט אירע קאָ־לאָניעס, וועלכע זיינען שוין דאַן געווען צעזייט און צעשפּרייט אין אַלע עקען וועלט, איבער ווייטע קאָנטינענטען און אינזלען.

דער באַגריף וועגען קאָלאָניעס איז מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק געווען אַן אַנדערער ווי דער איצטיגער. עס איז דאַן געווען אָנגענומען די מערקענטאַלישע טעאָריע, די האַנדעלס־טעאָריע, אַז קאָלאָניעס זיינען געגרינדעט געוואָרען, אָדער איינגענומען געוואָ־רען אין די אינטערעסען פון די סוחרים פון פאָטערלאַנד. די סוחרים האָבען געזוכט אין די קאָלאָניעס אַזוינע סחורה אָדער מאַטעריאַ־לען וואָס זייער אייגען לאַנד האָט ניט פּראָדוצירט. ווען די ערש־טע בעסטע קאָלאָניע האָט זיך געגרינדעט אין ווירדזשיניאַ האָט מען געצוואונגען די קאָלאָניסטען גיין זוכען גאָלד, דערפאַר וואָס ענגלאַנד באַזיצט ניט קיין גאָלד מינעס. די ענגלישע רעגירונג האָט געפאָדערט פון די היגע קאָלאָניסטען זיי זאָלען דאָ זייען געוויר־צען און מאַכען זייד, כאָטש דער קלימאַט איז דערצו ניט געווען גינסטיג. זי האָט געפאָדערט, אַז די קאָלאָניסטען אין דער סאָוט זאָלען פלאַנצען וויין־גערטנער און קולטיווירען זייד־ווערים כדי

די ענגלישע סוחרים זאָלען קענען קאַנקורירען מיט די וויין און זייד־הענדלער פון פראַנקרייך.

דאָס איז געווען דער שטאַנדפּונקט. צום גליק האָט אָבער ענג־לאַנד איר ווילען אויף די קאָלאָניעס ניט געקענט אַרויפצווינגען. די אומשטענדען אין איר אייגען לאַנד און אין אייראָפּאַ האָבען דאָס אוממעגליך געמאַכט. אַ דאַנק דעם, האָבען די קאָלאָניעס זיך אַנטוויקעלט אויף זייער אייגענעם נאַטירליכען וועג. די קאָלאָ־ניסטען האָבען זיך גענומען צו ערד אַרבייט, געזייעט תבואה, כאָטש ענגלאַנד האָט זיך ניט גענויטיגט אין שפּייז. אין ווירדזשיניאַ האָבען די קאָלאָניסטען געפּלאַנצט טאַבאַק, כאָטש דער ענגלישער קעניג האָט געשריבען אַ גאַנצע אָפּהאַנדלונג וועגען דער זינד פון רויכערען. זיי האָבען אויך געבויט שיפען און זיך אַליין גענומען צו האַנדלען און האָבען קאָנקורירט מיט די ענגלישע שיף־בויער און ענגלישע הענדלער.

אין דעם אַכצענטען יאָרהונדערט האָט זיך אין ענגלאַנד אַנט־וויקעלט די פאַבריקאַציע. דער פאַבריקאַנטען־קלאַס איז געוואָרען שטאַרק אין איינפלוס און דער קלאַס האָט אויך געזוכט צו ציען פּראָפיטען פון די קאָלאָניעס. עס איז אַלזאָ צוגעקומען נאָך אַ קראַמף, וואָס האָט געשטרעבט צוריקצוהאַלטען די נאַטירליכע אַנטוויקלונג פון די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. די פאַבריקאַנטען האָ־בען געפאָדערט די רעגירונג זאָל פאַרבאָטען די קאָלאָניעס צו פאַב־ריצירען יענע סחורות, וואָס ענגלאַנד פאַבריצירט כדי די קאָלאָ־ניסטען זאָלען מוזען קויפען ענגלישע וואַרע.

אויף דעם גרונט פון דער דערמאָנטע טעאָריע האָט די ענג־לישע רעגירונג אָנגענומען אַ גאַנצע רייע געזעצען צו באַשרענקען די רעכט און די פרייהייטען פון די קאָלאָניעס. די געזעצען קענען איינגעטיילט ווערען אין דריי גרופען. איין גרופע האָט זיך באַ־צויגען אויף דעם אימפּאָרט און עקספּאָרט פון די קאָלאָניעס. דורך זיי האָט די רעגירונג געזוכט צו פאַרבאָטען שיפען פון פרעמדע לענדער צו ברענגען סחורה אָדער אַרויסצופירען סחורה פון די קאָלאָניעס. אַט די געזעצען זיינען געמאַכט געוואָרען אין די אינ־טערעסען פון די ענגלישע שיף־קאָמפּאַניעס. די צווייטע גרופּע

געזעצען האט געצילט צו העלפען די ענגלישע סוחרים צו קריגען א מאנאפאל אויף דעם האנדעל אין די קאלאניעס. די דריטע גרופע האט פארבאטען צו גרינדען און אנטוויקלען קאנקורירענדע אינדוסטריען אין די קאלאניעס. דורך זיי האט ענגלאנד געוואלט פארזיכערען פאר די ענגלישע פאבריקאנטען א מאנאפאל אויף דעם מארק אין די אמעריקאנישע קאלאניעס.

וואס אנבאלאנגט די ערשטע צוויי גרופען געזעצען האבען די קאלאניסטען, ווי געזאגט, זיך מיט זיי ווייניג וואס גערעכענט. צענדליגער יארען זיינען די געזעצען פארבליבען טויטע בוכשטאבען אין די ביכער. ענגלאנד האט געוואוסט דעם אמת, אבער זי האט געמאכט שוואכע פארזוכען די געזעץ־ברעכער צו באשטראפען. די דריטע גרופע געזעצען זיינען יא מעהר אדער ווייניגער דורכגעפירט געווארען, אבער א דאנק דערפאר איז געקומען די אומשטענדען. די קאלאניסטען האבען נים געהאט דעם קאפיטאל און די ארבייטער צו אנטוויקלען פאבריקאציע אויף א גרויסען מאסשטאב. דערצו איז נאך דעמאלט געווען גענוג פרייע און ביליגע ערד און די קאלאניסטען האבען בעסער זיך גענומען צו פארמערן ווי צו פארדינגען זיך אלס ארבייטער פאר א לוין.

די זיבען יאריגע מלחמה צווישען ענגלאנד און פראנקרייך און דער פרידען מיט וועלכען זי האט זיך געענדיגט האבען פארשארפט די רייבונגען צווישען ענגלאנד און די קאלאניעס. די אלטע וואונדען זיינען דורך דער מלחמה אויפגעוועקט געווארען און פרישע זיינען געשאפען געווארען. נאכ׳ן פרידען האט ענגלאנד זיך דערפילט שטארק גענוג ארויפצוצווינגען אירע געזעצען און איהר הערשאפט אויף די קאלאניעס. די מורא פאר פראנקרייך האט שוין מער נים עקזיסטירט.

פון דער אנדער זייט האט די מלחמה געווירקט אין די קאלאניעס — פעסטער צו מאכען דעם גפיל פון ווידערשטאנד. זי האט אויך נענטער געבראכט די קאלאניעס איינע צו די אנדערע און צוגעגרייט דעם וועג צו א פאראייניגטען ווידערשטאנד.

די עלטסטע און טיפסטע וואונד איז געווען די שמוגליעריי. פארשיידענע געזעצען זיינען געמאכט געווארען אין ענגלאנד צו

פאַרבאָטען די קאָלאָניסטען צו קויפען געוויסע סחורות און פראָ־דוקטען אין פרעמדע לענדער. די געזעצען זיינען קיינמאָל ניט אָפּ־געהיט געוואָרען. ענגלאַנד האָט געוואוסט, אַז די קאָלאָניסטען שמוגלען אריין סחורות און האָט אָנגענומען מיטלען פון צייט צו צייט, אָבער אָן שום רעזולטאַטען. שמוגלעריי איז געווען אַזוי ווייט פאַרשפּרייט, אַז קיינער האָט עס ניט באַטראַכט פאַר אַ פאַרברע־כען. די גרעסטע און שענסטע סוחרים אין די קאָלאָניעס האָבען געשמוגעלט.

אין פאַרלויף פון דער „פראַנצויזישער און אינדיאַנישער מלחמה" איז די שמוגלעריי פאַרטגעזעצט געוואָרען. איצטער אָבער האָט שוין דער פאַרבאָטענער האַנדעל אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון פאַראַט צו ענגלאַנד. דער וויכטיגסטער שמוגעל האַנדעל איז דעמאָלט געווען צווישען די קאָלאָניעס און די פראַנצויזישע אינז־לען אין די וועסט אינדיעס (וועלכע ליגען צווישען נאָרט און סאוט אַמעריקאַ). די קאָלאָניסטען האָבען פאַרקויפט תבואה אין די פראַנ־צויזישע אינזלען און האָבען דאָרטען געקויפט צוקער און סירופּ. דעם קריג געגען פראַנקרייך האָט ענגלאַנד געפירט אין די אינ־טערעסען פון די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. די קאָלאָניסטען האָבען זיך אַליין אין דעם קריג באַטייליגט. זיי האָבען בייגעשטייערט סאָלדאַטען און געלט. אין דער זעלבער צייט אָבער האָבען די סוחרים פון ניו ענגלאַנד פאַרקויפט עסענוואַרג צו די פראַנצויזען. וואָס לענגער די מלחמה האָט זיך געצויגען, אַלץ העכער איז גע־שטיגען דער יקרות אויף תבואה און אַלץ גרעסער זיינען געוואָרען די מעגליכקייטען צו מאַכען פראָפיטען דורך האַנדעל מיט'ן שונא און אַלץ מער זיינען די קאָלאָניסטישע סוחרים אין דעם האַנדעל פאַרקאָכט געווען.

די ענגלישע רעגירונג האָט געשיקט שטרענגע באַפעלען צו אירע גאָווערנאָרס אין די קאָלאָניעס זיי זאָלען דעם פאַררעטערי־שען האַנדעל אָפּשטעלען, אָבער די גאָווערנאָרס האָבען ענטוועדער ניט געוואָלט אָדער ניט געקענט העלפען. די גאָווערנאָרס פון קאָ־נעקטיקוט און פון ראָוד איילאַנד האָבען אפילו געהאַט די העזה

צו ענטפערען, אז די גאנצע מעשה איז א ליגען, אז מען מאכט א בלבול אויף די אומשולדיגע פאטריאטישע סוחרים.

דער גאווערנאר פון מאסאטשוזעטס איז געווען דער איינציגער וואס האט יא אן ערנסטען פארזוך געמאכט די שמוגלעריי אפצושטעלען און דער פארזוך האט געפירט צו דעם ערשטען אויסברוך פון רעוואלוציאנערע ליידענשאפט אין דער קאלאניע.

איינער פון די ווירקזאמסטע מיטלען וואס דער גאווערנאר פון מאסאטשוזעטס האט אנגעווענדעט געגען די שמוגלערס איז געווען דער „ריט אוו עסיסטענטס“, א מין וואראנט, א באפאלמעכטיגונג פאר די האפען־באאמטע זיך אריינצוברעכען אין יעדען פארדעכטיגען פלאץ און זוכען אריינגעשמוגעלטע סחורה. לויט דער קאנסטיטוציע פון ענגלאנד האט א ריכטער ניט געטארט ארויסגעבען א וואראנט פאר אן אבלאזיע סיידען אין וואראנט איז אנגעוויזען געווארען דער אדרעס וואו די אבלאווע דארף פארקומען און עס איז אויך אין אים אנגעצייכענט געווארען די סארט סחורה וואס ווערט פארדעכטיגט אלס קאנטראבאנד. דער ענגלישער פארלאמענט אבער האט באפאלמעכטיגט דעם קעניג ארויסצוגעבען ספעציעלע „ריטס אוו עסיסטענס“ אין אויסערגעוויינליכע פאלען וועלכע ערלויבען באאמטע צו מאכען אבלאוועס וואו נאר זיי ווילען און פארכאפען וואס פאר א סחורה זיי געפינען. אט מיט די „ריטס“ האט זיך עס איצטער באנוצט דער גאווערנאר פון מאסאטשוזעטס. געטאן האט ער עס אוים נויט. די פראקטיק האט אים געלערענט, אז ווען אין א וואראנט ווערט אנגעגעבען דער אדרעס וואו די אבלאווע דארף פארקומען האט מען קיין אבלאווע ניט געקענט מאכען. די אנגעשטעלטע זיינען געווען אין סימפאטיע מיט די שמוגלערס און זיי פלעגען שוין באצייטענס צו וויסען טאן דעם פארדעכטיגטען און די געשמוגעלטע סחורה פלעגט פארשוואונדען ווערען איידער די אבלאווע־מאכער זיינען געקומען.

די סוחרים פון מאסאטשוסעטס האבען פון די „ריטס“ שטארק געליטען. זיי האבען באשלאסען זיי צו באקעמפען. אין 1760 איז דער ענגלישער קעניג געשטארבען. אזוי ווי די „ריטס“ זיינען ארויסגעגעבען געווארן אין דעם קעניג׳ס נאמען איז עס נויטיג

געוועז זיי איצטער צו באנייען אין נאמען פון דעם נייעם קעניג. אט מיט דער געלעגענהייט האבען זיך די מאסאטשוזעטסער הענדלער באנוצט די גאנצע פראגע אריינצוטראגען אין געריכט.

דער פראצעס איז פארגעקומען פאר די העכסטע ריכטער פון דער מאסאטשוזעטסטער קאלאניע אין מאנאט פעברואר, 1761. דער הויפט פראקוראר פון דער קאלאניע האט פארטיידיגט די „ריטס”. זיין טענה איז געווען, אז דער ענגלישער פארלאמענט האט א רעכט צו מאכען געזעצען אפילו געגען דער ענגלישער קאנסטיטוציע, אז דער פארלאמענט הייסט עס, שטייט העכער ווי די קאנסטיטוציע אפילו. געענטפערט אים האט א יונגער אדוואקאט מיט'ן נאמען דזשיימס אטיס. די רעדע זיינע ווערט פון פיל היסטאריקער באטראכט אלס דער ערשטער סיגנאל צו דער רעוואלוציע. קיין אפשריפט פון דער רעדע איז ניט פארבליבען. עס איז אפילו אין ערגיץ ניט פארשריבען געווארען קיין איינציגע פראזע פון איר. מען ווייס אבער, אז זי האט אויפגעשטורעמט די גאנצע קאלאניע און אז דער יונגער אטיס איז געווארען גלייך דער העלד פון טאג. ביי די נעקסטע וואלען האט אים באסטאן אויסגעקליבען אלס איינעם פון אירע פיר פארטרעטער אין דעם רעפרעזענטאנטען־הויז פון דער קאלאניע. דזשאן עדעמס, איינער פון די וויכטיגסטע אנפירער פון דער רעוואלוציע, איז נאך דעמאלט געווען גאר א יונגערמאן. ער איז אנוועזענד געווען אין געריכט ביים פראצעס און אט ווי ער האט א סך יארען שפעטער אין זיינע עראינערונגען געשילדערט דעם איינדרוק וואס אטיס'עס רעדע האט אויף אים געמאכט:

„אטיס איז געווען א פלאם פייער. מיט זיין רעדע איז געבוירען געווארען די אמעריקאנער זעלבשטענדיגקייט. די קערנדלאך פון פאטריאטען און העלדען זיינען דאן פארזייט געווארען. יעדער איינער אין דעם געפאקטען געריכט־זאל איז גרייט געווען צו נעמען וואפען און די הענט און ארויסגיין אין קאמף געגען די „ריטס”. דארט און דעמאלט האט זיך אפגעשפילט די ערשטע סצענע אין דעם ערשטען אקט פון דעם אויפשטאנד געגען ענגלאנד. אט דעמאלט, אין יענעם געריכט, איז דאס קינד פון אמעריקאנער אומ־

אפהענגיגקייט געבוירען געווארען. פופצען יאר שפעטער, אין 1776 איז דאס קינד אויפגעוואקסען און זיך דערקלערט אבסאלוט פריי."

דזשיימס אטים איז שפעטער געווען איינער פון די הויפט טאן־געבער אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג.

וואס אנבאלאנגט דעם פראצעס האבען די סוחרים אים, פאר־שטייט זיך, פארלארען. אטים'ס רעדע האט אויף אזוי פיל גע־ווירקט אבער, אז די ריכטער האבען מורא געהאט זייער אורטייל ארויסצוגעבען גלייך. זיי האבען זיך פריער אנגעפרעגט אין ענג־לאנד. דער ענטפער וואס זיי האבען באקומען האט געלויטעט. אז די „ריטס" זיינען געזעצליך. אזוי איז דאס געבליבען.*)

דער האנדעל מיט די פראנצויזישע און שפאנישע אינזלען אין די וועסט אינדיעס איז פאר די קאלאניסטען געווען פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. די קאלאניעס פון ניו ענגלאנד, פון ניו יארק און פון פענסילוויינאיא וואלטען אן דעם האנדעל פשוט ניט געקענט אויסקומען. די קאלאניעס פון דער סאוט, ווי צום בייש־פיל, ווירדזשיניא און די קאראליינאס האבען געהאט פראדוק־טען אין וועלכע ענגלאנד האט זיך גענויטיגט. ווירדזשיניא האט פאר די קליידער, געצייג און מעבעל, וואס זי האט געקויפט אין ענגלאנד געצאלט מיט טאבאק. די קאראליינאס האבען פאר דעם געצאלט מיט רייז. די קאלאניעס פון דער נארט האבען אבער אזוינע פראדוקטען ניט געהאט. אויף זייערע פעלדער איז געוואק־סען תבואה. זיי האבען געהאדעוועט אקסען אויף פלייש, אבער

*) אינטערעסאנט דערביי איז צו באמערקען, אז אין דער איצטי־גער אמעריקא ווערט אטיס'עס שטאנדפונקט באטראכט אלס קאנסערוואטיוו און דער שטאנדפונקט פון דעם גאווערנאר אלס ראדיקאל. די ראדיקאלען אין אמעריקא טענה'ן איצטער, אז די קאנסטיטוציע טאר ניט שטיין העכער ווי דער קאנגרעס, אז דער קאנגרעס טאר ניט זיין געבונדען דורך די פארגליווערטע געזעצען אין דער קאנסטיטוציע. פונקט אזוי האט גע־טענה'ט דעמאלט דער ענגלישער פראקוראר. ער האט געזאגט, אז דער פאר־לאמענט האט א רעכט צו מאכען געזעצען געגען דעם גייסט פון דער קאנ־סטיטוציע. אטיס האט פארטיידיגט דעם פארקערטען שטאנדפונקט, אז די קאנסטיטוציע איז הייליגער און מעכטיגער פאר'ן פארלאמענט, א שטאנד־פונקט וואס קאנסערוואטארען פארטיידיגען איצטער אין אמעריקא.

עסענוואַרג האָט ענגלאַנד דעמאָלט געהאַט אייגענע איבער גענוג.
זי האָט עס ניט געדאַרפט אימפּאָרטירען פון אויסלאַנד. עס איז
פאַר די קאָלאָניעס געבליבען בלויז איין אויסוועג — פאַרקויפען
די תבואה און די פלייש אין די וועסט אינדיעס וועלכע האָבען זיך
גענויטיגט אין דעם, דאָרטען קויפען סירופ, צוקער און אַנדערע
ענליכע פּראָדוקטען און דערמיט צאָלען ענגלאַנד. אין צוקער און
סירופ האָט זיך ענגלאַנד יאָ גענויטיגט.

אמת, אין די וועסט אינדיעס זיינען אויך געווען איינינע ענג־
לישע אינזלען מיט וועלכע די קאָלאָניסטען האָבען געמעגט האַנד־
לען. אָבער די עטליכע ענגלישע אינזלען האָבען געקענט קויפען
בלויז אַ דריטעל פון די פּראָדוקטען וואָס די קאָלאָניעס האָבען
עקספּאָרטירט. ווען די קאָלאָניעס וואָלטען באַגרעניצט זייער האַנ־
דעל בלויז אויף די ענגלישע אינזלען וואָלט צוויי דריטעל פון זייער
האַנדעל אונטערגעגאַנגען.

און דערפאַר איז פאַר ענגלאַנד אוממעגליך געווען דעם אומ־
געזעצליכען האַנדעל אָפּצושטעלען. אירע באַאַמטע אין אַמעריקא
האָבען דאָס פאַרשטאַנען און אָנשטאָט צו באַשטראָפען די שמוג־
לערס האָבען די באַאַמטע בעסער גענומען כאַבאַר און געמאַכט
אַ שווייג. ווען אימיצער אין די קאָלאָניעס האָט געוואָגט מסר'ן,
פלעגט ער ריזיקירען מיט זיין לעבען. ער איז באַטראַכט געוואָרען
אַלס פאַררעטער און ער פלעגט אַלס אַזוינער פאַרפאָלגט ווערען
פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. ווען אַ שמוגלער פלעגט אַמאָל
געשטעלט ווערען צום געריכט פלעגט די זשורי אים באַפרייען. די
זשורי פלעגט געוויינליך זיין צונויפגעשטעלט פון סוחרים וואָס
פלעגען אַליין שמוגלען.

אַזוי איז עס געגאַנגען ביז נאָכ'ן לעצטען קריג מיט פראַנק־
רייך. געליטען פון דער שמוגלעריי האָט די ענגלישע רעגירונג, ווייל
זי האָט דורך דעם פאַרלוירען אַ ערך פון אַ האַלבען מיליאָן דאָ־
לאַר אַ יאָר אין טאַריף אָפּצאָלונגען און געליטען האָבען אויך די
ענגלישע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע האָבען געהאַט גרויסע צוקער
פּלאַנטאַציעס אין די וועסט אינדיעס. אין 1764, גלייך נאָכדעם ווי
דער פרידען מיט פראַנקרייך איז געשלאָסען געוואָרען, האָט די

ענגלישע רעגירונג באשלאסען איין מאל פאר אלע מאל די שמוג־לעריי צווישען די קאלאניעס און די פרעמדע אינזלען אין די וועסט אינדיעס אפצושטעלען. די רעגירונג איז געווען אויפגעבראכט אויף די שמוגלערס פאר העלפען דעם שונא אין די מלחמה יארען, און דערצו זיינען די רייכע פלאנטאציע אייגענטימער געווען נאנטע מחותנים מיט דער רעגירונג און זיי האבען אויסגענוצט זייער איינפלוס.

דאס געזעץ פון 1764 האט געזוכט די שמוגלעריי אפצושאפען טיילווייז מיט גוטען און טיילווייז מיט בייזען. דער טאריף אויף אימפארטירטע צוקער און סירופ פון די פראנצויזישע און שפא־נישע אינזלען איז געשניטען געווארען אויף העלפט. דאס האט געזאלט פארקלענערען דעם פארלאנג נאך שמוגלעריי. דאס איז געווען דער פריינדליכער מיטעל. דער בייזער מיטעל איז באשטא־נען אין די פאלגענדע פונקטען: שמוגלער זאלען ניט גע'משפט ווערען אין די קאלאניסטישע געריכטען. מען זאל זיי ברענגען אין די מיליטערישע געריכטען פון דער פלאטע; די טאריף אפצאלונ־גען זאלען אויפגעמאנט ווערען פון די אפיצירען אין דער פלאטע, ניט פון ציוויל באאמטע; טאריף־אפצאלונגען און שטראף פאר שמוגלען זאלען באצאלט ווערען ניט מיט פאפיר געלט, נאר מיט גאלד אדער זילבער געלט. די ענגלישע רעגירונג האט אין דער זעל־בער צייט געשיקט קריגס שיפען צו באוואכען די אמעריקאנער ברעגען און אויך א גרויסע צאל באאמטע צו קאנטראלירען די הא־פענס. די גאווערנארס האבען באקומען שטרענגע באפעלען, שטרענג דורכצופירען דאס נייע טאריף־געזעץ.

דאס נייע געזעץ און די שטרענגע מיטלען וואס זיינען אנ־געווענדעט געווארען אריינצוברענגען עס אין קראפט האבען שטארק אויפגערעגט די קאלאניסטישע סוחרים. אפילו אין ענגלאנד זיי־נען מאנכע געווען מיט דער מיינונג, אז די רעגירונג האט איבער־געכאפט די מאס.

דער צווייטער קאנפליקט צווישען די קאלאניעס און דער ענג־לישער רעגירונג איז ארויסגעוואקסען פון דער פראגע וועגען דאס

לײדיגע לאַנד וואָס איז געלעגען הינטער די גרעניצען פון די קאָלאָניעס. די פראַגע איז זייער אַ פאַרפלאָנטערטע. איבער איר זײנען אין צוזאַמענשטויס געקומען פאַרשיידענע גרופען און קלאַסען אין יעדער קאָלאָניע באַזונדער, די קאָלאָניעס איינע מיט די אַנדערע און אַלע קאָלאָניעס צוזאַמען מיט ענגלאַנד. און אין דעם פלאָנטער האָט זיך נאָך אַריינגעדרייט אַ צווייטע פראַגע. די פראַגע פון די אינדיאַנער, וועלכע האָבען געוואוינט אויפ'ן לאַנד הינטער די קאָלאָניעס. די שטעלונג פון די קאָלאָניעס צו די אינדיאַנער איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע ווי די שטעלונג פון דער ענגלישער רעגירונג צו די אינדיאַנער. און דאָס האָט דעם פלאָנטער פון דער לאַנד־פראַגע געמאַכט נאָך מער פאַרפלאָנטערט.

פריער וועגען דעם קאָנפליקט צווישען די גרופען און קלאַסען אין די קאָלאָניעס גופא. די גרעסטע צאָל קאָלאָניסטען זיינען געווען פאַרמער און זיי האָבען שטענדיג געזוכט ניי לאַנד. וואָס גרעסער ס'איז געוואָרען די פאַמיליע אַלץ מער האָט זי זיך גענויטיגט אין לאַנד. איבערהויפט איז דאָס געווען דער פאַל אין ניו ענגלאַנד וואו די ערד איז ניט פרוכטבאַר. דער דראַנג נאָך ליידיגען לאַנד אין דער וועסט איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. צווישען די יאָרען 1760 און 1774 האָבען פון קאָנעקטיקוט אַליין עמיגרירט אין דער וועסט אַן ערך פון דרייסיג טויזענט פערזאָן. אין די זעלבע פערצען יאָר זיינען אין ניו העמפשיר געגרינדעט געוואָרען אַרום הונדערט נייע שטעטלאַך. עס פאַרשטייט זיך, אַז די לאַגע איז אויסגענוצט געוואָרען פון קאַפּיטאַליסטען און רעגירונגס־באַאַמטע. עס האָבען זיך אָרגאַניזירט לאַנד־קאָמפּאַניעס, וועלכע האָבען אַריינגעקראָגען אין זייערע הענט מיליאָנען אַקער לאַנד. זיי האָבען דאָס לאַנד אַריינגעכאַפּט דורך פאַרשיידענע מיטלען, מאַנכע האָבען דאָס אויסגעשווינדעלט ביי די אינדיאַנער, מאַנכע האָבען עס געקראָגען „געשענקט” פון דער רעגירונג. אין דער ניו העמפשיר קאָלאָניע האָט דער גאָווערנאָר ווענטוואָירט צוטיילט צוויי הונדערט שטרעקעס לאַנד צו פאַרשיידענע גרופען קאָלאָניסטען. נעבען יעדער פון די שטיקער אָוועקגעשענקטע לאַנד האָט ער פאַר זיך גענומען פינף הונדערט אַקער. זיין חשבון איז

געווען אזא: דורך דעם וואס די קאלאניסטען וועלען זיך באזעצען אויף זייער לאנד וועט זיין לאנד וואס איז גראד דערביי טייערער ווערען. ביי די קאלאניסטען האט ער אויך גענומען וויפיל עס האט זיך נאר געלאזען. אין 1740 איז אט דער ווענטוואירט געווען א באנקראטירטער סוחר אן א סענט געלט, און אין 1760, מיט צוואנציג יאר שפעטער, איז ער געווען איינער פון די רייכסטע מענשען אין לאנד. דאס געלט האט ער געמאכט אט פון דער קונציגער לאנד באפעריי און לאנד ספעקולאציע. אין ווירדזשיניא האבען פארשיידענע לאנד קאמפאניעס באקומען פון דער רעגירונג צוויי מיליאן אקער לאנד. די גרעסטע פון די דאזיגע קאמפאניעס איז געווען די „אהייא לענד קאמפאניע", אין וועלכער דזשארדזש וואשינגטאנ'ס פאמיליע האט א גרויסען חלק געהאט. אין קאנעקטיקוט האט זיך ארגאניזירט די סאסקוועהאנא און דעלווער לענד קאמפאני, וועלכע האט פארקאפט שטיקער לאנד אין און ארום פענסילווייניא.

דער ערשטער קאנפליקט איז ארויסגעקומען צווישען די קאמפאניעס און די ארימע קאלאניסטען. די קאמפאניעס האבען אריינגעכאפט די ערד אין זייערע הענט און געפאדערט רענט אדער „מארטגיידזשעס" (היפאטעקען) פון די פארמער וואס האבען זיך נאך פריער אויף דער ערד באזעצט און איר מיט זייער בלוט און שוויים באארבייט. אבער אויך צווישען די רייכע קלאסען זיינען פארגעקומען צוזאמענשטויסען צוליב דער קאלאניזאציע אויף דער ליידיגער ערד אין דער וועסט. ערשטענס, זיינען געווען די פוטער־הענדלער, וועלכע האבען געקויפט פעל ביי די אינדיאנער אין די וועלדער הינטער די קאלאניעס. די הענדלער האבען געזען א געפאר פאר זייער גאנצען געשעפט דורך דער פארשפרייטער קאלאניזאציע. די ווייסע קאלאניסטען האבען אויסגעהאקט די וועלדער און פארטריבען פון דארטען אי די חיות, וואס האבען די פוטער־פעל געטראגען, אי די אינדיאנער וואס פלעגען די חיות פאנגען און פון זיי די פעל אראפציען. די פוטער־הענדלער האבען געוואלט, אז די קאלאניעס זאלען זיך באנוגענען מיט דער ערד ביי די ברעגען פון דעם אטלאנטישען ים און איבערלאזען דאס הינטער־לאנד אין דעם פרימיטיווען, ווילדען צושטאנד. צווייטענס, איז צווישען די

לאנד ספעקולאנטען גובא געווען צוויי געגנערישע גרופען. אייניגע קאמפאניעס, די עלטערע, האבען געהאט זייער לאנד נענטער און אנדערע, די נייערע, האבען זייער לאנד געהאט ווייטער, צו מערב צו. די עלטערע קאמפאניעס האבען געוואלט, אז מען זאל פארווערען די קאלאניסטען אוועקצוואנדערען צו ווייט פון די אלטע שטעט און שטעטלאך. די ערד וואס איז געלעגען ווייט איבער די גרעניצען איז, פארשטייט זיך, געווען ביליגער, האבען די אלטע קאמפאניעס מורא געהאט פאר קאנקורענץ. די נייע קאמפאניעס האבען, פארקערט, געשריען אז מען טאר די קאלאניסטען קיין דעה ניט זאגען וואו צו באזעצען זיך.

די קאלאניעס צווישען זיך האבען איבער דאס „הינטער־לאנד" געהאט ערנסטע און אמאל אפילו בלוטיגע צוזאמענשטויסען. קיין באשטימטע גרעניצען האט קיינער פון די קאלאניעס ניט געהאט. יעדע פון זיי האט געזוכט ארייינצוכאפען וואס מער לאנד. עס האט זיך, צום ביישפיל, אין קאנעקטיקוט ארגאניזירט א לאנד קאמפאניע מיט'ן נאמען „דהי סאסקוועהאנא קאמפאניע". די רעגירונג פון קאנעקטיקוט האט איר געגעבען א גרויסע שטרעקע לאנד, וואס איז טיילווייז געלעגען אין פענסילווייניא. עס פארשטייט זיך, אז פענסילווייניא האט געגען דעם פראטעסטירט. דער גאווערנאר פון ניו העמפשיר האט פארקויפט שטיקער לאנד וואס זיינען גאר געלעגען אין ווערמאנט. מאסאטשוזעטס האט באזעצט גרופען קאלאניסטען אין מעין. אזוי האבען זיך די קאלאניעס געריסען צווישען זיך און געשיקט קיין ענגלאנד קלאגען איינע געגען די אנדערע.

פאר דער לעצטער מלחמה מיט פראנקרייך האט די ענגלישע רעגירונג אין די סכסוכים זיך ניט געמישט. זי האט געדולדיגט די רייסערייען און זיך געמאכט ניט וויסענדיג פון דעם וואס יעדע קאלאניע האט פאר זיך אליין באשטימט די גרעניצען ניט אנפרעגענדיג זיך ביי ענגלאנד. די מלחמה און דער פרידען האבען אבער באוואויגען דער ענגלישער רעגירונג צו ענדערען איר פאליטיק און צו שטעלען די לאנד פראגע אין גאנצען אונטער איר קאנטראל.

אין די מלחמה יארען האט די ענגלישע רעגירונג גענומען גע־

וויסע שריטע ניט צוליב זיך, נאר צוליב די אינדיאנער. די אינ־דיאנער האבען געהאלפען די פראנצויזען און פאראנטווארטליך פאר דעם איז געווען די גרויזאמע און נידערטרעכטיגע באהאנד־לונג וואס די אינדיאנער האבען באקומען פון די ענגלישע קאלא־ניסטען. די קאלאניסטישע פוטער־הענדלער האבען די אינדיאנער בא'גנב'ט און בא'גזל'ט. זיי האבען די אינדיאנער אפגענארט אין וואג און אין מאס און אין חשבון. די לאנד קאמפאניעס האבען געטאן דאסזעלבע. זיי האבען ביי די אינדיאנער אויסגעשווינדעלט און אוועקגערויבט די בעסטע שטיקער ערד. אט איז א ביישפיל. אין יאר 1755 האט די סאסקוועהענא קאמפאניע דורך אירען אז אגענט, א געוויסען דזשאן לידיאס, אפגעקויפט ביי די אינדיאנער צוויי הונדערט קוואדראט מייל לאנד. ווי אזוי האט ער דעם מסחר דורכגעפירט? דערויף האט געענטפערט א קאנפערענץ פון עלף הונדערט אינדיאנער, וועלכע איז פאררופען געווארען צו פראטעס־טירען געגען דעם. צו דער קאנפערענץ זיינען איינגעלאדען געווארען די פארשטייער פון דער ענגלישער רעגירונג און פון דער קענטאק־קיער קאלאניע. דער אגענט לידיאס איז אויך אנוועזענד געווען. האט זיך דארטען אן אינדיאנישער „טשיף" אויפגעשטעלט און אזוי געזאגט: „דער מאן וואס זיצט דא (טייטלענדיג מיט'ן פינגער אויף לידיאס) איז א טייוועל. ער האט ביי אונז דאס לאנד אוועק־גערויבט. ער איז געגאנגען צו די אינדיאנער איינציגווייז, האט זיי אנגע'שכור'ט, זיי אריינגעלעגט געלט אין בוזים און זיי איינגע־רעדט אונטערצושרייבען פאפירען. מיר וועלען אזוינע שווינדלע־רייען ניט גוטהייסען."

די אינדיאנער זיינען געווען מאכטלאז געגען די ענגלישע קא־לאניסטען. דער באשווינדעלטער האט קיין גערעכטיגקייט ניט גע־קענט קריגען. כדי צו גיין אין געריכט האט ער געמוזט דינגען א „ווייסען" אלס אדוואקאט און אים גוט באצאלען. דאן ערשט האט ער געמוזט ווארטען א יאר צייט ביז'ן פראצעס. דאס געריכט איז געווען ערגעץ ווייט, הונדערטע מייל פון דעם אינדיאנישען ישוב. ביים פראצעס האט דער ריכטער ניט צוגעלאזען קיין אינדיאנער אלס עדות. אינדיאנער האבען אלזא געוואוסט, אז גיין אין גע־

ריכט הייסט פארשוואונדען געלט און צייט און און צום סוף גאר־
ניט געווינגען. האבען זיי זיך גאר ניט געוואלט מיאוס מאכען.

פון צייט צו צייט האבען זיך אינדיאנישע שבטים באקלאגט
פאר דער ענגלישער רעגירונג און געקראגען הבטחות. אבער מער
ווי צוזאגען האט די ענגלישע רעגירונג גארניט געטאן. עס איז קיין
וואונדער ניט וואס אין יעדער מלחמה צווישען ענגלאנד און
פראנקרייך זיינען די אינדיאנער געשטאנען אויף דער זייט פון די
פראנצויזען. זיי פלעגען זיך באנוצען מיט דער געלעגענהייט צו
מאכען פאגראמען אויף די ענגלישע קאלאניסטען, וועלכע זיי האָ־
בען אזוי בימער געהאסט.

אין דער לעצטער מלחמה האט ענגלאנד געזוכט מיט אלע
מיטלען די אינדיאנער אריבערצוגעווינען אויף איר זייט. זי האט
פאר מאנכע פון די שבטים באוויליגט סומען געלט. זי האט אויך
פארזיכערט די אינדיאנער אז זי וועט מער ניט ערלויבען די קאָ־
לאניסטען אוועקצונעמען פון זיי לאנד. אין 1761 האט טאקע דער
ענגלישער גענעראל אין פענסילווייניא ארויסגעגעבען א באפעל
אז ווייסע זאלען זיך ניט טארען באזעצען אויפ'ן לאנד וואס ליגט
אויף דער אנדער זייט פון די אליגהעני־בערג. דער באפעל האט
ארויסגערופען א שטורם פון פראטעסטען צווישען די ערד־ספעקו־
לאנטען און די קאלאניעס. זיי האבען באשלאסען דעם באפעל צו
איגנארירען. נאכדעם ווי די מלחמה האט זיך געענדיגט האט זיך
די ספעקולאציע אויף לאנד פאנאנדערגעבליט נאך שטארקער ווי
פריער. לאנד־קאמפאניעס האבען פארכאפט הונדערטער מיילען
פון דעם אינדיאנישען ישוב און דאס לאנד פארקויפט צו ארימע
פארמער. טויזענטער מענער און פרויען האבען זיך גענומען ארי־
בערציען אהין. די שווינדלערייען געגען די אינדיאנער זיינען ווײ־
טער געטריבען געווארען נאך מיט מער אפעטיט ווי ווען עס איז
פריער.

דערווייל האט די ענגלישע רעגירונג אנגעפאנגען אויסצואר־
בייטען א באשטימטע פאליטיק בנוגע דעם לאנד וואס איז גע־
לעגען הינטער אירע אלטע קאלאניעס, דאס לאנד וואס זי האט
ערשט פון די פראנצויזען אפגענומען. די ענגלישע רעגירונג האט

איצטער באַשלאָסען אויפצובויען אין אַמעריקאַ אַ ריזיגע אימפּעריע וואו עס זאָל געשאַפען ווערען אַ מאַרק פאַר ענגלישע סחורה. די פּראָגראַם פון דער נייער פּאָליטיק האָט אויסגעאַרבייט לאָרד שעלבורן, אַ קאַבינעט־מיניסטער. ער איז געווען גרינטליך באַקאַנט מיט די אומשטענדען אין אַמעריקאַ. זיין פּראָגראַם איז באַשטאַנען פון דריי פּונקטען: 1) דאָס ליידיגע לאַנד הינטער די קאָלאָניעס זאָל געשטעלט ווערען אונטער דער הערשאַפט פון דער ענגלישער רעגירונג. 2) די קאָלאָניעס זאָלען דאָרטען מער ניט טאָרען פאַרנעמען קיין ערד. 3) עס זאָל געשיקט ווערען אַן אַרמיי פון צען טויזענט ענגלישע סאָלדאַטען צו האַלטען אָרדנונג אין די קאָלאָניעס און ביי די גרעניצען. דער פּלאַן האָט געדאַרפט איבערגעשיקט ווערען צו די גאָווערנאָרס אין די קאָלאָניעס אין מאָנאַט אָקטאָבער 1763. אבער איידער מען האָט באַוויזען דאָס צו טאָן האָט אין אַמעריקאַ אויסגעבראָכען אַ נייער אינדיאַנער אויפשטאַנד. דער אינדיאַנישער טשיף פּאָנטיאַק האָט דעם אויפשטאַנד געפירט. ער איז באַפאַלען די דערפער און שטעטלאַך ביים גרעניץ פון די אַלטע קאָלאָניעס און זיי אין גאַנצען פאַרניכטעט.

די ענגלישע רעגירונג האָט איצטער גענומען אַ פעסטען שריט. זי האָט געשיקט אַ באַפעל, אַז קיין ווייסע טאָרען זיך ניט באַזעצען אויף דער אַנדער זייט פון די בערג, און אַז קיינער אויסער די ענגלישע רעגירונג טאָר ביי די אינדיאַנער מער קיין ערד ניט קויפען.

דער באַפעל האָט געטראָפען אַ גרויסע צאָל קאָלאָניסטען, אַי רייכע, אַי אָרימע. די רייכע וואָס זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין די לאַנד קאָמפּאַניעס האָבען געזען אין דעם באַפעל אַ געפאַר צו פאַרלירען גרויסע פאַרמעגענס. פיל טויזענטער אָרימע פאַרמער האָבען שוין געהאַט אָפּגעקויפט שטיקלאַך ערד אין דער נייער טעריטאָריע און האָבען שוין געמאַכט אַלע הכנות אַרויסצופאָרען אַהין. מאַנכע האָבען שוין דאָרט אַפילו געוואוינט. די אַלע מענשען זיינען איצטער געבליבען ווי אויפ'ן וואַסער.

די ענגלישע רעגירונג האָט געוואָלט איין מאָל פאַר אַלע מאָל ברענגען אָרדנונג אין דער פאַרפּלאָנטערטער לאַנד־פראַגע. זי האָט אויך געוואָלט באַרוהיגען די אינדיאַנער און אָפּשטעלען די אומ־

גערעכטיגקייטען, וואס די ווייסע זיינען געגען זיי באגאנגען. אבער מיט דעם דאזיגען, אין גרונט גערעכטען פארזוך האט זי בלויז אויפגעוועקט געגען זיך דעם צארן פון פארשיידענע קלאסען און שיכטען אין אמעריקא. דער דאזיגער שריט אירער האט א היבש ביסעל בייגעשטייערט צו שאפען די רעוואלוציאנערע שטימונג, וועלכע האט זיך דאן גענומען פארשפרייטען אין לאנד.

.3

# דער ערשטער אָפּענער צוזאַמענשטויס — דער „סטעמפּ עקט“

דער ערשטער ערנסטער צוזאַמענשטויס צווישען ענגלאַנד און אירע אַמעריקאַנער קאָלאָניעס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1765 איבער דער פראַגע פון שטייערן. דער עפּיזאָד איז באַקאַנט אין דער געשיכטע אונטער׳ן נאָמען די „סטעמפּ עקט“ (דאָס געזעץ פון מאַרקעס). פון דעמאָלט אָן צעשיידען זיך די וועגען פון די צוויי צדדים. די קאָלאָניסטען קערען זיך אָפּ פון פאַטערלאַנד און פאַרנעמען זיך אין דער ריכטונג פון דער רעוואָלוציע. די פראַגע איז געווען: צי האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט דאָס רעכט אַרויסצולייגען צינזען אויף די קאָלאָניעס. ביז יענער צייט האָט זיך געפירט אַזוי: ווען די ענגלישע רעגירונג האָט זיך גענויטיגט אין געלט פאַר קאָלאָניסטישע צוועקען, פלעגט זי זיך ווענדען צו די גאָווערנאָרס אין די קאָלאָניעס זיי זאָלען די צינזען זאַמלען. די גאָווערנאָרס פלעגען פאָרלעגען די בקשה פאַר די קאָלאָניסטישע אַסעמבלים און זיי, די אַסעמבלים, פלעגען באַשטימען צינזען און פלעגען די צינזען זאַמלען. גאַנץ אָפט פלעגט פּאַסירען. אַז אַ קאָלאָניע האָט דעם פאַרלאַנג פון דעם גאָווערנאָר צוריקגעוויזען, אָדער זי פלעגט באַוויליגען דעם פאַרלאַנג בלויז לפּנים וועגען, אויפ׳ן פּאַפּיר. עס האָט זיך אַ סך געווענדט אָן דעם, וועלכע באַציאונגען עס האָבען געהערשט צווישען דעם גאָווערנאָר און דער אַסעמבלי. אין פאַרלויף פון דער מלחמה מיט פראַנקרייך האָט ענגלאַנד אַזוינע ערפאַרונגען געהאַט עטליכע. זי האָט זיך דורך אירע גאָווערנאָרס געווענדט צו די קאָלאָניעס נאָך געלט און נאָך סאָלדאַ-

טען און בלויז עטליכע קאלאניעס זיינען דעם פארלאנג נאכגעקומען. און מיט די עטליכע איז עס אויך אנגעקומען גאנץ שווער.

נאך דער מלחמה האט ענגלאנד באשלאסען צו ענדערען די אלגעמיינע פאליטיק בנוגע די אמעריקאנער קאלאניעס. זי האט זיך געשטעלט פאר איר איפגאבע צו ברענגען די קאלאניעס אונטער א שטרענגער קאנטראל. די דריי וויכטיגסטע מיטלען וואס זי האט אנגעווענדעט פאר דעם צוועק זיינען געווען: 1) דאס צוקער־געזעץ, 2) דער לאנד פראיעקט, און 3) דער „סטעמפ עקט".

ווענען די ערשטע צוויי האבען מיר שוין גערעדט אין פאריגען קאפיטעל. דאס צוקער־געזעץ האט געהאט א דאפעלטען ציל. ערשטענס, א סוף צו מאכען צו דעם שמוגלען, און צווייטענס, צו קריגען א ביסעל געלט פאר דער ענגלישער קאסע. דער לאנד־פראיעקט איז באשטאנען אין דעם, וואס די ענגלישע רעגירונג האט אוועקגענומען פון די איינצעלנע קאלאניעס דאס רעכט צו האנדלען מיט דער לייזיגער ערד הינטער זייערע גרעניצען. ענגלאנד האט אויף זיך אויך גענומען די אויפגאבע צו באשיצען די אינדיאנער געגען די קאלאניסטען און די קאלאניסטען געגען די אינדיאנער. כדי דאס דורכצופירען האט זי געשיקט אן ארמיי פון צען טויזענט סאלדאטען צו באוואכען די גרעניצען.

אבער אויפצוהאלטען אזא ארמיי אין אמעריקא איז געווען פארבונדען מיט גרויסע הוצאות. ווער זאל די הוצאות דעקען? די מלחמה מיט פראנקרייך האט איבערגעלאזט א שווערע מאסע פון חובות אויף ענגלאנד'ס אקסלען. ענגלאנד איז שולדיג געבליבען 140 מיליאן פונט, אן ערך פון דריי פערטעל ביליאן דאלאר. די גאנצע ענגלישע באפעלקערונג איז דעמאלט באשטאנען פון אכט מיליאן מענשען. פאר אזא קליין פאלק איז אין יענע יארען אזא חוב געווען אן אומגעהייערער יאך. די צינזען אין ענגלאנד זיינען טאקע געווען אומערטרעגליך. די ענגלישע רעגירונג האט אפילו ניט געקענט טראכטען ווענען ארויפציען אויף זיך די פרישע הוצאות פון אויפהאלטען אן ארמיי אין אמעריקא.

איז באשלאסען געווארען אז די הוצאות זאלען געדעקט ווערען פון די קאלאניסטען. די ענגלישע רעגירונג האט דערקלערט, אז אן

אזא ארמיי וועלען די קאלאניסטען זיין שטענדיג אין סכנה באפאַ־לען צו ווערען פון די אינדיאנער און פיליכט אויך פון די פראנ־צויזען. אין לאנד זיינען ווירקליך געווען פראנצויזישע שפיאנען. פראנקרייך האט אירע אפגענומענע צוריקצוגעווינען איר פארלארענע טעריטאריע נאך אין גאנצען ניט געהאט אויפגעגעבען. און די אינ־דיאנער האבען איצטער געהאסט די ענגלישע קאלאניסטען ניט וויניגער ווי פריער.

פון יעדען שטאנדפונקט, אלזא, אי פון פראקטישען אי פון מאראלען, האט זיך ענגלאנד געפילט בארעכטיגט צו פאדערען פון די קאלאניעס זיי זאלען ביישטייערען די נויטיגע סומע פאר דער ארמיי. די פראגע איז נאר געווען, ווי אזוי דאס געלט זאל געזאַ־מעלט ווערען. דער טאריף אויף צוקער און סירופ האט אריינגע־טראגען וויניג. א נייער שטייער האט אלזא געמוזט ארויפגעלייגט ווערען. ווער זאל עס טאן? זאל עס איבערגעלאזען ווערען צו די קאלאניעס, צו די קאלאניסטישע אסעמבלים? דאס האט ענגלאנד ניט געוואלט צוליב דריי טעמים. ערשטענס, זיינען די קאלאניעס ניט געווען באגייסטערט פאר דעם גאנצען פלאן פון אן ענגלישער ארמיי ביי דער גרעניץ. זיי האבען געוואלט אליין באלעבאטעווען איבער די איינגענומענע טעריטאריעס. צווייטענס, האט די פראק־טיק באוויזען, אז אונטער די בעסטע אומשטענדען איז שווער גע־ווען דורך די קאלאניסטישע אסעמבלים צו קריגען געלט. און דריי־טענס, האט ענגלאנד געוואלט ווערען די אמת'ע הערשערין איבער די קאלאניעס און א סוף מאכען צו דער אלטער סיסטעם פון דינ־גען זיך און בעטען זיך ביי די קאלאניעס זיי זאלען איהר א טובה טאן און באוויליגען אירע פאדערונגען.

דאך איז ענגלאנד געווען פארזיכטיג. זי האט די נייע פאליטיק ניט געזוכט ארויפצוצווינגען מיט אמאל אויף די קאלאניעס. זי האט באשלאסען צו גיין פאמעלאך, אנטאפען דעם דופק. האט דער ענגלישער פארלאמענט אנגענומען א באשלוס אין מאנאט מערץ, 1764, אז עס זאל אויסגעארבייט ווערען א פלאן איינצופירען „ציינ־זען פון מארקעס" אין די קאלאניעס. אין זיין רעדע, בשעת ער האט פארגעשלאגען דעם פלאן, האט דער פינאנץ־מיניסטער בפירוש

דערקלערט, אַז ער וועט אָפּוואַרטען אַ יאָר צייט. אויב די קאָלאָ־ניסטען וועלען אין פאַרלויף פון דער צייט רעקאָמענדירען אַן אַנ־דער סאָרט שטייער וועט ער מיט פרייד זייער רעקאָמענדאַציע אָננעמען. ער האָט געהאָפט, אַז אפילו אויב דער שטייער וועט אַרויסרופען אַ פּראָטעסט אין די קאָלאָניעס וועט ער זיך אין פאַר־לויף פון דעם יאָר אויסוועבען.

דער „סטעמפּ עקט“ האָט געפאָדערט, אַז אויף יעדען געזעצ־ליכען דאָקומענט, אויף יעדער צייטונג, אויף יעדען רעגירונגס־דאָקומענט זאָל אַרויפגעקלעפּט ווערען אַ מאַרקע, אַ „סטעמפּ“. די מאַרקע איז געווען אַ צינז. דאָס דאָזיגע געזעץ האָט אָנגערירט הויפּטזעכליך דריי קלאַסען אין דער געזעלשאַפט: הענדלער, צייַ־טונגס־אַרויסגעבער און אַדוואָקאַטען. פאַר יעדען געריכט־פּאַפּיר, פאַר יעדען געשעפטליכען פּאַפּיר און פאַר יעדער צייטונג האָט מען געדאַרפט צאָלען דעם שטייער.

אין געזעץ איז אויך געשטאַנען אַ פּונקט, אַז איבערטרעטער פון דעם געזעץ זאָלען ניט גע׳משפּט ווערען פון אַ דזשורי, נאָר פון אַ קריגס געריכט (אַ דזשורי פון אַמעריקאַנער וואָלטען אַזוינע פאַרברעכער זיכער באַפרייט). נאָך אַ פּונקט האָט געזאָגט, אַז דאָס געלט וואָס וועט געזאַמעלט ווערען פון דעם דאָזיגען שטייער זאָל באַנוצט ווערען בלויז אויף אויסצוהאַלטען די ענגלישע אַרמיי אין אַמעריקאַ.

אין פאַרלויף פון דעם יאָר האָט גאָרניט פּאַסירט, וואָס זאָל ווירקען אויף דער ענגלישער רעגירונג זי זאָל צוריקהאַלטען דעם געפּלאַנטען שטייער. אויף דער בקשה פון דעם פינאַנץ מיניסטער גרענוויל צו די קאָלאָניעס זיי זאָלען אים לאָזען וויסען זייערע מיי־נונגען, האָט ער באַקומען אַ רייע פון אַנטוואָרטען און פּראָטעס־טען. די קאָלאָניעס האָבען דערקלערט, אַז זיי פּראָטעסטירען געגען שטייערען אין אַלגעמיין: דער ענגלישער פּאַרלאַמענט האָט קיין רעכט ניט אַרויפצולייגען אויף זיי אַ שטייער. געגען דעם „סטעמפּ טעקס“ ספּעציעל האָבען זיי אָבער גאָר ניט אויסגעזעצט. דער פּראָ־טעסט איז געווען אַלזאָ געגען דעם פּרינציפּ און מיט דעם האָט זיך די ענגלישע רעגירונג ניט געוואָלט רעכענען.

דער געזעץ־פראיעקט איז נאכ'ן יאר פארגעבראכט געווארען פאר'ן פארלאמענט. ער איז כמעט גארניט דעבאטירט געווארען. איין קורצע רעדע איז געהאלטען געווארען געגען דעם פארשלאג פון אן איירישען פארלאמענט מיטגליד מיט'ן נאמען בארע. ער האט אנגערופען די קאלאניסטען די „זין פון פרייהייט" („סאנס אוו ליבערטי"), און האט פארדאמט די ענגלישע רעגירונג פאר איר פארזוך זיי צו אונטערדריקען. די רעדע האט בארע'ן בארימט געמאכט אין אמעריקא. דער אויסדרוק „זין פון פרייהייט" איז אויפגעכאפט געווארען אין די קאלאניעס און איז באנוצט געווארען אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג.

די ענגלישע מיניסטארען האבען זיך ניט גערעכט אויף אן ערנסטער אפאזיציע צום געזעץ אין אמעריקא. די אמעריקאנער פארשטייער אין ענגלאנד און פראמינענטע פערזאנען אין אמעריקא האבען אויך אזוי געפילט. אזוי צום ביישפיל, האט בענדזשאמין פרענקלין, דער אמעריקאנער פארטרעטער אין ענגלאנד, שפעטער איינער פון די וויכטיגסטע פירער פון דער רעוואלוציע, גערא־טען א צווייטען אמעריקאנישען פארשטייער, אינגערסאל, ער זאל אננעמען די שטעלע פון „סטעמפ"־פארקויפער אין זיין קאלאניע קאנעקטיקוט. פרענקלין האט אויך רעקאמענדירט זיינעם א פריינד פאר דער שטעלע פון „סטעמפ"־פארקויפער אין דער פענסילווייניער קאלאניע. ריטשארד הענרי ליע, וועלכער איז שפעטער געווארען א הייסער רעוואלוציאנער, האט זיך געווענדט צו דער ענגלישער רעגירונג זי זאל אים געבען דעם אמט פון „סטעמפ"־פארקויפער אין זיין קאלאניע אין ווירדזשיניא.

קיינער האט זיך ניט גערעכט אויף עפעס שלעכטס. אבער אויסגעלאזט האט זיך פונקט פארקערט. גלייך ווי עס איז באקאנט געווארען אין די קאלאניעס, אז דאס געזעץ איז דורכגעגאנגען אין פארלאמענט האט עס גענומען קאכען און ברויזען. אלץ וואס איז געווען פארבונדען נאר מיט דעם געזעץ האט די קאלאניסטען אויפגעבראכט. די מלחמה האט איבערגעלאזט א ירושה פון חובות אויך אין די קאלאניעס און דער עולם האט געמוזט צאלען ציגזען צו דעקען די היימישע חובות. זיי האבען ניט גע־

וואלט ליידען, אז צו די אלטע מלחמה־שטייערן זאלען צוקומען נייע מלחמה־שטייערן. זיי האבען אויך ניט געוואלט, אז ענגלאנד זאל אהער שיקען אן ארמיי צו באוואכען די גרעניץ. זיי האבען געוואלט א פרייען צוטריט צו די נייע טעריטאריעס, און אויסערדעם — דער אלגעמיינער פרינציפ וועגען דעם רעכט פון דעם ענגלישען פארלאמענט ארויפצולייגען שטייערן אויף די קאלאניעס.

דאס געזעץ איז אנגענומען געווארען אין פרילינג פון 1765. אריינגיין אין קראפט האט ער געדארפט ערשט אין הארבסט. די געגנער פון דעם געזעץ האבען אלזא געהאט א האלב יאר צייט אויפצוועקען א פראטעסט־שטימונג צווישען דעם גרויסען עולם. גראד האט דאס געזעץ געטראפען יענע דריי קלאסען אין דער געועלשאפט, וואס האבען געהאט די בעסטע מיטלען די פראטעסט קאמפאניע אנצופירען. עס האט אנגערירט די קעשענעס פון די הענדלער, די אדוואקאטען און די צייטונגס־ארויסגעבער. די דריי קלאסען האבען געהאט אונטער זייער קאנטראל יענע ארגאנען, וואס שאפען די עפענטליכע מיינונג. זיי האבען קאנטראלירט די פאליטישע פארטייען, די אסעמבלים און די פרעסע, און זיי האבען, פארשטייט זיך, די דאזיגע אינסטרומענטען באנוצט אין זייער קאמף געגען דעם „סטעמפ עקט".

דער „סטעמפ־עקט" האט געטראפען אלע קאלאניעס גלייך. דאס איז ניט געווען דער פאל מיט די פריערדיגע גזרות. דאס צוקער־געזעץ, צום ביישפיל, האט אנגערירט הויפטזעכליך ניו ענגלאנד און די דערבייאיגע האנדעלס־קאלאניעס. און אזוי ווי די סאוט האט סיי־ווי קיין געשעפטען מיט די וועסט אינדיעס ניט געפירט זיינען די קאלאניעס פון דער סאוט אין דער צוקער־גזרה ניט געווען פאראינטערעסירט. דאסזעלבע איז געווען מיט די לאנדגעזעצען און מיט די גזרות געגען פאבריקאציע. מאנכע פון די קאלאניעס האבען פון זיי ניט געליטען און זיינען דעריבער געבליבען גלייכגילטיג. דער סטעמפ־עקט איז געווען די ערשטע ערנסטע גזרה, וועלכע האט געטראפען אלע קאלאניעס גלייך, אלע האבען זיי געקראגען דעם באפעל דעם „טעקס" צו צאלען. קיינער פון זיי האט די טאקסע ניט געקענט אויסמיידען.

די ערשטע קאלאניע, וואס האט אויפגעהויבען איר פראטעסט שטימע געגען דעם סטעמפ עקט איז געווען ווירדזשיניא. דער הער־שענדער קלאס אין ווירדזשיניא איז באשטאנען פון די רייכע איי־גענטימער פון די גרויסע טאבאק־פלאנטאציעס. זייער צאל איז גע־ווען קליין, אבער זיי האבען געהאט די גאנצע פאליטישע מאכט אין זייערע הענט. אין פארלויף פון עטליכע דורות האט זיך ביי דעם דאזיגען קלאס אויסגעארבייט דיזעלבע פסיכאלאגיע ווי ביי די אריסטאקראטען אין ענגלאנד. זיי זיינען געווען געבילדעט און גוט באקאנט מיט די נייע ליבעראלע געדאנקען וועגען פאליטישע רעכט, וואס זיינען אין יענער צייט ארויסגעשטעלט געווארען פון די פראנצויזישע דענקער און פילאזאפען. זיי זיינען געווען שטאל־צע מענשען, זיך געהאלטען פונקט פאר אזעלכע יחסנים ווי די אריסטאקראטען אין ענגלאנד. זיי האבען דעריבער געפאדערט פאר זיך דיזעלבע רעכט. דעם סטעמפ־עקט האבען זיי באטראכט פאר א באליידיגונג, פאר א פארזוך אוועקצונעמען פון זיי דאס רעכט וואס די אריסטאקראטען אין ענגלאנד האבען געהאט, דאס רעכט צו באשטימען אליין, דורך אייגענע פארטרעטער, פראגען וואס האבען צו טאן מיט געלט־אנגעלעגענהייטען, מיט שטייערן.

אין דעם פארלאמענט אין ווירדזשיניא זיינען געזעסען פאר־שטייער פון א צווייטען קלאס, פון די ארימע פארמער אין די בערג, וואס ביי די גרעניצען פון דער קאלאניע. די פארמער זיינען גע־ווען מייסטענס אירישע און דייטשען. ביי זיי האט זיך ניט גע־האנדעלט וועגען אריסטאקראטישען שטאלץ, וועגען ענגלישע טרא־דיציעס, וועגען פארגלייכען זיך מיט געוויסע קלאסען אויף יענער זייט ים. ביי זיי איז עס געווען דורכאוים א פראגע פון מענשליכע רעכט, פון די רעכט זיך אליין צו רעגירען.

ביידע גרופען אין ווירדזשיניער פארלאמענט זיינען געווען געגען דעם סטעמפ־עקט, באטש די מאטיווען זיינען געווען פאר־שיידענע. אין דער ווירדזשיניער פארלאמענט איז געווארפען גע־ווארען די ערשטע באמבע געגען דעם געזעץ. דער ווארפער איז גע־ווען א פארשטייער פון דער צווייטער גרופע, פון די ארימע פאר־מער. זיין נאמען איז געווען פעטריק הענרי.

נאָך מיט צוויי יאָר פריער אין 1763 האָט פּעטריק הענרי זיך באַרימט געמאַכט מיט אַ רעוואָלוציאָנערער רעדע. ער איז געווען אַן אַדוואָקאַט און איז דעמאָלט אויפגעטראָטען אין געריכט אין אַ וויכטיגען פּראָצעס, אין וועלכען עס זיינען געווען פּאַרמישט די ענגלישע רעגירונג, די קירכע און די איינוואוינער פון די קאָלאָניעס. איידער מיר גייען ווייטער וועלען מיר אין קורצען דערציילען יענעם עפּיזאָד, ווייל ער האָט אויך אַ שייכות מיט די קריוודעס פון די קאָלאָניסטען געגען דער ענגלישער רעגירונג.

אין דער ווירדזשיניאַ־קאָלאָניע איז כמעט די גאַנצע צייט פון איר גרינדונג אָן באַנוצט געוואָרען טאַבאַק אַלס געלט. עס האָט דאָרטען אויך צירקולירט פּאַפּירענע און מעטאַלענע געלט, אָבער דאָס געזעץ האָט אָנערקענט טאַבאַק אַלס געלט. מיט טאַבאַק האָט מען געצאָלט שטייערן, חובות, מיט טאַבאַק האָט מען געקויפט און פאַרקויפט. איינער פון די שטייערן וואָס די איינוואוינער אין ווירדזשיניאַ האָבען געמוזט צאָלען איז געווען אַ קירכען־שטייער, וואָס איז געגאַנגען אויף שכירות פאַר די גלחים. דאָס געזעץ האָט באַשטימט וויפיל פונט טאַבאַק אַ יאָר יעדער גלח האָט געדאַרפט באַקומען און די קאָלאָניסטען האָבען געמוזט דעם טאַבאַק ביישטייערען. יעדער קאָלאָניסט אַ געוויסען חלק. די גלחים האָבען מיט דעם טאַבאַק געלעבט.

אין 1755 איז געווען אַ טריקעניש און די קאָלאָניסטען האָבען אַראָפּגענומען זייער ווייניג טאַבאַק פון די פעלדער. נאַטירליך איז דער ווערט פון טאַבאַק געשטיגען. דער פּאַרלאַמענט פון דער קאָלאָניע האָט דערפאַר אָנגענומען אַ געזעץ, אַז פאַר די נעקסטע צוויי יאָר זאָלען די קאָלאָניסטען צאָלען ווייניגער טאַבאַק אַלס קירכען־שטייער. די גלחים האָבען פּראָטעסטירט. זיי האָבען געטענה'ט, אַז אין געראָטענע יאָרען, ווען טאַבאַק איז ווערט ווייניגער, פאַרגרעסערט מען ניט די צאָל פונטען, פאַרוואָס זשע זאָל מען אין אַ יקרות־יאָר פאַרקלענערען? דעם פּראָטעסט האָבען די גלחים געשיקט צו דעם הויפּט פון זייער קירכע, צום בישאָף אין לאָנדאָן. קיין רעזולטאַטען האָט עס אָבער ניט געבראַכט.

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט פּאַסירט אַן ענליכער פאַל. דאָס

מאל האבען די גלחים אפגעהאלטען א צוזאמענפאר און געשיקט א פארשטייער קיין ענגלאנד ער זאל די זאך בריינגען פאר דער רעגירונג. דער קעניג האט געהאלטען, אז די גלחים זיינען גערעכט און ער האט גע׳פסק׳נט, אז דאס געזעץ פון ווירדזשיניער פארלא־מענט צו פארקלענערען די צאל פונטען פון דעם גלח׳שען שטייער איז ניט גילטיג.

די גלחים אין ווירדזשיניא האבען דאן גענומען מאנען ביי די קאלאניסטען דעם טאבאק וואס מען האט זיי ניט באצאלט. יעדער גלח האט אנגעקלאגט זיין קהלה. פראצעסען זיינען פארגעקומען אין פארשיידענע טיילען פון די קאלאניעס, און א סך גלחים איז עס געלונגען זייער טאבאק אויפצומאנען. מאנכע האבען געקראגען צוגע־פסק׳נט נאך מער וויפיל זיי איז געקומען. איין פראצעס אבער האט ארויסגערופען אן אויסערגעוויינליכען טומעל. דער גלח איז געוועזן איינער פון די חשוב׳סטע און זיין קהלה איז געוועזן א רייכע. דער פראצעס איז פריער פארגעבראכט געווארען בלויז פאר ריכטער און זיי האבען גע׳פסק׳נט, אז דער גלח האט א רעכט ביי דער קהלה צו מאנען שאדענערזאץ, ווייל דאס געזעץ איז ניט גיל־טיג. אבער וויפיל די סומע פון דעם שאדענערזאץ זאל זיין דאס האבען די ריכטער איבערגעלאזען פאר א צווייטען פראצעס, וועל־כער זאל פארקומען פאר א דזשורי פון בירגער. אט דער צווייטער פראצעס האט עם געבראכט די גרויסע סענסאציע.

דער פראצעס האט זיך אנגעהויבען דעם ערשטען דעצעמ־בער, 1763. א גרויסער עולם האט אנגעפאקט די געריכט־זאל. צווי־שען די אנוועזענדע זיינען געוועזן מער ווי צוואנציג גלחים. אלס אדוואקאט פאר דער קאלאניע איז אויפגעטראטען א יונגער מאן פון א יאר 27, פעטריק הענרי איז זיין נאמען געוועזן. קיין באוויי־זען האט פעטריק הענרי ניט געהאט פארצולעגען. די גלחים האבען האבען געמאנט זייערם און זיי האבען באוויזען דורך עקספערטען וויפיל זיי קומט. פעטריק הענרי האט צוגעגעבען אלץ וואס זיי הא־בען גע׳טענה׳ט. ער האט אבער אין א פייערדיגער רעדע באוויזען, אז דער קעניג האט קיין רעכט ניט געהאט מבטל צו מאכען דאס געזעץ פון דער קאלאניע. זיין טענה האט מיט דעם גאנצער פרא־

צעס קיין שייכות ניט געהאַט, ווייל דער פּראָצעס האָט געדאַרפט באַשטימען בלויז וויפיל טאַבאַק די גלחים דאַרפען באַקומען. אָבער פּעטריק הענרי האָט זיך מיט דעם ניט גערעכענט. ער האָט אַפּע־לירט צו די געפילען פון די דזשורי לייט. ער האָט פאַרדאַמט די האַנדלונג פון דעם קעניג אַלס טיראַניש און האָט געוואָרענט די דזשורי־לייט, אַז אויב זיי וועלען אַרויסטראָגען אַ גינסטיגען אור־טייל פאַר די גלחים, וועלען זיי דערמיט נאָך שטייפער מאַכען די קייטען מיט וועלכע דער קעניג האַלט די קאָלאָניסטען געשמידט.

די דזשורי האָט אַרויסגעטראָגען אַן אורטייל, אַז דער גלח איז באַרעכטיגט צו איין סענט שאָדענערזאַץ. פּעטריק הענרי איז גע־וואָרען דער העלד פון טאָג. ניט דערפאַר וואָס ער האָט געוואונען דעם פּראָצעס געגען די גלחים, נאָר ווייל ער האָט געוואָגט אַזוי שאַרף אַרויסצוטרעטען געגען דאָס רעכט פון דעם קעניג מבטל צו מאַכען געזעצען וואָס אַ קאָלאָניסטישע רעגירונג האָט געפונען פאַר נויטיג אָנצונעמען.

די נייעס, אַז דער ענגלישער פּאַרלאַמענט האָט אָנגענומען דעם „סטעמפּ עקט“, איז אָנגעקומען אין אַמעריקא אין פרילינג פון 1765. אין מאָנאַט מאַי האָט דער ווירדזשיניער פּאַרלאַמענט אויפ־גענומען די פראַגע. די אַריסטאָקראַטישע מיטגלידער זיינען מיט דעם געזעץ געווען פּונקט אַזוי אומצופרידען ווי די מיטגלידער פון די אָרימע געגענטען אין דער וועסט פון דער קאָלאָניע. די אַריס־טאָקראַטען האָבען אָבער זיך געוואָלט האַלטען געזעצליך און אַנ־שטענדיג. קיין יראת הכבוד פאַר דעם ענגלישען קעניג און די ענג־לישע הערשענדע קלאַסען האָבען די אָרימע פאַרשטייער פון דער וועסט ניט געהאַט; און דער פּראָמינענטסטער און פייאיגסטער פון אַט די פאַרשטייער, פּעטריק הענרי, האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע אויפצוהייבען דעם קאַמף געגען דעם „סטעמפּ עקט“ אין דעם לעדזשיסלייטשור.

ער האָט אַריינגעטראָגען אַ ריי רעזאָלוציעס און פאָרגעלייגט אַ פאָרשלאַג דער לעדזשיסלייטשור זי זאָל זיי גוטהייסען. די רעז־אָלוציעס האָבען דערקלערט, אַז ווירדזשיניאַ האַלט זיך ניט פאַר־

פליכטעט צו פאלגען דאס געזעץ וועגען צינזען, וואס ווערט אויף זיי ארויפגעצוואונגען דורך דעם ענגלישען פארלאמענט, און אז דער וואס נעמט א פארקערטען שטאנדפונקט דארף באשטראפט ווערען אלס א פיינד פון דער קאלאניע. די רעדע, מיט וועלכער פעטריק הענרי האט פארטיידיגט זיינע רעזאלוציעס, האט אזש אויפגעשווידערט זיינע אריסטאקראטישע קאלעגען. מיט צען יאר שפעטער זיינען מאנכע פון די דאזיגע קאלעגען געווארען די פירער פון דער רעוואלוציע. אין 1765 אבער זיינען זיי נאך געווען ווייט פון אן אויפשטאנד געגען ענגלאנד, און זיי האבען זיך געשראקען פאר רעוואלוציאנערע פראזען. צי די רעזאלוציעס זיינען אנגענו־מען געווארען צי ניט, ווייס מען ביז היינטיגען טאג ניט. מען ווייס בלויז, אז די זיצונג איז געווען א שטורמישע, און אז די אריס־טאקראטישע מיטגלידער האבען אלע מיטלען אנגעווענדט זיי דורכ־צוואַרפען. איבער'ן לאנד אבער האט זיך גלייך פארשפרייט די נייעס, אז די רעזאלוציעס זיינען אנגענומען געווארען. אלע צייַ־טונגען אין די קאלאניעס האבען די רעזאלוציעס געדרוקט, און דאס האט געווירקט אלס א „ווארנונגס־סיגנאל צו די אומצופרי־דענע עלעמענטען“ (אזוי האט זיך שפעטער אויסגעדריקט פעטריק הענרי). פעטריק הענרי האט מיט זיין רעדע און מיט זיינע רעזא־לוציעס אויפגעשטורעמט דאס גאנצע לאנד. ער האט געוועקט דעם גייסט פון אויפשטאנד געגען ענגלאנד אין די הערצער פון די גרוי־סע פשוט'ע מאסען. ער איז אליין געווען פון די מאסען און ער האט גערעדט צו די מאסען. די אריסטאקראטישע קלאסען האבען אים פיינט געהאט און האבען אים פארדאמט אלס א דעמאגאג, כאטש אין דער אמת'ן האט ער אין דעם פאל פון דעם „סטעמפ עקט“ פארטיידיגט גיכער זייערע אינטערעסען ווי די אינטערעסען פון די ארימע. דער „סטעמפ עקט“ האט אנגערירט די קעשענעס פון די סוחרים און די פראפעסיאנאלען און לאנד אייגענטימער. *)

---

*) וועגען דער רעדע פון פעטריק הענרי ווערט אין א סך אמערי־קאנער געשיכטעס דערציילט דאס פאלגענדע:

אין רעכטען ברען פון זיין רעדען האט ער אויסגעשריען: „מיט יוליוס צעזאר'ן האט זיך אפגערעכענט ברוטוס; מיט קארל דעם ערשטען

די ווירדזשיניער רעזאָלוציעס האָבען געווירקט ווי אַ פונק אין אַ פאַס פולווער. דאָס גאַנצע לאַנד האָט אויפגעפלאַקערט מיט

---

האָט זיך אָפּגערעכענט קראָמוועל; זאָל געאָרג דער דריטער אַראָפּנעמען אַ מוסר!" פיל פון די לעדזשיסלייטשור־מיטגלידער זיינען אויפגעשפּרונגען פון זייערע פלעצער און פּראָטעסטירט געגען די רייד. זיי האָבען געשריען, אַז דאָס איז פאַרראַט. דאַרויף האָט פּעטריק הענרי געענטפערט:

„אויב איר באַטראַכט דאָס פאַרראַט, קענט איר טאָן וואָס איר ווילט".

די מעשה ווערט דערציילט צו באַווייזען ווי מוטיג, ווי רעוואָלוציאָנעריש פּעטריק הענרי איז געווען נאָך מיט צען יאָר איידער די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען. צעזאַר איז דערמאָרדעט געוואָרען פון ברוטוס'ן; קאַרל דער ערשטער איז אין קראָמוועל'ס אויפשטאַנד הינגעריכטעט געוואָרען; די וואַרנונג צו געאָרג דעם דריטען, דעם דעמאָלדיגען קעניג פון ענגלאַנד און אַמעריקא, האָט באַדייט, אַז אויך ער וועט זיין קאָפּ פאַרלירען) אַזוי ווי צעזאַר און ווי קאַרל, אויב ער וועט ניט ענדערען זיין שטעלונג בנוגע אַמעריקא.

האָט פּעטריק הענרי ווירקליך דאָס אין זיין רעדע געזאָגט? פיל פון די מאָדערנע היסטאָריקער לייקענען דאָס אָפּ. אין די אַרכיוועז פון פראַנקרייך האָט מען מיט איניגע יאָר צוריק געפונען אַ דאָקומענט, וואָס באַווייזט, אַז פּעטריק הענרי איז געווען פיל איינגעהאַלטענער און פאָרזיכטיגער. דער דאָקומענט איז אַ באַריכט וואָס אַ פראַנצויזישער שפּיאָן אין אַמעריקא האָט אַריינגעשיקט דער פראַנצויזישער רעגירונג. דער שפּיאָן איז אנוועזענד געווען אין דער ווירדזשיניער לעדזשיזלייטשור בשעת פּעטריק הענרי האָט גערעדט, און אַט וואָס ער דערציילט אין זיין באַריכט, וועלכען ער האָט אָנגעשריבען גלייך אויף מאָרגען:

„גלייך ווי איך בין אַריינגעקומען האָט איינער פון די מיטגלידער זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט, אַז ער האָט געלייענט, אַז אַמאָל איז צעזאַר באַשטראָפט געוואָרען פון ברוטוס'ן און קאַרל פון קראָמוועל'ן, און אַז ער צווייפעלט ניט, אַז עס וועט זיך געפינען אַן איבערגעבענער אַמעריקאַנער, וועלכער וועט אויך זיין לאַנד פאַרטיידיגען, אויף אַ מילדערען אופן, פאַרשטייט זיך. ער האָט געוואָלט זיין רעדע פאָרזעצען, אָבער דער פאָרזיצענדער האָט זיך אויפגעשטעלט און דערקלערט, אַז דער רעדנער האָט גערעדט פאַרראַט, און אַז ער איז איבעראַשט, וואָס קיינער פון די מיטגלידער איז ניט געווען לאָיאַל גענוג אים באַצייטענס אָפּצושטעלען. דאַן האָט דער רעדנער דערקלערט, אַז אויב ער האָט באַליידיגט דעם פאָרזיצענדען, איז ער גרייט צו בעטען פאַרצייאונג, און אַז ער איז גרייט צו פאַרטיידיגען זיין לאָיאַליטעט צום קעניג מיט זיין לעצטען טראָפּען בלוט, און אַז דאָס וואָס ער האָט געזאָגט פריער דאַרף צוגעשריבען ווערען צו זיין אינטערעס אין דער פרייהייט פון זיין לאַנד, וועלכע איז אים אַזוי טייער, און אַז אין דער היץ פון זיין אויפרעגונג האָט ער פיליכט געזאָגט מער ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגען, און אויב אַזוי, וויל ער ווידער בעטען פאַרצייאונג. איניגע יונגע מיטגלידער האָבען זיך אויפגעשטעלט און פאַרטיידיגט דעם רעדנער. דערמיט האָט זיך די זאַך געענדיגט.

דער דאָזיגער באַריכט שטעלט אַרויס פּעטריק הענרי'ס רעוואָלוציאָנערע רעדע אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט.

פראטעסטען געגען דעם „סטעמפ עקט". די צייטונגען זיינען פול געווארען מיט ארטיקלען און מיט פראפאגאנדע געגען דעם געזעץ. פאמפלעטען זיינען פארשפרייט געווארען צו העלפען אין דער אגי־טאציע. גלחים האבען געפרעדיגט אין די קירכעס געגען ענגלאנד'ס געזעץ. קיין פארטיידיגער זיינען כמעט ניט געווען. אפילו די גע־טרייסטע אונטערטאנען, אפילו ענגלאנד'ס אייגענע באאמטע דא, האבען צוגעגעבען אז דאס געזעץ דארף צוריקגעוויזען ווערען.

די טענה פון די קאלאניסטען איז געווען אזוי: ענגלאנד מעג פאר אונז מאכען אזוינע געזעצען, וואס האבען צו טאן מיט איר, ענגלאנד'ס, האנדעל, אדער מיט אירע אינדוסטריעלע אינטערעסען. זי מעג ארויפלייגען צינזען אויף סחורה וואס ווערט צו אונז אריינ־געפירט פון אויסלאנד. זי מעג אונז פארבאטען צו פראדוצירען סחורה כדי אירע פאבריקאנטען זאלען דא האבען א מארק. זי קען אבער ניט ארויפלייגען אויף אונז קיין צינזען, וועלכע צילען בלויז צו צאפען ביי אונז געלט. אויב זי וויל מיר זאלען איר געבען געלט, געלט פון אונזערע קעשענעס, זאל זי זיך צו אונז ווענדען און מיר וועלען אליין באשטימען צי איר פארלאנג זאל באוויליגט ווערען אדער ניט. אט די טענה איז אויסגעדריקט געווארען אין א פראזע, וועלכע איז בארימט געווארען אין דער אמעריקאנער געשיכטע: „קיינע צינזען אן פארטרעטערשאפט" („נאו טעקסיישאן וויטהאוט רעפרעזענטיישאן"), בלויז אזא רעגירונגס־קערפערשאפט מעג ארויפלייגען א צינז אויפ'ן פאלק, אין וועלכער דאס פאלק האט פארטרעטער. אין ענגלישען פארלאמענט האט אמעריקא קיין פאר־טרעטער ניט געהאט, טאר דערפאר דער ענגלישער פארלאמענט אויף אמעריקא קיין צינזען ניט ארויפלייגען.

אויף אט דער טענה האבען די ענגלענדער געגעבען אזא ענט־פער: צווישען איין סארט צינז און א צווייטען סארט צינז איז ניטא קיין אונטערשייד; אויב די קאלאניסטען האבען געשוויגען ווען מען האט ארויפגעלייגט אן אפצאל אויף אימפארטירטע סחורה, האבען זיי קיין גרונט ניט צו פראטעסטירען געגען דעם „סטעמפ עקט". וואס אנבאלאנגט פארשטייער אין פארלאמענט האט ענגלאנד געגעבען פאלגענדען ענטפער: אין ענגלאנד גופא

איז בלויז אַ קליינער טייל פון דער באַפעלקערונג פארטראַטען אין פּאַרלאַמענט; דאָך ליגט דער פּאַרלאַמענט אַרויף שטייער אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג. אויסער דעם, האָט ענגלאַנד געפרעגט, וואָס וועט איר געווינען דערפון וואָס איר וועט שיקען פאַרשטייער אין אונזער פּאַרלאַמענט? איר וועט דאָך שיקען בלויז אַ קליינע מינאָריטעט, ווייל אייער באַפעלקערונג איז בלויז צוויי מיליאָן און אונזער באַפעלקערונג איז אַכט מיליאָן, וועלען מיר דאָך סיי־ווי־סיי קענען דורכפירען שטייער־געזעצען געגען אייך.

אָבער די אַלע אַרגומענטען פון דיביידע צדדים זיינען געוועזען בלויז ווערטער. דער גרויסער עולם האָט ניט געטראַכט וועגען די פּלפּולים אָדער וועגען פרינציפּען. דער אמת איז, אַז דעמאָלט האָט מען סיי אין אַמעריקאַ, סיי אין ענגלאַנד, זייער ווייניג געוואוסט פון דעמאָקראַטיע. די אַמעריקאַנער אַדוואָקאַטען, זשורנאַליסטען, און שטאַטסלייט, וועלכע האָבען געפאָדערט פון ענגלאַנד פאַרטרעטערשאַפט אין פּאַרלאַמענט, און וועלכע האָבען פאַרטיידיגט דעם הייליגען פרינציפּ פון „קיין טעקסעס אָן פאַרטרעטערשאַפט" — זיי אַלע האָבען דאָ אין אַמעריקאַ דעם פרינציפּ אינגאַנצען איגנאָרירט. דאָס רעכט צו שטימען האָבען דאָ געהאַט דעמאָלט אַ קליין הייפעלע בירגער, רייכע געשעפטסלייט, פּראָפעסיאָנעלע מענשען און לאַנד־באַזיצער. אין באָסטאָן, צום ביישפּיל, וואו עס האָבען דאַן געוואוינט זעכצען טויזענט מענשען, האָבען בלויז 500 געהאַט שטים־רעכט. אין קאָנעקטיקוט האָט איינער פון פופציג זיך באַטייליגט אין די וואַלען. אין רהאָוד־איילאַנד האָט איינער פון ניין געהאַט שטים־רעכט. אין די אַנדערע קאָלאָניעס איז די לאַגע געוועזען נאָך ערגער.

דער היסטאָריקער עדעמס מאַכט די פאָלגענדע באַמערקונג וועגען דעם ווידערשפּרוך צווישען דער פאָדערונג פון די קאָלאָניסטישע פאַרשטייער צו ענגלאַנד און זייער האַנדלונג ביי זיך אין דער היים: — „אמת, — זאָגט ער — די שרייער האָבען איגנאָרירט די לאַגע ביי זיך אין דער היים, און אַ סך פון די וואָס האָבען אַם העכסטען געשריען, וואָלטען געוועזען די לעצטע דורכצופירען זייער פרינציפּ אין אַמעריקאַ גופא. דאָך האָט די פאָדערונג אויס־

געדריקט אַ גערעכטע שטרעבונג, און די ווידערהאָלונג פון דער טענה האָט אויפגעוועקט די מאַסען אין די קאָלאָניעס און געשאַפען אַן אמת'ע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, וואָס האָט געקעמפט פאַר פאָליטישע פרייהייט." מיר וועלען שפעטער זען, אַז די גרויסע מאַסען האָבען אין אמת'ן אין דער רעוואָלוציע געהאַט אַנדערע, העכערע און שענערע צילען ווי די מערסטע פון די פירער און פון די איינפלוסרייכע קלאַסען.

אין די קאָלאָניעס זיינען איצטער געווען צוויי צדדים: איין צד האָט געהאַלטען אַז מען דאַרף זוכען געזעצליכע מיטלען ווי אַזוי פון דעם „סטעמפ עקט" פטור צו ווערען. זיי האָבען גע'טענה'ט אַז דערווייל זאָל מען פאָלגען דעם געזעץ, אָבער מען זאָל אַרבייטען, דורך פעטיציעס און ענליכע געזעצליכע מעטאָדען, אַז דער פאַרלאַמענט זאָל דאָס געזעץ בטול מאַכען. דער אַנדערער צד האָט געהאַלטען, אַז מען טאָר דאָס געזעץ גאָר לכתחילה ניט פאָלגען. וואָס נענטער עס האָט זיך אָנגערוקט די צייט, ווען דאָס געזעץ האָט געדאַרפט אַריינגיין אין קראַפט, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרען דער צווייטער צד. מאַסען־פאַרזאַמלונגען זיינען אָפגעהאַלטען געוואָרען אין די גרעסערע שטעט; רעדנער האָבען דערציילט דעם גרויסען עולם, אַז ענגלאַנד וויל זיי אַלעמען פאַרשקלאַפען; אַז ענגלאַנד וויל צווינגען די קאָלאָניעס צו באַצאָלען די גאַנצע ריזיגע סומע, וואָס די מלחמה מיט פראַנקרייך האָט געקאָסט; אַז ענגלאַנד וויל אַהער שיקען אַן אַרמיי זיי צו אונטערדריקען.

דער „סטעמפ עקט" איז אין ערגעץ ניט דורכגעפירט געוואָרען. די ערשטע צייט האָבען די געשעפטסלייט זייערע געשעפטען געשלאָסען כדי דאָס געזעץ אינגאַנצען אויסצומיידען. צייטונגען זיינען ניט דערשינען. די געריכטען האָבען זיך צוגעמאַכט. ווייל די וואָס האָבען געדאַרפט אין געריכט קריגען געזעצליכע דאָקומענטען און די צייטונגס־אַרויסגעבער האָבען ניט געוואָלט צאָלען דעם שטייער. ביסלאַכווייז האָט מען אָנגעהויבען דאָס געזעץ איבערטרעטען. עס האָבען זיך געעפענט די געשעפטען, די געריכטען; צייטונגען זיינען דערשינען, אָבער קיינער פון זיי האָט ניט באַנוצט די „סטעמפס", אַזוי ווי דאָס געזעץ וואָלט גאָרניט עקזיסטירט.

דאָן האָבען זיך אָנגעהויבען ראַיאָטען. די אומזיכער־
הייט אין האַנדעל און די אומרואיגקייט אין די הע־
כערע קרייזען האָט זיך אָפּגערופען אויף דעם עקאָ
נאָמישען צושטאַנד. די צייט איז געוואָרען שלעכט. די מאַסען
האָבען געהאַלטען די ענגלישע רעגירונג און די היגע ענגלישע
באַאַמטע פאַראַנטוואָרטליך, און געוואָלט אויסגיסען זייער
צאָרן אויף זיי. אין מיטען מאָנאַט אויגוסט האָט אויס־
געבראָכען דער ערשטער ראַיאָט אין באָסטאָן. עס איז דעמאָלט באַ־
קאַנט געמאַכט געוואָרען, אַז ענדריו אָליווער איז פון דער ענגלישער
רעגירונג באַשטימט געוואָרען אַלס דער סטעמפּ־פאַרקויפער. אָלי־
ווער איז געווען אַ שוואָגער פון דעם הויפּט־ריכטער האַטשינסאָן.
אין אַ שענעם נאָכמיטאָג האָט מען געפונען הענגענדיג אויף אַ בוים
אַן אָנגעשטאָפּטע פיגור, וועלכע האָט פאָרגעשטעלט אָליווער'ן. דעם
זעלבען אָוונט זיינען עטליכע טויזענט מענשען באַפאַלען דאָס
נייע הויז, וואָס אָליווער האָט זיך אויסגעבויט, און עס חרב גע־
מאַכט. דאָן זיינען זיי אַוועק צו זיין אַלטער היים, וואו ער
האָט נאָך געוואוינט, האָבען אויפגעריסען די טירען און צובראָכען
די מעבעל. עטליכע טעג שפּעטער איז אַ המון באַפאַלען האַטשינ־
סאָנ'ס הויז, אַ פּראַכטפולער פּאַלאַץ (אַ קלאַנג האָט זיך פאַר־
שפּרייט, אַז ער שטיצט דעם „סטעמפּ עקט“), און אים כמעט אין
גאַנצען פאַרניכטעט. האַטשינסאָן און זיין פאַמיליע האָבען זיך
קוים מיט זייערע לעבענס געראַטעוועט. דער גאָווערנאָר און די באַ־
אַמטע פון באָסטאָן האָבען געוואוסט ווער די פירער פון די ראַיאָ־
טען זיינען געווען; דאָך האָט מען קיינעם ניט באַשטראָפט. עט־
ליכע זיינען אַרעסטירט געוואָרען, אָבער זיי זיינען גלייך באַפרייט
געוואָרען. דער גאָווערנאָר האָט אין זיין באַריכט צו דער ענגלי־
שער רעגירונג געשריבען דאָס פאָלגענדע: „ניטאָ מער קיין רעגי־
רונגס־מאַכט אין דער קאָלאָניע; די אָנפירער פון די ראַיאָטען
גייען אַרום פראַנק און פריי אין די גאַסען; קיין באַאַמטער וואָגט
זיי ניט אַרעסטירען; קיין פּראָקוראָר וואָגט זיי ניט אָנצוקלאָגען;
קיין ריכטער וואָגט זיי ניט צו משפט'ן.“

ראַיאָטען זיינען אויך פאָרגעקומען אין ניו יאָרק, אין ניו־

פארט, און אין נארט און סאוט־קאראליינא. די סטעמפ־פארקויפער זיינען געווען אין טויט־שרעק. זיי האבען איינער נאכ'ן צווייטען רעזיגנירט פון זייערע עמטער. די איינציגע קאלאניע, וואו סטעמפס זיינען פארקויפט געווארען, איז געווען דזשארדזשיא, און דאס איז פארבליבען א פלעק אויף איר נאמען.

אבער דער שטארקסטער מיטעל וואס איז אנגעווענדט געווארען געגען דעם געזעץ איז געווען דער באיקאט. די קאלאניסטען האבען גענומען באיקאטירען ענגלישע סחורה. עס האבען זיך געגרינדעט ארגאניזאציעס, וועלכע האבען זיך פארשווארען ניט צו קויפען און ניט צו טראגען קיין ענגלישע קליידער. עס איז געווארען א מאדע, אפילו ביי די רייכע, אליין צו שפינען און וועבען. אין ניו יארק האבען 200 סוחרים אפגעהאלטע א פארזאמלונג און באשלאסען ניט צו אימפארטירען קיין סחורה פון ענגלאנד כל זמן דער „סטעמפ עקט" וועט זיין אין קראפט. אין א וואך שפעטער האבען 400 סוחרים אין פילאדעלפיא זיך ארגאניזירט פאר'ן זעלבען צוועק. שפעטער אביסעל האט באסטאן נאכגעטאן דעם ביישפיל. דער באיקאט האט זיך פארשפרייט איבער'ן גאנצען לאנד. מען האט אויפגעהערט צו טרינקען טיי און טראגען שענע קליידער. רייכע האבען זיך אפגעזאגט פון א סך לוקסוס זאכען, וואס זיי פלעגען קויפען אין ענגלאנד.

אין יוני פון יאר 1765 האט די לעדזשיסלייטשור פון מאסאטשוזעטס אנגענומען א רעזאלוציע צו פאררופען א קאנגרעס פון אלע קאלאניעס זיך צו בעראטען וועגען דעם „סטעמפ עקט". דזשיימס אטיס האט די רעזאלוציע אריינגעבראכט, און א דאנק זיין מי איז זי אנגענומען געווארען. מען האט ארויסגעשיקט בריף צו די לעדזשיסלייטשורס פון אלע איבעריגע קאלאניעס. עס איז באשטימט געווארען, אז דער „סטעמפ קאנגרעס" זאל זיך פארזאמלען אין ניו יארק אין מאנאט אקטאבער. די גאווערנארס און די לאיאליסטען האבען אלע זייערע כחות אנגעווענדט, אז די קאלאניעס זאלען די איינלאדונג צוריקווייזען. זיי האט זיך עס איינגעגעבען אין פיר קאלאניעס (ניו העמפשיר, ווירדזשיניא, נארט־קא־

ראַליינאַ און דזשאָרדזשיאַ), די איבעריגע 9 האָבען געוויילט דע־לעגאַטען צום קאָנגרעס.

אַט דער פאַרזוך איינצורופען אַ קאָנפערענץ פון די קאָלאָניעס האָט געשמעקט מיט רעוואָלוציע. קאָנפערענצען פון קאָלאָניעס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען פריער אויך עטליכע מאָל, אָבער זיי זיינען שטענדיג גערופען געוואָרען דורך, אָדער מיט דער צושטי־מונג פון די פאַרשטייער פון דער ענגלישער רעגירונג. דאָס מאָל האָבען די ענגלישע גאָווערנאָרס די קאָנפערענץ פאַרבאָטען, און די קאָלאָניסטען האָבען זיך מיט דעם ניט גערעכענט. אָקטאָבער דעם זיבעטען האָבען זיך אין ניו יאָרק פאַרזאַמעלט 27 דעלעגאַטען פון 9 קאָלאָניעס. דער „סטעמפ עקט“ האָט אויפגערעגט ניו יאָרק מער ווי אַלע אַנדערע שטעט, ווייל ניו יאָרק איז שוין דעמאָלט געווען הויפּטזעכליך אַ האַנדעלס־צענטער. די ניו יאָרקער צייטונג, „די ניו־יאָרק גאַזעט“, האָט געדרוקט רעוואָלוציאָנערע אַרטיקלען, וועל־כע האָבען אפילו אַגיטירט פאַר אומאָפּהענגיגקייט. דער קאָנגרעס האָט אָנגעהאַלטען צוויי וואָכען. ער האָט זיך געאייניגט אויף פיר דאָקומענטען. אין איינעם זיינען געווען אויסגערעכענט די רעכט פון די קאָלאָניעס. די אַנדערע דריי זיינען געווען פּעטיציעס — איי־נע צום קעניג, איינע צום פּאַרלאַמענט און איינע צו דער „לאָרדען־הויז“. אין די פּעטיציעס האָט דער קאָנגרעס איבערגע׳חזר׳ט די אַלטע טענה, אַז די קאָלאָניסטען זיינען ענגלענדער, און אַז זיי זיינען דעריבער בארעכטיגט צו די אַלע רעכט וואָס ענגלענדער האָבען, און אַז דעריבער טאָר אויף זיי ניט אַרויפגעלייגט ווערען קיין שטייער דורך אַ פּאַרלאַמענט אין וועלכען זיי האָבען ניט קיין פאַרשטייער, און טאָרען ניט גע׳משפט ווערען פון אַ געריכט, וואו עס זיצען ניט זייערע אייגענע „געשוואָרענע“. דער קאָנגרעס האָט אויך אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז די קאָלאָניעס זאָלען זיין פאַראיי־ניגט און זיי זאָלען שיקען ספּעציעלע אַגענטען קיין ענגלאַנד פאַר־צולייגען זייערע טענות פאַר׳ן ענגלישען פּאַרלאַמענט. דעם 24טען אָקטאָבער האָט זיך דער קאָנגרעס געשלאָסען.

איינינע טעג נאָך דער שליסונג פון „סטעמפ קאָנגרעס“ האָט די לעדזשיסלייטשור פון מאַסאַטשוסעטס אָנגענומען אַ גאַנצע רײ

מיט רעזאלוציעס וועלכע סעמועל עדעמס האט פארפאסט. די רע־זאלוציעס זיינען געווען מער אויסגעשפראכען מער רעוואלוציא־נעריש אין טאן ווי אלץ וואס איז ביז דעמאלט גוטגעהייסען גע־ווארען פון אן אפיציעלער קערפערשאפט. זיי האבען דערקלערט אז די רעכט פון די קאלאניעס איז זיי געגעבען געווארען פון גאט און פון דער נאטור און אז דערפאר קען קיין געזעץ געמאכטפון מענשען, די דאזיגע רעכט פון זיי ניט אוועקנעמען.

סעמועל עדעמס האט שוין דעמאלט געגלויבט דאס די קאלא־ניעס דארפען זיך אינגאנצען אפרייסען פון ענגלאנד. ער האט דאס געזאגט זיינע פריינט אין פריוואט געשפרעכען. מיט די רע־זאלוציעס האט ער געמאכט דעם אנפאנג צו פארזייען די קערנד־לאך פון דער רעוואלוציע. די רעכט פון די קאלאניעס שטייען הע־כער ווי די רעכטע און די מאכט פון דעם ענגלישען פארלאמענט. אויב אזוי, האט די ענגלישע רעגירונג פאקטיש מער קיין מאכט ניט איבער די קאלאניעס. עס פארשטייט זיך, אז די אלגעמיינע בא־פעלקערונג האט אזוי טיף אין די רעזאלוציעס ניט אריינגעדרונ־גען. די ענגלישע פאליטיקער האבען אבער יא געזען וואוהין זיי צי־לען, און איינער פון זיי האט טאקע געגעבען די רעזאלוציעס פאל־גענדען ברוך־הבא: „אויב דער טייפעל וועט די חברה ניט צונע־מען, איז ער קיין טייפעל ניט“.

דער „סטעמפ עקט“ איז אריין אין קראפט דעם ערשטען נא־וועמבער, 1765. באסטאן איז דעם טאג געווען אין טרויער. די גלאקען אין די קלויסטערס האבען געקלונגען ווי צו א לויה. די פאנען אויף די שיפען אין האפען זיינען אראפגעצויגען געווארען האלב מאסט. די בילדער פון די צוויי וויכטיגסטע ענגלישע קא־בינעט מיניסטארען זיינען אויפגעהאנגען געווארען אין די גאסען. עהנליכע סצענעס האבען זיך אפגעשפילט אין א סך שטעט און שטעטלאך אין אנדערע קאלאניעס. די גערעכטען האבען זיך גע־שלאסען; די געשעפטען האבען זיך צוגעמאכט; קיינע שיפען זיינען פון די האפענס ניט ארויס. ווארום דערצו האט זיך געפא־דערט סטעמפס און די קאלאניסטען האבען זיך פארשווארען די סטעמפס ניט צו קויפען.

עטליכע וואָכען זיינען אַזוי פאַרבייגעלאָפען. דאַן האָבען די קאָלאָניסטען ביסלאַכווייז ווידער אָנגעהויבען צו האַנדלען, ווידער גיין אין די געריכטען. זיי האָבען געפאָדערט פון די גאָווערנאָרס זיי זאָלען געזעצליכע דאָקומענטען ארויסגעבען אָן סטעמפּס. מאַנ־כע פון די גאָווערנאָרס האָבען זיך אונטערגעגעבען, אַנדערע האָ־בען זיך אַנטזאָגט. אין מאַנכע קאָלאָניעס האָבען זיך די קאָורטס געעפענט, אין אַנדערע זיינען זיי געבליבען געשלאָסען. דער אָפּע־נער קאַמף האָט געהאָלפען זייער פיל צו דעם באָיקאָט. מיידלאַך האָבען זיך אַנטזאָגט צו טאַנצען אָדער גיין שפּאַצירען מיט יונגע לייט, וועלכע האָבען געטראָגען קליידער אימפּאָרטירט פון ענגלאַנד. פרויען, יונג און אַלט, אָרים און רייך, האָבען אַליין געשפּונען און געוועבט. דער אימפּאָרט פון ענגלאַנד האָט זיך כמעט אינגאַנצען אָפּגעשטעלט.

דער באָיקאָט האָט זיך שנעל געגומען פילען אין ענגלאַנד. אַמעריקאַ איז דעמאָלט געווען זייער אַ וויכטיגער מאַרק פאַר ענג־לישע פאַבריקאַנטען. אין גרויסע ענגלישע שטעט האָבען זיך גע־נומען צומאַכען פאַבריקען איינע נאָך די אַנדערע. ארבייטער זיינען ארויסגעוואָרפען געוואָרען אין גאַס. די פאַבריקאַנטען האָבען גע־מאַכט גוואַלדען, געשיקט פּעטיציעס צום פּאַרלאַמענט, ער זאָל זיי ראַטעווען. נאָך אין אַ מער פאַרצווייפעלטער לאַגע זיינען געווען די גרויסע ענגלישע סוחרים. אויסער דעם וואָס דער האַנדעל האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָבען זיי ניט געקענט איינמאָנען זייערע חובות אין אַמעריקאַ. די אַמעריקאַנער קונדען זיינען זיי שולדיג געווען צווי־שען 20 און 30 מיליאָן דאָלאַר. איצטער האָבען זיי זיך אַנטזאָגט צו צאָלען; מיט'ן אויסרייד אַז דער סטעמפּ־עקט האָט זיי רואי־נירט.

אין יאַנואַר, 1766, איז דער פּאַרלאַמענט פאַרפלייצט געוואָ־רען מיט פּעטיציעס פון גרויסע האַנדעלס־קאָמפּאַניעס אין לאָנדאָן און אַנדערע שטעט. די פּעטיציעס האָבען געפאָדערט, אַז דער סטעמפּ־עקט זאָל גלייך צוריקגערופען ווערען. אַביסעל שפּעטער האָבען די סוחרים געשיקט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע צום פּאַרלאַ־מענט און באַוויזען ווי ערנסט די לאַגע איז.

דערוויל איז אין ענגלאנד דער קאבינעט געפאלען און די רעגירונג איז אריבער אין די הענט פון נייע מיניסטארען. די פראגע וועגען צוריקרופען דעם סטעמפ־עקט איז אויפגעהויבען געווארען אין פארלאמענט. די דעבאטע איז געווען איינע פון די שטורמדיגסטע וואס מען האט ביז דאן אין פארלאמענט געהערט. א גרויסע מאיאריטעט פון די מיטגלידער אין פארלאמענט האבען געגלויבט, אז דער פארלאמענט האט געהאט דאס פולע רעכט ארויפצולייגען דעם שטייער אויף די קאלאניעס. א סך זיינען אבער געווען מיט דער מיינונג, אז דער שטייער איז געווען א טאקטישער פעלער. צום שלוס איז דורכגעגאנגען דער פארשלאג, אז דער סטעמפ־עקט איז בטל, אבער דערביי איז דערקלערט געווארען, אז דער פארלאמענט האט א רעכט ארויפצולייגען אויף די קאלאניעס וואס פאר א שטייער ער געפינט פאר נויטיג. אין פרינציפ, הייסט עס, איז דער פארלאמענט געבליבען ביי דאס זייניגע; אין דער פראקטיק אבער האט ער נאכגעגעבען די קאלאניעס.

אין די קאלאניעס האט מען זיך ווייניג וואס געקימערט וועגען דער פרינציפען־ערקלערונג. פאר זיי איז וויכטיג געווען דאס וואס דער פארלאמענט האט זיך אונטערגעגעבען און אראפגענומען דעם שטייער. די נייעס וועגען דעם איז אין באסטאן אנגעקומען אין מיטען נאכט. איינס אזייגער האבען די גלאקען פון די קירכעס גענומען קלינגען און צוויי אזייגער זיינען די גאסען געווען געפאקט מיט מענשען. מען האט געקלאפט אין די פויקען, געשפילט אויף פארשיידענע אינסטרומענטען. פון גרויס פרייד האט מען געעפענט די תפיסות און ארויסגעלאזען די ארעסטאנטען וואס זיינען דארטען געזעסען פאר ניט באצאלען חובות.

דער טאג, ווען דער סטעמפ־עקט איז אפגעשאפט געווארען (דעם 18טען מערץ) איז געפייערט געווארען אלס א יום טוב פאר די נעקסטע אכט יאר ביז דעם אויסברוך פון דער רעוואלוציע. ער איז געפייערט געווארען אויף׳ן זעלבען אופן ווי דער „פערטער דזשולײ“ ווערט איצט געפייערט: מיט שיסעריי, מיט רעדעס, מיט פאראדען, א. א. וו.

דער עפיזאד מיט׳ן סטעמפ־עקט האט אין צוויי וויכטיגע הינ־

זיכטען צוגעגרייט דעם וועג צו דער רעוואָלוציע. ערשטענס, האָט ער געבראַכט די קאָלאָניעס נעענטער איינע צו די אַנדערע. עס האָט זיך פאַרשפּרייט און פאַרשטאַרקט דאָס געפיל, אַז אַלע קאָלאָניעס האָבען געמיינשאַפטליכע אינטערעסען בנוגע צו ענגלאַנד, און אַז זיי מוזען קעמפען צוזאַמען. צווייטענס האָט ער איבערצייגט די קאָלאָניעס, אַז זיי זיינען שטאַרק גענוג זיך צו פאַרמעסטען מיט ענגלאַנד. זיי האָבען דאָך געצוואונגען דעם פּאַרלאַמענט זיך צו בויגען צו זייער ווילען. דאָס האָט געשטאַרקט די הענט פון יענע גרופּען אין די קאָלאָניעס וועלכע האָבען געגלויבט, אַז אַמעריקאַ קען זיך פון ענגלאַנד איינגאַנצען אָפּרייסען. די דאָזיגע גרופּען זיי־נען שוין דעמאָלט געווען אָרגאַניזירט און זיי האָבען אָנגעפירט אַ שטילע פּראָפּאַגאַנדע. פון איצטער אָן ווערט זייער טעטיגקייט מער אַגרעסיוו, מער אָפען און אויסגעשפּראָכען. מיר וועלען באַלד זען ווער די גרופּען זיינען געווען און ווער זייערע פירער זיינען גע־ווען און ווי אַזוי זיי האָבען אָנגעפירט זייערע אָפענע און באַהאַל־טענע אַרבייט.

.4

# נייע שטייערן, נייע באָיקאָטען

דאָס יאָר 1766 איז אָפּגעלאָפען פאַרהעלטניסמעסיג שטיל. א פּאָר צוזאַמענשטויסען צווישען ענגלאַנד און די קאָלאָניעס זיינען יאָ פאָרגעקומען, אָבער זיי האָבען קיין גרויסען רושם ניט געמאַכט. זיי זיינען וויכטיג בלויז דערפאַר וואָס אין די שפּעטערדיגע יאָרען, ווען די רעוואָלוציע האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט האָט מען זיך אָן זיי דערמאָנט און זיי אויסגענוצט אין דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע. זיי זיינען באַנוצט געוואָרען אַלס ברענמאַטעריאַל אין דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער שריפה.

דער ערשטער צוזאַמענשטויס איז געווען איבער דער פראַגע פון באַלוינען די וואָס האָבען געליטען אין די ראַיאָטען איבער דעם סטעמפּ־עקט. אין ענגלישען פּאַרלאַמענט איז אָנגענומען געוואָרען א פּאָרשלאַג צו „רעקאָמענדירען” צו די קאָלאָניעס זיי זאָלען באַצאָלען די פאַרלוסטען פון די קרבנות אין די אומרוען. די ענגלישע רעגירונג האָט געזוכט צו האַנדלען וואָס מילדער מיט די קאָלאָניסטען, זיי ניט אויפצורייצען. און דערפאַר האָט זי ניט געפאָדערט, נאָר „רעקאָמענדירט”. אייניגע קאָלאָניעס האָבען די רעקאָמענדאַציע אָנגענומען אָן טענות. אין מאַסאַטשוזעטס אָבער האָט זי פאַראורזאַכט א שטיקעל שטורם און געשאַפען אויפרעגונג ביי ביידע צדדים. די ראַיאָטען זיינען פאָרגעקומען אין באָסטאָן. האָבען די אַנדערע טיילען פון דער מאַסאַטשוזעטס קאָלאָניע גע־טענה׳ט, אַז באָסטאָן אַליין זאָל באַצאָלען. די פראַגע איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען אייניגע מאָל אין דער מאַסאַטשוזעטסער אסעמבלי. דער גאָווערנאָר האָט נאַטירליך געפּרעסט די פאָדערונג פון דער

ענגלישער רעגירונג, און ענדליך איז דורכגעגאנגען אַ ביל מיט צוויי פונקטען: ערשטענס, אַז די קאָלאָניע זאָל באַצאָלען דעם היזק פון די געליטענע אין די ראַיאָטען. און צווייטענס, אַז דער־פאר זאָלען אַלע ארעסטירטע וואָס זייגען באַשולדיגט געוואָרען אין די ראַיאָטען באַפרייט ווערען. ענגלאַנד האָט זיך געפונען טיף באַ־ליידיגט. עס איז אויסגעקומען, אַז די קאָלאָניע קויפט אויס אירע פּאַטריאָטען מיט די געלט וואָס זי באַצאָלט ענגלאַנד'ס פּאַטריאָ־טען. אויסער דער באַליידיגונג פאַר ענגלאַנד, איז די גאַנצע האַנד־לונג פון דער אַסעמבלי געוועזן אומגעזעצליך. באַפרייען פּאָליטישע און אַנדערע פאַרברעכער פון די קאָלאָניעס האָט געמעגט בלויז די ענגלישע רעגירונג. די מאַסאַטשוזעטסער אַסעמבלי האָט הייסט עס געוואָגט איבערצוטרעטען די גרענעצען פון איר מאַכט און אריינדרינגען אין די גרענעצען פון דער ענגלישער רעגירונגס־מאַכט. ענגלאַנד האָט די גאַנצע געשיכטע אַראָפּגעשלונגען. זי האָט זי אָבער ניט פאַרגעסען.

פיל ערנסטער איז געוועזן דער צווייטער צוזאַמענשטויס.

אין דערזעלבער צייט וואָס דער סטעמפּ־עקט איז אָנגענומען געוואָרען, האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט דורכגעפירט אַ געזעץ אַז יעדע קאָלאָניע מוז באַזאָרגען די ענגלישע סאָלדאַטען, וואָס שטייען איין ביי איר, מיט קאַזאַרמעס, ליכט, בעטען און געוויסע שפּייזען. אייניגע קאָלאָניעס האָבען נעגען דעם געזעץ פּראָטעס־טירט. די אַסעמבלי פון ניו דזשוירזי האָט געלאָזט וויסען דעם גאָ־ווערנאָר, אַז זי באַטראַכט דאָס געזעץ אַלס אַן אינדירעקטע מע־טאָדע ארויסצופּרעסען צינזען פון דער קאָלאָניע. מאַסאַטשוזעטס האָט אויך פּראָטעסטירט. די ניו יאָרקער אַסעמבלי האָט באַשלאָ־סען צו באַזאָרגען די סאָלדאַטען מיט אַלץ וואָס דאָס געזעץ האָט געפאָדערט אויסער עסיג, זאַלץ און פעפער. איר טענה איז געווען, אַז די דריי זאַכען גיט מען ניט די סאָלדאַטען אין ענגלאַנד גופא, טאָ פאַרוואָס זאָלען זיי דאָס קריגען אין די קאָלאָניעס? די האַנד־לונג פון דער ניו יאָרקער קאָלאָניע האָט אויפגערעגט די ענגלישע רעגירונג, און זי האָט געשיקט אַ באַפעל. אַז די ניו יאָרקער אַסעמב־לי זאָל ניט טאָרען פאַרהאַנדלען קיין שום פאַרשלאָגען סיידען זי

וועט צוריקציען דעם באשלוס וועגען די סאלדאטען. אין דעם פאל האט שוין די ענגלישע רעגירונג איבערגעטראטען די גרענעצען זי איז אריינגעדרונגען אין סאמע הארצען פון דער קאלאניאלער רעגירונג. דער קאמף צווישען ניו יארק און ענגלאנד האט אנגעהאלטען עטליכע מאנאטען. ניו יארק האט זיך ענדליך אונטערגעגעבען. די וואונד האט זיך אבער קיינמאל אינגאנצען ניט פארהיילט.

די לאגע אין ענגלאנד, די פאליטישע און די עקאנאמישע איז איצטער געוועזען זייער א שווערע. דער פרעמיער איז אפיציעל געוועזען וויליאם פיט, איינער פון די גרעסטע שטאטסלייט אין דער געשיכטע פון ענגלאנד. ער האט עס אין פארלאמענט געפירט דעם קאמף פאר דער אפשאפונג פון סטעמפ־עקט. מעגליך, אז די געשיכטע פון אמעריקא, די באציאונג צווישען די קאלאניעס און ענגלאנד, וואלטען א גאנץ אנדער ווענדונג אנגענומען, ווען פיט וואלט איצטער געווען פיזיש שטארק גענוג צו פירען דעם קאבינעט. דער פאל איז אבער אנדערש געוועזן. גלייך ווי ער האט איבערגענומען דעם פרעמיער־אמט, איז ער קראנק געווארען. ער האט דעם קאבינעט איבערגעלאזען אין די הענט פון מיניסטארען, וועלכע האבען אויף די קאלאניעס געקוקט מיט די אויגען פון דער רעגירונג, וואס האט מיט צוויי יאר פריער דורכגעפירט דעם סטעמפעקט. בלויז א פאר מיניסטארען האבען געהאט דיזעלבע ליבעראלע אנשויאונגען ווי פיט. זיינען זיי אבער גראד יעווען שוואכע אין כאראקטער. די שטארקע מיניסטארען, די וואס האבען זייערע מיינונגען געקענט ארויפצווינגען אויף דער רעגירונג, האבען געהערט צו דער רעאקציאנערער גרופע.

דער וויכטיגסטער מיניסטער אין דער רעאקציאנערער גרופע איז געוועזן טשארלס טאונשענד, דער פינאנץ־מיניסטער. ער איז געוועזן אן אויסערגעוויינליך פייאיגער מענש און ער האט זיך איצט אונטערגענומען איין מאל פאר אלע מאל דורכצופירען די אלטע אנגענומענע פאליטיק. (ביז היינטיגען טאג ווערט טאונשענד'ס נאמען דערמאנט מיט פאראכטונג און האס אין דער אמעריקאנער געשיכטע).

די עקאָנאָמישע לאַגע אין ענגלאַנד איז געווען גינסטיג פאַר טאַונשענד'ס פּאָליטיק. אויף תבואה איז דעמאָלט געווען אַ שרעק־ליכער יקרות, אַ רעזולטאַט פון עטליכע שלעכטע יאָרען אויף די פעלדער. די נויט צווישען די אָרימע קלאַסען איז געווען שרעקליך. ענגלאַנד'ס נאַציאָנאַלע חובות האָבען געדריקט אַלע קלאַסען. דער עולם האָט געוואוסט, אַז די קאָלאָניעס אין אַמעריקאַ, לאָ די וואָס זיי העלפען ניט גרינגער צו מאַכען דעם יאָך, נאָר ווירקען פאַר־קערט זייער יאָך שווערער צו מאַכען. די הוצאות אין די קאָלאָניעס זיינען געווען גרויס און די הכנסות קליין. און פונקט דאָן האָט זיך נאָך פאַרגלוסט דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט צו פאַרקלענערען דעם שטייער פון די לאַנד־אייגענטימער אויף גאַנצע 25 פּראָצענט. פאַר דעם פינאַנץ־מיניסטער האָט זיך געשטעלט די פראַגע: וואו נעמען מען געלט? און טאַונשענד האָט באַשלאָסען, אַז ער וועט זיך אַ נעם טאָן צו די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. ער האָט געפילט זיכער, אַז דאָס וואָס אַלע פריערדיגע מיניסטאָרען האָבען ניט געקענט אויפטאָן, וועט ער באַווייזען אויפצוטאָן.

אין יאַנואַר פון 1767 האָט טאַונשענד פאָרגעלייגט זיין פּראָ־גראַם וועגען די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. דאָס פּראָגראַם איז באַ־שטאַנען פון עטליכע פונקטען: יעדער פונקט — אַ פייל געצילט געגען די רעכט און פרייהייטען וואָס די קאָלאָניעס האָבען געהאַל־טען פאַר הייליג און טייער אין די אַלע יאָרען פון זייער עקזיס־טענץ.

דער ערשטער פונקט איז געווע וועגען אַ נייעם צינז אויף די קאָלאָניעס. טאַונשענד האָט זיך געוויצעלט בשעת ער האָט דעם פונקט פאַר'ן פּאַרלאַמענט פאָרגעלייגט. „איך לאַך דערפון וואָס די קאָלאָניסטען זאָגען, אַז עס איז דאָ אַן אונטערשייד צווישען אינער־ליכע און אויסערליכע צינזען, האָט ער דערקלערט, נאָר אויב די קאָלאָניסטען ווילען אַנדערש ניט ווי צאָלען אויסערליכע צינזען וועל איך פאַר זיי צוגרייטען אויסערליכע צינזען". און ער האָט פאַר־געלייגט אַ שטייער אויף פּאַפּיר, פאַרב, גלאָז און טיי, וואָס די קאָ־לאָניסטען פירען אריין פון אויסלאַנד. דער שטייער איז געווען אַן

אויסערליכער, ווייל ער איז קאלעקטירט געווארען אין דער פארמע פון א טאריף ביים האפען, ניט אין לאנד גופא.

דער צווייטער פונקט האט פארגעשריבען, אז א ספעציעלע קאמיסיע זאל געשיקט ווערען קיין אמעריקא, וואס איר אויפגאבע זאל זיין שטרענג אכטונג צו געבען, אז די אלטע האנדעלס־געזעצען און שיף־געזעצען זאלען פינקטליך דורכגעפירט ווערען. מיר האבען שוין אין פריערינע קאפיטלען אנגעוויזען אויף דעם, אז די אלע געזעצען צו קאנטראלירען דעם אמעריקאנעם מארק אין די אינטערעסען פון די ענגלישע הענדלער און פאבריקאנטען זיינען שטענדיג פון די קאלאניסטען איגנארירט געווארען. איינינע פון די געזעצען זיינען אלט געוועזען איבער הונדערט יאר. די קאלאניסטען האבען זיך מיט זיי אבסאלוט ניט גערעכענט. טאונשענד האט באשלאסען, אז פון איצט אן זאלען די אמעריקאנער געצוואונגען ווערען צו פאלגען. שמוגלעריי זאל אינגאנצען אויסגעראטען ווערען; באשולדיגטע אין פארלעצען געזעצען זאלען אויסגעליפערט ווערען קיין ענגלאנד און דארט פראצעסירט ווערען; די ענגלישע באאמטע זאלען אויך מעגען מאכען אבלאוועס ווען און וואו זיי וועלען געפינען פאר נויטיג.

דער דריטער פונקט איז געצילט געוועזען געגען דער פאליטישער ארדנונג אין די קאלאניעס. טאונשענד האט באשלאסען אוועקצונעמען ביי די אסעמבלים אין די קאלאניעס זייער הויפט וואפען געגען די גאווערנארס און די ריכטער. די וואפען איז באשטאנען אין דעם, וואס די אסעמבלים פלעגען יעדען יאר באשטימען דעם געהאלט פאר די באאמטע און דעם געהאלט אויסצאלען. ווען א גאווערנאר פלעגט ניט אונטערשרייבען די בילס וואס די אסעמבלי האט דורכגעפירט פלעגט די אסעמבלי „פארגעסען" צו באשטימען זיין געהאלט פאר יענעם יאר. ריכטער וואס פלעגען ניט פסק'ענען לויט דעם שולחן ערוך פון דער אסעמבלי פלעגען האבען דעם זעלבען מזל. די דאזיגע סיסטעם האט אפגעשוואכט די מאכט פון דער ענגלישער רעגירונג אין די קאלאניעס, ווייל די גאווערנארס און די ריכטער זיינען דאך געוועזען די וויכטיגסטע באאמטע פון דער ענגלישער רעגירונג אין די קאלאניעס. טאונשענד האט באשלאסען

אָט די בייטש איבער די גאָווערנאָרס און ריכטער אוועקצונעמען פון די אַסעמבלים. ער האָט פאָרגעשלאָגען אין פּאַרלאַמענט, אַז דאָס געלט וואָס וועט געזאַמעלט ווערען פון די ציגזען אויף גלאָז, פּאַפּיר, פאַרב און טיי זאָל באַנוצט ווערען אויף געהאַלט צו אַלע ענגלישע באַאַמטע אין די קאָלאָניעס.

דאָס גאַנצע פּראָגראַם טאָונשענד׳ס איז אָנגענומען געוואָרען אין פּאַרלאַמענט און האָט געדאַרפט אַריין אין קראַפט אין מיטען מאָנאַט נאָוועמבער אין דעם יאָר 1767. אין מאָנאַט סעפּטעמבער איז טאָונשענד געשטאָרבען. ער האָט ניט דערלעבט צו זען דעם גרויסען פעלער זיינעם. ער האָט פאַרזייט דעם ווינט פון וועלכען די נאָכפאָלגער זיינע האָבען געשניטען דעם שטורם.

די טאָונשענד־געזעצען האָבען אין די קאָלאָניעס ווידער אויפגעוועקט דעם צאָרן געגען ענגלאַנד. ניט בלויז איבער זייער עקאָנאָמישען לעבען האָט ענגלאַנד איצט געזוכט צו באַלעבאַטעווען, נאָר אויך איבער זייער פּאָליטישען לעבען. די ערשטע פּראָטעסט באַמבע האָט געוואָרפען דזשאָן דיקינסאָן, אַ יונגער אַדוואָקאַט פון פילאַדעלפיאַ. דעם צווייטען דעצעמבער, 1767, האָט ער אָנגעפאַנגען צו דרוקען אין דעם „פּענסילווייניאַ קראָניקעל" אַ סעריע פון צוועלף בריף, אונטערגעשריבען: „אַ פּאַרמער". די בריף זיינען געווען אַן ענטפער אויף די טאָונשענד געזעצען. אין זיי איז אויף אַ פּאָפּולערען אופן אויסגעדריקט געוואָרען דער שטאַנדפּונקט פון די גרויסע אַמעריקאַנער מאַסען: אַלע טענות, אַלע קריוודעס געגען ענגלאַנד, געלייטערט אין אַ פייער פון רעוואָלוציאָנערען צאָרן. די בריף זיינען איבערגעדרוקט געוואָרען אין אַ סך צייטונגען איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון לאַנד. שפּעטער זיינען זיי אָפּגעדרוקט געוואָרען אין בראָשורען און זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען אין די צענדליגער טויזענטער אין אַמעריקאַ און אין ענגלאַנד. מען האָט זיי אַפילו איבערזעצט אויף פראַנצויזיש. זיי האָבען אויפגעשטורעמט דאָס לאַנד. דיקינסאָן איז געוואָרען דער העלד פון טאָג. שטעט האָבען אים אַריינגעשיקט דאַנק־רעזאָלוציעס. מען האָט צו אים געטרונקען טאָוסטען ביי עפענטליכע באַנקעטען. דיכטער האָבען געווידמעט לידער צו אים.

אין די בריף האט ער זיך ערשטענס אויסגע'טענה'ט מיט ענג־לאנד און געזוכט צו באווייזען, אז לויט דער ענגלישער קאנסטי־טוציע טאר דער פארלאמענט ניט ארויפלעגען קיין שום שטייער אויף די קאלאניעס. דאן האט ער אויפגעפאדערט די קאלאניסטען זיי זאלען זיך פארטיידיגען געגען דער פארגוואלטיגונג פון זייערע רעכט און פרייהייט. ער האט אויפגעפאדערט די קאלאניעס זיי זאלען זיך פאראייניגען „אין איין פאליטישער קערפערשאפט אין וועלכער יעדע קאלאניע זאל זיין א מיטגליד". דיקינסאן האט זיך געהיט ארויסצוטרעטען אפען מיט אן אויפרוף צו רעוואלוציע. אבער צווישען די שורות האט מען עס אין דעם אויפרוף געקענט לייכט לעזען. אין איין פלאץ דערקלערט ער, אז „מיר זיינען אויף אזוי פיל אפהענגיג פון ענגלאנד אויף וויפיל איין פריי פאלק איז אפהענגיג פון אן אנדער פריי פאלק".

דריי טעג נאכדעם ווי דיקינסאן האט אנגעהויבען צו דרוקען זיין סעריע בריף האט ער געשריבען א בריף צו דזשיימס אטיס אין באסטאן, אין וועלכע עס געפינט זיך פאלגענדע שטעל: „מאסאטשוסעטס מוז די ערשטע אנצינדען דעם הייליגען פלאם, וועלכער זאל ווארימען און באלייכטען דאס גאנצע לאנד. די קא־לאניעס מוזען זיך גלייך פאראייניגען און באשיצען די פרייהייט, מיט וועלכע גאט אליין האט אונז פריי געמאכט".

און מאסאטשוזעטס האט זיך ווירקליך די ערשטע אפגערופען. די צייט איז דאן געווען א שווערע. אין די שטעט און שטעטלאך זיינען אפגעהאלטען געווארען פארזאמלונגען און בעראטונגען אויף וועלכע ענגלאנד איז אנגעגריפען געווארען פון רעדנער און פאר־דאמט געווארען אין רעזאלוציעס. אויף איר איז געווארפען געווא־רען די שולד פאר די פיל באנקראטען, פאר דעם שלעכטען האנ־דעלס-צושטאנד, דעם מאנגעל אין געלט, און דער אלגעמיינער נויט. דער גרויסער עולם האט זיך ניט געקענט פאנאנדערקלייבען אין די זאכען פאר וועלכע ענגלאנד איז ווירקליך פאראנטווארטליך גע־ווען, און פאר וועלכע ניט. האבען זיי אלץ ארויפגעווארפען אויף איר.

ביי די פארזאמלונגען האבען זיך די איינוואוינער פארפליכ־

מעט ניט צו קויפען געוויסע סחורות וואָס זיינען אימפּאָרטירט גע־וואָרען פון ענגלאַנד. זיי האָבען זיך פאַרפּליכטעט צו קויפען גלאָז און פּאַפּיר פון היימישע פאַבריקען. פרויען האָבען אַ נדר געטאָן ניט צו טרינקען קיין טיי. זיי האָבען זיך אויך אונטערנומען צו שפּי־נען און וועבען כדי זיי זאָלען ניט דאַרפען קויפען קיין קליידער פון ענגלאַנד. די ציַיטונגען האָבען וועגען די אַלע זאַכען געשריבען און אַנגעפירט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע.

דער וויכטיגסטער קאַמפּס־מיטעל איז אָבער געווען דער באָי־קאָט פון די סוחרים, די התחייבות וואָס זיי האָבען גענומען אויף זיך ניט צו קויפען קיין סחורה אין ענגלאַנד. די באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבען אין מאַסאַטשוזעטס און האָט זיך פאַרשפּרייט אי־בער אַלע קאָלאָניעס. דער אָנפאַנג איז געמאַכט געוואָרען אין באָס־טאָן, ביַי אַ באַראַטונג פון סוחרים אין מאָנאַט מערץ, 1768. די באַראַטונג האָט באַשלאָסען, אַז באָסטאָן זאָל ניט אימפּאָרטירען קיין סחורה פון ענגלאַנד אַ יאָר נאָכאַנאַנד אויב ניו יאָרק און פי־לאַדעלפיאַ וועלען איינשטימען צו טאָן דאָס זעלבע.

די סוחרים זיינען געווען אויפגערעגט ניט אַזוי צוליב די ניַיע שטייערן, ווי צוליב דער ניַיער שטרענגער אויפזיכט אין די האַ־פענס. ענגלאַנד האָט אין 1767 אַריבערגעשיקט אַהער אַ גאַנצע מחנה פון ניַיע באַאַמטע צו באַוואַכען די האַפענס געגען שמוגלעריי. די ניַיע מענשען האָבען זיך ניט געלאָזט אַזוי לייכט אונטערקויפען. די סוחרים און די שיף־קאָמפּאַניעס האָבען געמוזט צאָלען און איינ־לעגען „באָנדס“. די באַאַמטע האָבען זיך באַנוצט מיט די „ריטס אָוו אַסיסטענס“ צו מאַכען אָבלאַוועס. עס איז געוואָרען אַזוי שווער צו שמוגלען, אַז טייל געשעפטען האָבען זיך אינגאַנצען אָפּגע־שטעלט. עס האָט זיך ניט געלוינט צו ריזיקירען. די סוחרים האָ־בען געפילט, אַז עס איז קיין אַנדער ברירה ניטאָ ווי שטעלען זיך געגען דער רעגירונג.

אין אַפּריל האָבען די סוחרים פון ניו יאָרק אויך אָפּגעהאַלטען אַ באַראַטונג און באַשלאָסען ניט צו אימפּאָרטירען קיין סחורות פון ענגלאַנד. זיי האָבען אָבער דעם באָיקאָט אָפּגעלעגט אויף דעם ערשטען אָקטאָבער און דערביַי געשטעלט דעם באַדינג, אַז באָס־

טאן און פילאדעלפיא מוזען עס דעם באיקאט צושטיין. צוציען פילאדעלפיא איז אנגעקומען שווער. אבער ענדליך איז עס געלונגען אויך אויף די פילאדעלפיער סוחרים צו ווירקען. דער באיקאט פון די דריי גרעסטע האנדעלס־שטעט איז ענדליך אריין אין קראפט אין משך פון די ערשטע מאנאטען פון יאר 1769.

די דריי שטעט האבען ניט געטרויט איינע דער אנדערער. דערפאר איז עס אנגעקומען שווער דורכצופירען דעם בשותפות׳דיגען באיקאט. יעדערער האט מורא געהאט, אז די אנדערע וועלען שטילערהייט ארייגפירען סחורה און פארכאפען דעם מארק. דעם זעלבען חשד האבען אויך געהאט די איינצעלנע סוחרים, איינער געגען אנדערען, אין יעדער שטאט באזונדער. אין באסטאן איז ערשינען א לאיאלע צייטונג, „דער באסטאן קראניקעל“, און זי האט אויף זיך גענומען די אויפגאבע צו איבערציינגען די סוחרים, אז זיי האבען פארטעטער אין זייערע אייגענע רייען. זי פלעגט פון צייט צו צייט דרוקען ליסטען פון סחורות וואס סוחרים האבען שטילערהייט אימפארטירט. זי פלעגט די ליסטען באקומען פון די פארטבאאמטע. אין איינעם פון די ארטיקלען האט זי באשולדיגט דעם וויכטיגסטען סוחר פון באסטאן, דעם גרויסען פאטריאט, דזשאן הענקאק, אז ער פירט אריין שטילערהייט גאנצע שיפען מיט סחורה פון ענגלאנד. ווי ווייט די באשולדיגונגען זיינען געווען אמת קען מען נאך ביז היינטיגען טאג ניט וויסען. מען ווייס אבער אויף זיכער, אז ענגלאנד האט פון דעם באיקאט שטארק געליטען. אין משך פון א יאר איז איר האנדעל מיט די קאלאניעס געפאלען אויף א העלפט.

די באיקאט־באוועגונג האט אין די קאלאניעס פון דער סאוט אנגענומען אן אנדער כאראקטער ווי אין די קאלאניעס פון דער נארטה. אין דער סאוט זיינען געווען גרויסע פלאנטאציעס, וואס פלעגען פארקויפען זייערע פראדוקטען צו ענגלאנד און די אייגענטימער פלעגען פאר׳ן געלט דארטען קויפען פאבריצירטע סחורות. די סוחרים וועלכע האבען געפירט אט דעם אויסבייט זיינען געווען ענגלענדער און סקאטלענדער, אבער ניט קיין אמעריקאנער. אט די סוחרים האבען אלזא וועגען א באיקאט ניט געקענט קלערען.

זיי האט ווייניג־וואס געקימערט דער קאמף צווישען די קאלאניעס און ענגלאנד איבער פאליטישע אדער עקאנאמישע פראגען. זיי האבען געזוכט זייערע פראפיטען דורך האנדעל. פאר׳ן באיקאט זיינען דארטען געשטאנען די ארימע מאסען, די ארבייטער און די קליינע פארמער, און אויך א טייל פון די רייכע פלאנטאטארס. אין ווירדזשיניא האט דזשארדזש וואשינגטאן, צוזאמען מיט נאך אייניגע מיטגלידער פון דער ווירדזשיניא׳ער אסעמבלי, ארגאניזירט דעם באיקאט. אין סאוט־קאראליינא איז דער אנפירער געווען דער ראדיקאלער פארמער קריסטאפער גערסדען. אין נארט קאראליינא האבען אויך דעם באיקאט ארגאניזירט די רעוואלוציאנערע ארבייטער און פארמער. עס מוז אבער אנגעוויזען ווערען, אז אין די קאלאניעס פון דער סאוט זיינען די רעזולטאטען פון דעם באיקאט געווען זייער שוואכע. אין דער נארט האט מען געקענט היטען און צווינגען די וואקעלדיגע סוחרים זיי זאלען פאלגען. דא זיינען גע־ווען גרויסע שטעט. אבער אין דער סאוט האבען די רייכע פאר־מער געלעבט פאנאנדערגעווארפען. איינער פון אנדערען האט גע־וואוינט אפגערוקט אויף מיילען ווייט, האט זיך יעדערער שטילער־הייט אונטערגעזינדיגט. אפילו דזשארדזש וואשינגטאן האט בא־האלטענערהייט געקויפט באיקאטירטע סחורה. עס איז א פאקט, אז בשעת אין די קאלאניעס פון דער נארט איז דער האנדעל מיט ענגלאנד פארקלענערט געווארען אויף פופציג פראצענט, איז ער אין די קאלאניעס אין דער סאוט פארגרעסערט געווארען אין משך פון דעם באיקאט־יאר.

צום סוף פון יאר 1769 האט דער ענגלישער פארלאמענט בא־שלאסען אפצושאפען די שטייערען פון דעם טאונשענד־געזעץ, און אין אנפאנג פון 1770 איז דער באשלוס דורכגעפירט געווארען. דער פארלאמענט האט איינגעזען, אז עס לוינט זיך פשוט ניט די שטייע־רען אנצוהאלטען: אריינגעטראגען האבען זיי איינגאנצען ארום 80 טויזענט דאלאר א יאר, און אפגעקאסט צו זאמלען האבען זיי צען מאל אזוי פיל. עס איז אויך א סברה, אז ענגלאנד האט זיך אין יענער צייט ווידער גענומען שרעקען פאר פראנקרייך. זי האט זיך דערוואוסט, אז די קאלאניסטען קלייבען זיך צו אפעלירען צו

פראנקרייך זי זאל זיי העלפען געגען ענגלאנד. אנגאנצען נאכגעבען די קאלאניעס האט דער פארלאמענט ניט געוואלט. האט ער געהאנדעלט לויט דעם רעצעפט פון דעם סטעמפ־עקט. ער האט אפגעשאפט דעם שטייער, ער האט אבער אונטערשטראכען דעם פרינציפ, אז די ענגלישע רעגירונג האט א רעכט צו באשטייערען די קאלאניעס. אבער דאס מאל האט זיך דער פארלאמענט ניט באנוגענט מיט אויסדריקען דעם פרינציפ מיט ווערטער. ער האט איבערגעלאזען א פראקטישען זכר צום פרינציפ: ער האט דעם שטייער פון טיי ניט אראפגענומען. עס האט געהייסען, אז דער קליינער צינז אויף טיי בלייבט אלס א סימבאל, אז דער פארלאמענט האט די מאכט ארויפצולעגען שטייערען אויף די קאלאניעס.

.5

# די אומרוהען אין באָסטאָן — די „באָסטאָנער שחיטה“

דער פּונקט אין טאָונשענד'ס פּראָגראַם וועגען אַ שטרענגען וואַך ביי די האַפענס האָט געפירט צו מער ערנסטע רעזולטאַטען, ווי דער פּונקט וועגען די שטייערען. ענגלאַנד האָט אריינגעשיקט אַ גאַנצע אַרמיי פון באַאַמטע, צו היטען, דער עיקר, דעם באָסטאָנער האַפען, און די הענדלער האָבען צום ערשטען מאָל דערפילט די שטאַרקע האַנט פון געזעץ. עס איז געוואָרען כמעט אוממעגליך צו שמוגלען סחורה. דער טאַריף אויף טייל סחורות, וואָס זיינען אימ־פּאָרטירט געוואָרען פון אַנדערע לענדער, איז געווען אומגעהייער הויך, איבערהויפּט דער טאַריף אויף וויין.

דעם ערשטען אָפּרוף אויף אָט דער גזירה האָט ענגלאַנד באַ־קומען אין מאָנאַט פעברואַר, 1768. צום באָסטאָנער סוחר, דעניעל מעלקאָלם, האָט געדאַרפט אָנקומען אַ שיף מיט וויין. ער האָט זיך געווענדט צו די ענגלישע האַפען־באַאַמטע מיט דער פראַגע צי זיי וועלען לאָזען אַראָפּדינגען פון דעם שטייער. דער ענטפער איז גע־ווען אַ שאַרפער ניין. אין עטליכע טעג אַרום איז די שיף אָנגעקור־מען. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט פינף מייל פון ברעג. אין מיטען נאַכט איז מעלקאָלם צוגעפאָרען צו דער שיף, האָט אַראָפּגענומען די וויין אויף קליינע שיפלאַך און אַזוי־אַרום געבראַכט די וויין אין שטאָט אריין. דורכגעפירט די שטיקעל אַרבייט האָט מעלקאָלם מיט דער הילף פון באַוואָפענטע מענשען. אויף מאָרגען איז די שיף אריינגעפאָרען אַ ליידיגע אין האַפען. אַלע האָבען געוואוסט וואָס עס האָט פּאַסירט. די האַפען־באַאַמטע האָבען אָבער ניט גע־

וואגט מעלקאלם'ן צו ארעסטירען. (א פאר וואכען שפעטער האט מעלקאלם, מיט דער הילף פון נאך עטליכע הענדלער, פאררופען די ערשטע בעראטונג וועגען באיקאטירען ענגלישע סחורה).

א פיל ערנסטער פאל האט פאסירט מיט א פאר מאנאטען שפעטער. אנהויב יוני איז אין באסטאנער האפען אנגעקומען א שיף מיט וויין. די סחורה האט באלאנגט צום רייכסטען סוחר פון שטאט, צום יונגען דזשאן הענקאק. אין זיין מעלדונג צו די האפען־באאמטע האט ער אנגעגעבען די צאל פון די פעסער וויין אלס זייער א קליינע. די באאמטע האבען געשיקט זייערען א מענשען צו מאכען אן אונטערזוכונג אויף דער שיף. אזוי שנעל ווי דער באאמטער איז ארויף אויפ'ן שיף זיינען די מאטראסען אים באפאלען, האבען אים געבונדען און פארשפארט אין א קאיוטע. דאן האבען חברה צוגעפירט די וויין צום ברעג און הענקאק האט די סחורה אוועקגעפירט אין זיין געשעפט. די ענגלישע באאמטע האבען פארכאפט די ליידיגע שיף און זי צוגעפירט צו זייערער א קריגס־שיף, וואס איז געשטאנען אין באסטאנער האפען. די נייעס איז באלד צוטראגען געווארען איבער דער גאנצער שטאט. א גרויסער עולם האט זיך פארזאמעלט און גענומען מאכען ראיאטען. איינעם פון די ענגלישע האפען־באאמטע האבען זיי גוט צושלאגען. איין ענגלישע שיף נעבען ברעג האבען זיי אונטערגעצונדען. דאן זיינען זיי אוועק צו די וואוינונגען פון די צוויי הויפט באאמטע און האבען דארטען צעבראכען די פענסטער. די שטאט איז א פאר טעג געווען אין שרעק. די ענגלישע באאמטע האבען זיך באהאלטען אויף דער קריגס־שיף. אין עטליכע טעג ארום זיינען זיי אוועק פון באסטאן און האבען געשיקט ♢ בקשה צום ענגלישען קאמאנדיר אין קענעדע ער זאל ברענגען סאלדאטען קיין באסטאן.

אזעלכע אומרוהען זיינען פארגעקומען אין אנדערע שטעט אויך. אין ניופארט, ראוד איילאנד, האבען די איינוואוינער געכאפט א קליין שיפעל וואס פלעגט טרייבען די שמוגלערס און עס פארברענט. אין פילאדעלפיא איז א המון באפאלען דעם קעלער וואו די באאמטע האבען אפגעלייגט קאנפיסקירטע וויין. זיי האבען דעם וויין צוגענומען און די ענגלישע באאמטע גוט צושלאגען.

אין זעלבען מאנאט יולי, ווען באסטאן האט געשטורעמט מיט דעם פאל פון הענקאק'ס שיף, איז פארגעקומען נאך א צוזאמענשטויס מיט ענגלאנד. מיט איינינע מאנאטען פריער האט די אסעמבלי פון מאסאטשוזעטס באשלאסען צו שיקען בריף צו די אסעמבלים פון אנדערע קאלאניעס און זיי אויפפאדערען צו פראטעסטירען געגען די טאונשענד־געזעצען. די האנדלונג פון דער מאסאטשוזעטס'ער אסעמבלי איז אין ענגלישען פארלאמענט פארדאמט געווארען אלס פאראט, און אין יוני האט דער ענגלישער גאווערנאר פון מאסאטשוזעטס באקומען א באפעל פון זיין רעגירונג ער זאל אויפפאדערען די אסעמבלי זי זאל צוריקרופען איר בריף, און אויב זי וועט זיך אנטזאגען, זאל ער די אסעמבלי צומאכען. דער גאווערנאר האט דעם באפעל דורכגעפירט; ער האט די אסעמבלי פאנאנדערגעטריבען. די פאסירונג האט געווירקט ווי אויל אויף פייער. ענגלישע באאמטע זיינען באפאלען געווארען אין מיטען גאס. דער גאווערנאר האט געציטערט פון הויז ארויסצוגיין. ער האט גענומען בעטען ביי דער רעגירונג זי זאל שיקען סאלדאטען. די רעגירונג האט גלייך ארויסגעשיקט צוויי אירישע רעגימענטען.

ווארטען ביז די סאלדאטען וועלען קומען פון יענער זייט ים איז געווען צו לאנג. האט דער גאווערנאר געשיקט א רוף נאך הילף צום ענגלישען גענעראל געידזש, וועלכער איז דעמאלט געשטאנען מיט עטליכע טויזענט סאלדאטען אין ניו יארק. (די ארמיי איז שוין דארט געווען עטליכע יאר. דאס איז געווען די רעגולערע ארמיי וואס ענגלאנד האט געהאלטען אז די קאלאניעס צו באשיצען איר טעריטאריע געגען אנדערע פעלקער). געידזש איז גלייך געקומען קיין באסטאן מיט טויזענט סאלדאטען.

די נייעס, אז סאלדאטען קומען האט אויפגעשטורעמט גאנץ מאסאטשוזעטס. אין דער „באסטאן גאזעט" איז ערשינען אן ארטיקעל וואס האט דערקלערט, אז מיט דער דאזיגער האנדלונג האט ענגלאנד אפגעשניטען אלע באציאונגען מיט אירע אמעריקאנער קאלאניעס, אז די קאלאניסטען וועלען קיינמאל ניט איינוויליגען צו זיין שקלאפען. עס איז גלייך פאררופען געווארען א שטאט

אסיפה, וועלכע האט באשלאסען איינצורופען א צוזאמענפאר פון אלע שטעט אין מאסאטשוזעטס. די אסיפה האט אויך געשיקט א פעטיציע צום גאווערנאר, ער זאל ערלויבען די אסעמבלי זיך צו פארזאמלען. דער גאווערנאר האט זיך אנטזאגט אנצונעמען די פעטיציע.' ער האט געענטפערט מיט א ווארנונג, אז אויב דער צוזאמענפאר וועט אפגעהאלטען ווערען וועט ער אלע דעלעגאטען באשטראפען.

דעם 28טען סעפטעמבער זיינען אין באסטאן אנגעקומען די ערשטע טויזענט סאלדאטען פון ניו יארק. אין זעקס וואכען ארום זיינען אנגעקומען די צוויי רעגימענטען (ארום 2500 סאלדאטען) פון ענגלאנד.

די שטאט-באאמטע פון באסטאן האבען אפגעהאלטען א באראטונג און געלאזט וויסען די ענגלישע קאמאנדירען, אז די שטאט וועט די סאלדאטען ניט אויסהאלטען. זיי האבען אויסגעטייטשט א געוויסען געזעץ, אז די סאלדאטען טארען אין שטאט ניט שטיין, אז זיי מוזען זיך אויפהאלטען אין די קאזארמעס אויף אן אינזעל אין האפען. דער הויפט קאמאנדיר האט זיך ניט געקענט העלפען. ער האט פאר די סאלדאטען אויפגעשטעלט ביידלאך אין מיטען שטאט אויפ'ן „קאמאנס". א טייל האט ער אריינגעשיקט אין פעניועל האל. א צאל סאלדאטען זיינען קראנק געווארען און געשטארבען. דער ענגלישער קאמאנדיר האט ערקלערט, אז די סאלדאטען זיינען געשטארבען ווייל זיי האבען ניט געהאט קיין ווארימע וואוינונג. די אמעריקאנער האבען ערקלערט, אז זיי זיינען געשטארבען פון צו פיל שכור'ן. געענדיגט האט זיך דער סכסוך דערמיט, וואס דער ענגלישער גענעראל געידזש האט פאר די סאלדאטען אפגעדונגען הייזער און זיי דארטען אריינגעזעצט, געצאלט פאר די הייזער האט דער גענעראל פון דער רעגירונגס-קאסע, האפענדיג, אז ער וועט שפעטער דאס געלט אויפמאנען פון באסטאן.

באסטאן האט זי געפילט שטארק באליידיגט איבער די סאלדאטען. מען האט דא זיי אריינגעשיקט ספעציעל כדי די איינוואוינער אנצושרעקען. די סאלדאטען פלעגען זיך מושטירען אין מיטען גאס, פלעגען קלאפען אין די פויקען און שפילען אויף פייפ-

לאַך. ביינאַכט פלעגען זיי אַרומשפּאַצירען מיט זייערע רויטע נע־זער, טרינקען און הוליען. די שנאה און אויפרעגונג געגען די סאָל־דאַטען איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג.

די רעוואָלוציאָנער געשטימטע איינוואוינער האָבען אָפען אַרויסגעוויזען זייער אויפרעגונג. זיי פלעגען זיך מיט די סאָלדאַ־טען פאַרטשעפּען, זיי זידלען. זיי האָבען אָפּט אויסגעלאָזען זייער כעס צו די „לאָיאַלע" אין דער קאָלאָניע, צו די וואָס האָבען סימ־פּאַטיזירט מיט די ענגלישע מעטאָדען. דעם 22סטען פעברואַר, 1770, איז אַ המון באַפאַלען אַן ענגלישען באַאַמטען וועלכער איז פריער געווען אַ שפּיאָן פאַר די ענגלישע שטייער־באַאַמטע. זיי האָבען אים פאַריאָגט אין אַ הויז און ווען ער איז געווען הינטער דער טיר האָט ער אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער און אויסגעשאָסען. די קויל האָט דער׳הרג׳עט אַן עלף יאָריגען אינגעל, אַ קינד פון דייטשישע על־טערען מיט׳ן נאָמען סיידער. דער באַאַמטער איז אַרעסטירט גע־וואָרען. די דזשורי האָט אים געפונען שולדיג אין מאָרד. די ראַ־דיקאַלען האָבען אויסגענוצט די געלעגענהייט פאַר אַגיטאַציע. זיי האָבען דעם דערמאָרדעטען אינגעל פּראָקלאַמירט אַלס מאַרטירער פאַר׳ן פרייהייטס־קאַמף און געמאַכט פאַר אים אַ גרויסע, איינ־דרוקספולע פאָלקס־לויה. די באָסטאָנער צייטונגען זיינען געווען פול מיט רעוואָלוציאָנערע אַרטיקלען. פּראָמינענטע לאָיאַליסטען האָבען געפילט, אַז זייערע לעבענס זיינען אין געפאַר, און זיי פלע־גען שלאָפען מיט אָנגעלאָדענע רעוואָלווערען אונטער די קישענס. די צייטונגען האָבען געדרוקט באַריכטען וועגען סאָלדאַטען וואָס באַליידיגען און באַפאַלען אומשולדיגע איינוואוינער. צי די באַ־ריכטען זיינען געווען אמת׳ע אָדער אויסגעטראַכט פאַר פּראָפּאַ־גאַנדע צוועקען, איז אוממעגליך צו באַשטימען. דער גרויסער עולם יעדענפאַלס האָט זיי געגלויבט. די צייטונגען האָבען אָפּט דיסקו־טירט די פראַגע צי די סאָלדאַטען וועלען זיך דערוועגען צו שיסען אויפ׳ן פאָלק. עטליכע מאָל זיינען פאָרגעקומען געשלעגען צווישען סאָלדאַטען און בירגער.

דעם 5טען מערץ, 1770, איז אין באָסטאָן פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס צווישען איינוואוינער און סאָלדאַטען. דער דאָזי־

גער צוזאמענשטויס איז שנעל בארימט געווארען איבער'ן גאנצען לאנד אלס די „באסטאנער שחיטה“ (דהי באסטאן מעסעקער) און איז זייער שטארק אויסגענוצט געווארען אין דער רעוואלוציאנע־רער פראפאגאנדע אין די נעקסטע עטליכע יאר. ווער עס איז פאר דער שחיטה פאראנטווארטליך געווען וועט מסתמא קיינמאל ניט פעסטגעשטעלט ווערען. אפילו די פירער פון דער רעוואלוציאנע־רער באוועגונג אין יענער צייט זיינען צוטיילט געווען אין דער פראגע. טייל זיינען געשטאנען אויף דער זייט פון די סאלדאטען און זיי אפילו פארטיידיגט אין געריכט. מיר וועלען דא איבער־געבן די איינצעלהייטען פון דער פאסירונג, ווי זיי זיינען אנגע־נומען ביי די מאדערנסטע אמעריקאנישע היסטאריקער.

דעם צווייטען מערץ איז פארגעקומען א געשלעג צווישען אר־בייטער און סאלדאטען. דריי טעג שפעטער האבען זיך אין די גאַ־סען באוויזען גרופעס סאלדאטען. די לופט איז פול געווען מיט אומרו, מיט אויפרעגונג. ביידע צדדים האבען געוואוסט, אז דער טאג וועט גלאט ניט אפלויפען. אזייגער אכט אין דערפרי האבען גענומען קלינגען די גלאקען. גלאקען־קלאנג איז דעמאלט געווען א סיגנאל פון א שרפה. א גרויסער עולם איז זיך צונויפגעלאפען ארום דעם „קאסטאם־הויז“, וואו עס האבען זיך אויפגעהאלטען סאלדאטען און האט זיך גענומען רייצען מיט'ן סאלדאט וואס איז געשטאנען אויף דער וואך ביי דער טיר. אן אונטער־אפיציר מיט זעקס סאלדאטען זיינען ארויסגעלאפען דעם סאלדאט צו באשי־צען. באלד נאך זיי איז ארויסגעקומען דער קאפיטאן פון רעגי־מענט, מר. פרעסטאן. דער עולם איז געווארען גרעסער פון מינוט צו מינוט. מען האט גענומען ווארפען שטיינער און שטעקענס אויף די סאלדאטען. טייל האבען זיך גערייצט און געשריען צו די סאל־דאטען: „נו, פארוואס שיסט איר ניט!“ דאן האט איינער פון די סאלדאטען געקראגען א קלאפ און איז געפאלען. אזוי שנעל ווי ער האט זיך אויפגעהויבען האט ער אויסגעשאסען. די איבעריגע סאל־דאטען האבען דעם שאס גענומען אלס א סיגנאל און האבען אויך גענומען שיסען. דריי פון דעם עולם זיינען געפאלען טויט אויפ'ן ארט. צוויי האט מען צוגענומען טויטליך פארוואונדעט.

קאַפּיטאַן פּרעסטאָן האָט זיך אַליין איבערגעגעבן צו די ציווילנע שטאַט־באַאמטע. צוויי פון די אַנגעזעענסטע אַדוואָקאַטען פון באָסטאָן, דזשאָן אַדעמס און דזשאָשואַ קווינסי, האָבען זיך אַליין אָנגעבאָטען צו פאַרטיידיגען די סאָלדאַטען אין געריכט. אַלע אָנגעקלאָגטע זיינען אַרויס פריי, אויסער צוויי וועלכע האָבען באַקומען אַ לייכטע שטראָף.

די פּאַטריאָטען *) האָבען אָבער גלייך גענומען שטורמען. אויף מאָרגען נאָך דער שחיטה איז פאַררופען געוואָרען אַ גרויסע שטאָט־אסיפה. אַ קאָמיטע פון 15 איז אויסגעקליבען געוואָרען צו גיין צום וויצע־גאָווערנאָר האַטשינסאָן און פאָדערען פון אים ער זאָל גלייך צוריקציען די סאָלדאַטען פון שטאָט. בראש פון דער קאָמיטע איז געשטאַנען סעמיועל אַדעמס. דער וויצע גאָווערנאָר האָט געענטפערט דער קאָמיטע, אַז ער האָט קיין דעה ניט איבער די סאָלדאַטען. זייער הויפּט קאָמאַנדיר, גענעראַל געידזש, איז ניט געווען אין שטאָט. האַטשינסאָן האָט אָבער איינגעוויליגט אַוועקצונעמען פון שטאָט דעם רעגימענט, צו וועלכען די סאָלדאַטען וואָס זיינען פאַרמישט געווען אין דער שיסעריי האָבען געהערט. די קאָמיטע איז צוריקגעקומען צו דער אסיפה מיט דעם ענטפער. אין זאַל זיינען בשעת מעשה געווען דריי טויזענט אויפגערעגטע מענשען. אַדעמס האָט פאַר זיי געהאַלטען אַ פייערדיגע רעדע און געראַטען זיי זאָלען דעם ענטפער צוריקווייזען. זיינע ווערטער זיינען מיט באַגייסטערונג געשטיצט געוואָרען פון אַלע אַנוועזענדע. אַ צווייטע קאָמיטע, ווידער מיט סעמיועל אַדעמס בראש, איז געשיקט געוואָרען צום וויצע־גאָווערנאָר. אין רעגירונגס־פּאַלאַץ זיינען געזעסען אַלע הויכע מיליטער באַאמטע מיט האַטשינסאָן און זיין סוויטע. אַדעמס האָט זיך געווענדעט צום וויצע־גאָווערנאָר מיט די פאָלגענדע ווערטער: „אויב איר האָט די מאַכט אַרויסצושיקען פון שטאָט איין רעגימענט, האָט איר די מאַכט אַרויסצושיקען אויך די איבער־

*) מיט דעם נאָמען פּאַטריאָטען זיינען באַצייכענט געוואָרען די מענשען וואָס האָבען זיך געבונטעוועט געגען ענגלאַנד. די וואָס האָבען געהאַלטען מיט ענגלאַנד זיינען באַצייכענט געוואָרען מיט'ן נאָמען לאָיאַליסטען.

ריגע. איר שפּילט זיך מיט פייער. אויף אונזער אסיפה זיינען פאראן דריי טויזענט מענשען. זיי זיינען אומגעדולדיג. פון דער ארומיגער געגענט זיינען שוין אנגעקומען נאך טויזענט פערזאן. דאס גאנצע לאנד איז אויפגעבראכט. די נאכט קומט אן. מיר ווארטען אויף א באלדיגען ענטפער. ביידע רעגימענטען מוזען גיין!"

דער וויצע-גאווערנאר האט זיך דערשראקען און האט זיך אונטערגעגעבען. ער האט געהייסען די סאלדאטען גלייך פארלאזען די שטאט; זיי האבען אוועקגעמארשירט אין די קאזארמעס אויף אן אינזעל אין באסטאנער האפען.

די „באסטאנער שחיטה" איז געווארען די טעמע פאר רעוואלוציאנערע רעדנער און שרייבער. יארען לאנג איז דער יארצייט פון די ערמארדעטע געפייערט געווארען אלס א רעוואלוציאנערער טאג. דער ערשטער יארצייט איז געפייערט געווארען אויף דעם פאלגענדען אופן: אין פענסטער פון פאול רעוויער'ס הויז זיינען פארגעשטעלט געווארען עטליכע בילדער. איין בילד האט געוויזען דעם גייסט פון דעם יונגען סיידער. איין פינגער זיינער איז געלעגען אויף דער וואונד. אזוי ווי ער וואלט געוואלט זי פארשטאפען קיין בלוט זאל ניט רינען. נעבען אים זיינען געשטאנען זיינע פריינט און האבען געוויינט. אין צווייטען פענסטער איז פארגעשטעלט געווארען ווי די ענגלישע סאלדאטען שיסען אויף א מאסע בירגער. עטליכע טויטע זיינען געלעגען אויף דער ערד. עטליכע פארוואונדעטע האבען געהאלטען אין פאלען און בלוט איז געפלאסען פון זייערע וואונדען. אויף א טאבעלע זיינען געווען אויסגעקריצט די נעמען פון די פינף וואס זיינען אומגעקומען אין דער „באסטאנער שחיטה"*).

*) אין דעם יאר 1887 האט די לעדזשיסלייטשור פון מאסאטשוזעטס געוואלט אויפשטעלען א מאנומענט נאך די קרבנות פון דער באסטאנער שחיטה. אבער די „היסטארישע געזעלשאפט" פון דעם סטייט האט געגען דעם פראטעסטירט. זי האט אנגענומען א רעזאלוציע אין וועלכע עס ווערט דערקלערט: „מיר האבען מיט פארדרוס געהערט, אז עס ווערט געפלאנט צו געבען די קרבנות א דאנקבארע אנערקענונג אויף קהל'שע הוצאות". די רעזאלוציע באווייזט וואסער מיינונג עס הערשט צווישען די היסטאריקער וועגען יענער שחיטה. עס מוז דערביי באמערקט ווערען, אז עס זיינען איצט דא היסטאריקער אין אמעריקע וואס שטייען אינגאנצען אויף ענגלאנד'ס צד אין דער רעוואלוציע.

.6

# רעוואָלוציאָנערע קלובען און רעוואָלוציאָנערע פראָפּאַגאַנדע

די צוגרייטונגס־ארבייט צו דער רעוואָלוציע איז געווען טיילווייז א גייסטיגע און טיילווייז א פיזישע. עס איז נויטיג געווען אי אָנצופירען פראָפּאַגאַנדע אי אָנצוזאַמלען פיזישע כחות. פשוט'ער גערעדט, מען האָט געמוזט באַנוצען אי דעם מאָרך, אי דעם פויסט. וועגען דער טעטיגקייט אויף דעם גייסטיגען געביט זיינען אַלע פאַקטען פאַר אונז איצטער גוט באַוואוסט. די אַרבייט איז אָנגעפירט געוואָרען עפענטליך. די רעוואָלוציאָנערע טענות זיינען געדרוקט געווען אין די צייטונגען און אין פאַמפלעטען און זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען פראַנק און פריי אָן שום שטערונג פון דער ענגלישער רעגירונג. אָבער וועגען דעם אַנדערען טייל פון דער אַרבייט איז אונז היינט ווייניג־וואָס באַקאַנט. יענע אַרבייט איז, פאַרשטייט זיך, געטאָן געוואָרען אין געהיים. אונטעראירדיש און א כּל דערפון איז פאַרבליבען א געהיימניס ביז היינטיגען טאָג.

די געהיימע אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך גערופען „סאָנס אָוו ליבערטי" (קינדער פון פרייהייט). דער ערשטער קלוב אונטער דעם דאָזיגען נאָמען איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין באָסטאָן אין יאָר 1765, גלייך נאָכדעם ווי דער ענגלישער פאַרלאַמענט האָט דורכגעפירט דעם „סטעמפּ־עקט". די מיטגלידער זיינען געווען ראַדיקאַלען פון סעמיועל עדעמס'עס חדר. ער אַליין איז געווען א מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע, איינער פון אירע אָנפירער. די באַראַטונגען פלעגען אָפּגעהאַלטען ווערען אין א קרעטשמע, שטרענג אין געהיים. ביי יעדען מיטינג פלעגען אַלע מיטגלידער מוזען שווערען

אויף א ביבעל, אז זיי װעלען ניט דערציילען א װארט פון די פאר־האנדלונגען. די וויכטיגסטע פירער פון דער רעװאלוציע אין די ערשטע יארען זיינען געװעזן „סאנס אװ ליבערטי". זיי האבען עס אין באסטאן און אין אנדערע שטעט ארגאניזירט די דעמאנסטראַציעס געגען די פארשיידענע שטייער־געזעצען; זיי האבען עס גע־מאכט די ראיאטען, די אנפאלען אויף די היימען פון די ענגלישע באאמטע און די ענגלישע פארשטייער; זיי האבען עס באשלאסען און דורכגעפירט דעם באיקאט אויף ענגלישע סחורות פאר 1770; זיי האבען עס דורכגעפירט די „באסטאן טהי פארטי". די „סאנס אװ ליבערטי" פלעגען זיך אויך אפט פארזאמלען אויף פארװיי־לונגען. זיי פלעגען צוזאמען טרינקען און זינגען רעװאלוציאנערע לידער.

די טעטיגסטע ארגאניזאציעס זיינען געװעזן אין מאסאטשו־זעטס און ניו יארק. עס זיינען אבער געװעזן אזוינע ארגאניזאציעס אויך אין אנדערע קאלאניעס. אין רוהיגע צייטען פלעגט זייער מיטגלידערשאפט פאלען. קוים אבער פלעגט װערען א טומעל אי־בער א נייער גזירה, אזוי פלעגט די צאל זיך מיט אמאל א הויב טאן. זיי האבען זיך באטראכט פאר די דעה זאגער, פאר די דיק־טאטארס אין די קאלאניעס, און פלעגען ארויסשיקען באפעלען צו די איינוואוינער און געשעפטסלייט אונטערגעשריבען „פרעזי־דענט" אדער „סעקרעטער". קיינער האט ניט געװאוסט װער דער פרעזידענט אדער סעקרעטער איז, קיינער האט ניט געװאוסט װער די מיטגלידער פון דער ארגאניזאציע זיינען. דאך פלעגט מען די באפעלען פאלגען. קאמיטעס פון די „סאנס אװ ליבערטי" פלעגען ארומגיין איבער די געשעפטען און אויספארשען צו די באיקאטען װערען אפגעהיט, צי דער אדער יענער סוחר פירט ניט אריין שטי־לערהייט סחורה פון ענגלאנד. זיי פלעגען נאכשפיאנירען די איינ־וואוינער פון דער שטאט אדער געגענט און אויסגעפינען װער איז פאטריאטיש געשטימט און װער איז לאיאל צו ענגלאנד. און אלץ פלעגט באריכטעט װערען צו די בעראטונגען. זיי האבען אנגעפירט א מין אינקוויזיציע.

במעט אלע מיטגלידער פון די „סאנס" זיינען געקומען פון די

אָרימע קלאַסען. די שטימונג דאָרט איז געווען אַזאַ, אַז די רייכע האָבען זיך דאָרט געפילט אומבאַקוועם. אָבער צווישען די פירער זיינען יאָ געווען אַ סך אַדוואָקאַטען און עטליכע גאַנץ רייכע געשעפטסלייט. די גאָווערנאָרס האָבען אָפט געסטראַשעט אַז זיי וועלען „די סאַנס" אויסראָטען, אָבער זיי איז דאָס ניט געלונגען. צווישען די וויכטיגסטע מיטגלידער אין דעם טעטיגסטען „סאַנס און ליבערטי" קלוב פון באָסטאָן זיינען געווען: דר. דזשאָזעף וואָרען, פּאָול רעוויער, דזשאָן האַנקאָק און דר. טשאָירטש (דער לעצטער האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזען פאַר אַ שפּיאָן). די אַלע זיינען געווען צווישען די טיכטיגסטע בונטשאָוטשיקעס אין די צעהן יאָר פאַר דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע. סעמיועל עדעמס איז געווען דער וויכטיגסטער פירער פון די „סאַנס" אין גאַנץ באָסטאָן. די „סאַנס" זיינען אייגענטליך געווען די סאָלדאַטען מיט וועלכע ער האָט געפירט נעגען ענגלאַנד אַ מין גערילאַ קריג, איידער אים איז געלונגען דאָס גאַנצע לאַנד אויפצוהויבען אין אַן אויפשטאַנד.

די פּראָפּאַגאַנדע־אַרבייט איז געטאָן געוואָרען דורך אינטעליגענטען, די מייסטע פון זיי אַדוואָקאַטען. עס איז געשאַפען געוואָרען אַ גאַנצע ליטעראַטור פון צייטונגס אַרטיקלען, פּאַמפלעטען, בעלעטריסטיק. אייניגע פון די פּאַמפלעטען זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען אין הונדערטע טויזענטע עקזעמפּלאַרען. מען האָט זיי אַפילו איבערגעדרוקט אין ענגלאַנד און דאָרטען פאַרשפּרייט. אין די אַרטיקלען און פּאַמפלעטען זיינען דיסקוטירט געוואָרען די טעאָרעטישע פראַגען וועגען דעם רעכט פון ענגלאַנד צו לייגען שטייערען אויף די קאָלאָניעס, וועגען דעם, צי די קאָלאָניעס דאַרפען זיין פאַרטראָטען אין ענגלישען פּאַרלאַמענט, וועגען די רעכט פון די קאָלאָניסטען אין פאַרגלייך מיט די רעכט פון ענגלישע בירגער און אַזוי ווייטער. אויף די שריפטען פון די פּאַטריאָטישע שרייבער פלעגען ענטפערען לאָיאַלע שרייבער. עס פלעגען פאָרקומען דעבאַטען אין דער פּרעסע און דורך פּאַמפלעטען. גאַנץ אָפט פלעגען זיך די דעבאַטאַנטען אין דער פּרעסע זידלען און מיאוס באַליידיגען.

דער ערשטער וואס איז ארויסגעטראטען מיט א פאמפלעט געגען ענגלאנד'ס באהאנדלונג פון די קאלאניעס איז געווען דזשיימס אטיס. דאס איז געווען אין יאר 1662. דער ענגלישער גאווערנאר פון מאסאטשוזעטס האט דעמאלט אליין, ניט אנפרעגענדיג ביי דער לעדזשיסלייטשור, אויסגעריכט א קריגס־שיף געגען די פראנצויזען. אטיס האט גלייך אנגעשריבען א פאמפלעט געגען דעם גאווערנאר'ס האנדלונג. אין דעם פאמפלעט האט ער גע־טענה'ט, אז אלע מענשען זיינען גלייך, אז קעניגען זיינען געשאפען געווארען פאר'ן וואלזיין פון פאלק און ניט דאס פאלק פאר'ן וואלזיין פון קעניגען, אז אויב א הערשער טוט שלעכטס דאס פאלק, האט דאס פאלק א רעכט אים ארונטערצוזעצען. די דאזיגע געדאנקען זיינען שפעטער פארקערפערט געווארען אין דער „דעקלערייזשאן אוו אינדעפענדענס“. א סך פון די פאמפלעטען־שרייבער אין די נעקסטע צען יאר הָ .ען זייערע ארגומענטען געשעפט פון אטיס'עס פאמפלעט. ווען די נייעס וועגען „סטעמפ עקט“ איז מיט צוויי יאר שפעטער אנגעקומען אין די קאלאניעס האט אטיס אנגעשריבען א צווייטען פאמפלעט. זיין הויפט ציל דאס מאל איז געווען צו באווייזען, אז די אמעריקאנער קאלאניסטען זיינען ענגלאנדער, אז זיי זיינען בארעכטיגט צו די אלע פריי־הייטען און רעכט, וואס די ענגלישע בירגער אין ענגלאנד האבען. אין ענגלאנד ווערען די שטייערען ארויפגעלייגט אויף די בירגער דורך דעם פארלאמענט, וואו זיי זיינען פארטראטען. אלזא, זיינען די אמעריקאנער באַרעכטיגט צו דערזעלבער אנערקענונג. אויב דער ענגלישער פאַרלאמענט וויל האבען די מאכט ארויפצולייגען שטייערען אויף זיי; מוזען זיי האבען פארטרעטערשאפט אין פארלאמענט.

דזשיימס אטיס'עס ראלע אין דער צוגרייטונגס־רבייט צו דער רעוואלוציע האט אנגעהאלטען בלויז א יאר אכט. אנגעפאנגען האט זי זיך מיט דעם בארימטען פראצעס איבער די „ריטס“, ביי וועלכען אטיס האט געהאלטען די ערשטע רעוואלוציאנערע רעדע. נאכדעם איז ער אויסגעוויילט געווארען אלס מיטגליד פון דער לעדזשיסלייטשור. אין די נעקסטע עטליכע יאר האט ער געהאלפען באקעמפען די גזירות וועגען שטייערען, דעם „סטעמפ

עקט", די טאַונשענד־געזעצען. ער איז געווען אַ מיטגליד פון אַלע וויכטיגע קאָמיטעס צו שיקען פּראָטעסטען צו ענגלאַנד און צו אַד־רעסירען מאַסענפאַרזאַמלונגען. סעמיועל עדעמס האָט אים זייער אָפט אויסגענוצט. אויסער דעם, האָט ער געשריבען אַ גאַנצע ריי פּאַמפלעטען, אין וועלכע די ערשטע טענות פון די רעוואָלוציאָ־נערען זיינען פאָרמולירט און באַגרינדעט געוואָרען. ער איז גע־ווען אַ גוטער אַדוואָקאַט, אַ שאַרפער קאָפּ און האָט געהאַט אַ לאַ־גישע, בייסיגע פעדער. ווען ער האָט זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיג־קייט אָנגעפאַנגען איז ער געווען ניט מעהר ווי אַ יאָר 35. לאַנג איז אים ניט באַשערט געווען צו שטיין אין די רייען. ער איז גע־וואָרען גייסטיג קראַנק. ער האָט געהאַט איינינע אָנפאַלען פון משוגעת. אין 1769 האָט מען אים געמוזט אריינזעצען אין אַ משוגעים־הויז.

אויף אָטיס'עס ערשטע פּאַמפלעטען האָבען געענטפערט שריי־בער אין די קאָלאָניעס און אין ענגלאַנד. זייער טענה איז געווען, אַז אָטיס'עס גרונט־פּרינציפּ אַז לויט דער ענגלישער קאָנסטיטוציע מוזען די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס זיין פאַרטראָטען אין ענגלישען פּאַרלאַמענט, איז אַ פאַלשער. אין ענגלאַנד האָבען דעמאָלט געהאַט שטימרעכט בלויז לאַנד־באַזיצער, וועלכע האָבען אויסגעמאַכט אַז ערך איינער פון צוואַנציג. האָבען די געגנער גע'טענה'ט, אַז פּונקט ווי דער ענגלישער פּאַרלאַמענט מעג אַרויפלייגען אַ שטייער אויף די 95 פּראָצענט פון אירע בירגער, וועלכע זיינען אין פּאַרלאַמענט ניט פאַרטראָטען, אַזוי קען ער אַרויפלייגען שטייערען אויף די קאָ־לאָניסטען כאָטש זיי זיינען אין פּאַרלאַמענט ניט פאַרטראָטען. דעם דאָזיגען אַרגומענט האָט אָטיס צוקלאַפּט אין אַ שאַרפען פּאַמפלעט, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען אין סעפּטעמבער, 1765, בשעת די קאָ־לאָניעס האָבען געקאָכט מיט פּראָטעסטען געגען דעם סטעמפּ־עקט. מיר וועלען דאָ געבען איינינע שטעלען פון דעם פּאַמפלעט, ווייל אין זיי קלינגט די שטימע פון אַז אמת'ען פרייהייטס־קעמפער, די שטימע וועלכע האָט אָטיס'ען אַזוי באַליבט און פּאָפּולער געמאַכט ביי די מאַסען.

„מען זאָגט אונז, אַז די גרעסטע טייל פון די איינוואוינער

אין ענגלאנד האבען ניט קיין שטימרעכט — שרייבט אָטיס. — איז דאס טאקע אויך צו באדויערען. מען זאגט אונז, אז אויף אלע ענגלענדער ווערען שטייערען ארויפגעלייגט כאטש בלויז איי־נער פון צוואנציג צווישען זיי איז פארטראטען אין פארלאמענט. הייסט עס טאקע, אז א קליינע מינאריטעט הערשט איבער א מאַ־יאריטעט. מיט אזוינע ארגומענטען קען מען דאך באווייזען, אז דער ענגלישער פארלאמענט האט א רעכט צו הערשען איבער אלע פעלקער אויפ'ן ערד־קוגעל. אויב דער ענגלישער אימפעריע זאל אמאל געלינגען איינצושלינגען די גאנצע וועלט, צי וועט עס דע־מאלט אויך רעכט זיין, אז די גאנצע מענשהייט זאל רעגירט ווערען פון עטליכע ענגלישע שטימבארעכטיגטע, וועלכע זיינען רייך גע־נוג צו פאחברייננגען זייער צייט אין פערד־וועטען און אין שיינקען ?"

אין זעלבען פאמפלעט לייקענט אָטיס אָפּ אז די קאלאניעס זיינען ווען עס איז באשיצט געווארען דורך ענגלאנד. אין די ער־שטע יארען האבען די קאלאניסטען זיך אליין געמוזט באשיצען געגען די אינדיאנער און געגען די פראנצויזען. פארקערט, די קאלאָ־ניעס האבען אימער געהאט אויסצושטעהן אלערליי רדיפות און נגישות פון די ענגלישע קארופטע באאמטע. און ער ווארענט ענג־לאנד, אז קיין אימפעריע קען ניט זיין פארזיכערט געגען רעוואלו־ציעס אין אירע אונטערטעניגע לענדער! רעוואלוציעס זיינען פאר־געקומען און זיי קענען ווייטער פארקומען. מען קען אייביג ניט האלטען קאלאניעס אונטערטעניג. עס איז דא נאר איין וועג ווי אזוי אן אימפעריע קען איינהאלטען אירע פראווינצען: „זי מוז זיי טייער האלטען און היטען ווי די אויג אין קאפּ. די געשיכטע בא־ווייזט אונז, אז קאלאניעס זוכען ניט צו ווערען אומאפהענגיג כל זמן זיי ווערען גוט באהאנדעלט. און גוט באהאנדעלט מוזען זיי ווערען!"

אין זעלבען יאר, 1765 איז ארויסגעטראטען נאך א וויכטיגער פאמפלעטען־שרייבער — דזשאן עדעמס, א קאזין פון סעמיועל עדעמס. שפעטער, ווען די רעוואלוציע האט זיך פאנאנדערגעפלאַ־קערט, האט דזשאן עדעמס אין איר געשפילט איינע פון די וויכ־טיגסטע ראלען. אין 1765 איז ער נאך געווען גאר א יונגערמאן,

ניט מער ווי אַ יאָר 30. ער האָט שוין אין באָסטאָן געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ גרויסען אַדוואָקאַט. ער האָט געהאַט אַ גמרא קאָפּ, האָט ליב געהאַט זיך צו פּלפּול'ן און פּשט'לען. זיין סטיל איז אָבער געווען אַ קלאָרער און אַ ליידענשאַפטליכער. ביי איהם איז יעדער אַרגומענט געקומען ניט בלויז פון קאָפּ, נאָר אויך פון הארצען און פון געוויסען. אין זיינע ערשטע פּאַמפּלעטען האָט ער געזוכט צו באַווייזען, אַז דער קאַמף פון די קאָלאָניעס געגען דעם סטעמפּ־עקט איז אַ טייל פון דעם לאַנגען קאַמף וואָס די מענשהייט פירט אַן געגען דער קאַטוילישער קירכע און געגען די פעאָדאַליסטישע באַראָנען. „מיט אונזער קאַמף געגען דעם סטעמפּ־עקט — שרייבט ער אין איין פּאַמפּלעט — שטעלען מיר זיך אין די רייען פון די העלדען און מאַרטירער זינט דעם אָנפאַנג פון דער מענשליכער געשיכטע, אַט יענע העלדען און מאַרטירער וועלכע האָבען געקעמפט פאַרן כבוד און גליק פון דער מענשליכער נאַטור געגען די פאַראייניגטע שונאים".

דער פּאַמפּלעט וואָס האָט געמאַכט דעם שטאַרקסטען רושם אין די קאָלאָניעס פאַר דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע איז ערשי־נען אין די ווינטער־מאָנאַטען פון 1767 און 1768, גלייך נאָכדעם ווי דער ענגלישער פּאַרלאַמענט האָט דורכגעפירט די טאַונשענד־גזרות. פריהער איז דער פּאַמפּלעט געדרוקט געוואָרען אין אַ רייע פון 12 בריף אין אַ פילאַדעלפיער צייטונג מיט'ן אונטערשריפט „אַ פאַרמער". אַלע צייטונגען פון לאַנד, מיט דער אויסנאַם פון פיר, האָבען די בריף גלייך איבערגעדרוקט, און אַזוי שנעל ווי זיי האָבען זיך געענדיגט צו דרוקען אין די צייטונגען זיינען זיי ערשינען אין אַ פּאַמפּלעט, וועלכער איז אָפּגעדרוקט געוואָרען אין אַ סך אויפ־לאַגען. דעמזעלבען יאָר זיינען צוויי אויפלאַגען פון דעם פּאַמפּלעט ערשינען אין ענגלאַנד, און איינע אין אירלאַנד. דעם נעקסטען יאָר איז ער איבערזעצט געוואָרען אויף פראַנצויזיש, און דער גרויסער פראַנצויזישער פילאָזאָף וואָלטער האָט איהם געריהמט אין אַן אַר־טיקעל.

דער שרייבער פון די בריף איז געווען אַ פילאַדעלפיער אַד־וואָקאַט פון אַ יאָר 35. זיין נאָמען, דזשאָן דיקינסאָן, איז באַלד באַ־

רימט געווארען ניט נאר אין אמעריקא, נאר אויך אין ענגלאנד. אין די קאלאניעס האט מען איהם איינפאך פארגעטערט. שטאט־אסיפות, ארגאניזאציעס, דזשורים אין געריכטען האבען אנגענומען דאנק־רעזאלוציעס. מען האט געטרונקען צו זיין געזונט ביי באנקעטען. אן אוניווערזיטעט אין ניו דזשורזי האט איהם בּאערט מיט'ן טיטול „דאקטאר". די אריסטאקראטישע קלובען האבען איהם איינגעלאדען צו ווערען אן ערען־מיטגליד. דיכטער האבען פאר איהם געשריבען לויב־פאעמען.

די בריף האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער טאן און מיט זייער אינהאלט. דער טאן איז געווען אן איינגעהאלטענער, א רוהי־גער, א שטילער, א פרידליכער. עס האט געהייסען אז דער שרייבער זוכט צו ברענגען שלום, צו בארוהיגען די קאלאניסטען. דער אינ־האלט אבער איז געווען א העכסט־רעוואלוציאנערער. ער געהט אין זיינע ארגומענטען א סך ווייטער ווי די פריהערדיגע פאמפלעט־טען־שרייבער, וועלכע האבען געשריבען מיט פייער און פלאם, מיט ליידענשאפט און צארן. ער אנאליזירט אין די בריף די אלע גזרות וואס טאונשענד האט ארויסגעגעבען און באווייזט ווי געפערליך זיי זיינען פאר די קאלאניעס. ער שרייבט אין איין פלאץ: „לאמיר זיך אויפפירען ווי געהארכזאמע קינדער, וועלכע האבען פון זייערע על־טערען באקומען אומזיסט געשלאגען. לאמיר אונזערע קריוודעס ארויסרעדען מיט ווערטער פון ליבע און אכטונג". וועגען דעם אז די קאלאניעס זאלען זיך אפרייסען פון ענגלאנד וויל ער גארניט רעדען. פונדעסטוועגען שרייבט ער: „מיר קענען ניט זיין גליקליך כל זמן מיר זיינען ניט פריי; מיר קענמען ניט זיין פריי סיידען מיר זיינען זיכער מיט אונזער אייגענטום; מיר קענען ניט זיין זיכער מיט אונזער אייגענטום אויב אנדערע קענען דאס ביי אונז צונעמען אהן אונזער צושטימונג. דער שטייער וואס דער פארלא־מענט לעגט אויף אונז ארויף נעמט ביי אונז דאס אייגענטום אוועק".

ער באווייזט ווייטער, אז דער פארלאמענט האט אין אמת'ן ניט דאס רעכט צו הערשען איבער די קאלאניעס. ער לייקענט אפ די אויטאריטעט פון דער ענגלישער רעגירונג איבער די קאלא־ניעס. אזוי ווייט האבען די פריהערדיגע פאמפלעטען־שרייבער ניט

געוואַגט צו גיין. ער וואַגט אפילו נאָך מער. ער צוקלאַפּט די אָנ־גענומענע מיינונג אַז די ענגלישע רעגירונג איז שטאַרקער ווי די קאָלאָניעס און אַז אין פאַל פון אַן אויפשטאַנד וועט ענגלאַנד די קאָלאָניעס קענען באַזיגען. רעדענדיג וועגען ענגלישען פּאַרלאַמענט, ווייזט ער אָן אויף אירלאַנד אַלס אַ וואָרנונג צו די קאָלאָניעס, אַז זיי שטעהען אין געפאַר פאַרשקלאַפּט צו ווערען אַזוי ווי יענע אומגליקליכע קאָלאָניע.

דיקינסאָן איז ווירקליך געווען ווייניגער רעוואָלוציאָנער ווי סעמיועל עדעמס אָדער דזשיימס אָטיס. שפּעטער, ווען די לאַגע איז ערנסטער געוואָרען, האָט ער זיך שטאַרק געוואַקעלט איידער ער איז אריבערגעגאַנגען צו דער מיינונג, אַז מען דאַרף ארויס אין אָפענעם קאַמף פאַר אומאַפּהענגיגקייט. אָבער זיינע ארגומענטען אין די בריף האָבען געוועקט צו רעוואָלוציע. ער האָט הפנים אַליין ניט געפילט ווי טיף זיינע טענות גרייכען. אין ענגלאַנד האָט די פּרעסע זיין פּאַמפלעט פאַרדאַמט אַלס פאַראַט. איין צייטונג דאָר־מען האָט געשריבען, אַז דיקינסאָן וואָלט געווען אַ פיל בעסערער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט ווען ער וואָלט זיך קיינמאָל ניט אויסגעלערענט לייענען און שרייבען. דערביי איז ווערט צו באַ־מערקען, אַז געשטודירט פאַר אַדוואָקאַט האָט דיקינסאָן טאַקע — אין ענגלאַנד גופא. אין אַלע זיינע ארגומענטען אין די בריף שטיצט ער זיך אויף דער תורה וואָס ער האָט געלערענט ביי די ענגלישע דענקער און אין ענגלישע געזעצביכער.

דער זעלבער דיקינסאָן האָט מיט איינינע מאָנאַטען פאַר דער ערשיינונג פון זיינע בריף אָנגעשריבען אַ ליד וועגען ענגלישע טי־ראַניי און אַמעריקאַנער פרייהייט. דאָס ליד האָט ער געשיקט צו דזשיימס אָטיס אין באָסטאָן, און אָטיס האָט עס אָפּגעדרוקט אין דער „באָסטאָן גאַזעט“. דאָס ליד איז אויך באַלד פּאָפּולער גע־וואָרען איבער'ן גאַנצען לאַנד. יעדע צייטונג אין יעדע קאָלאָניע האָט עס איבערגעדרוקט. דער גרויסער עולם האָט עס אויפגעכאַפּט און עס געקרויינט מיט'ן נאָמען „די פרייהייטס־ליד“. עטליכע יאָר נאָכאַנאַנד איז עס געווען דאָס באַליבטסטע און פּאָפּולערסטע פּאָ־ליטישע ליד אין לאַנד. קיין ליטעראַרישען ווערט האָט דאָס ליד

ניט. עס באזיצט אבער די מעלה וואס עס רעדט קלאר און איינפאך וועגען די קריוודעס פון די קאלאניסטען געגען ענגלאנד און אנט־האלט אייניגע הויך־קלינגענדע פראזען וועגען „די בראווע אמערי־קאנער, וועמעס הערצער זיינען גרייט זיך אפצורופען אויפ׳ן רוף פון „פרייהייט" א. ד. ג.

דער וויכטיגסטער פאמפלעט פון שטאנדפונקט פון יורידישער וויסענשאפט איז ערשינען אין אנאפאליס, מערילענד, אין אקטא־בער 1765. דער שרייבער האט זיין נאמען ניט פארעפענטליכט. אין דער הקדמה האט ער געשריבען אז ער וואוינט אין ווירדזשיניא. קורץ נאכדעם ווי דער פאמפלעט איז ארויס פון דרוק, האבען אבער אלע געוואוסט די אמת׳ע פאקטען וועגען דעם פארפאסער. ער איז געווען דעניעל דילייני, דער חשוב׳סטער אדוואקאט פון מערי־לאנד, און דער גרעסטער אויטאריטעט אויף יוריספרודענץ אין אמעריקא. ער איז פאר זיין גרויסער קענטנים און שארפען מוח בארימט געווען אפילו אין ענגלאנד.

אין דעם פאמפלעט זוכט דילייני צו ענטפערען אויף דער טענה פון די ענגלענדער, אז די אמעריקאנער געפינען זיך אין דערזעלבער לאגע ווי די 95 פראצענט ענגלענדער וועלכע האבען ניט קיין שטימרעכט. װיבאלד דער ענגלישער פארלאמענט האט א רעכט ארויפצולעגען שטייערען אויף די 95 פראצענט פון ניט־שטימבא־רעכטיגטע אין ענגלאנד, האט ער אויך א רעכט ארויפצולעגען שטייערען אויף די הונדערט פראצענט אמעריקאנער, וועלכע זיינען ניט פארטראטען אין פארלאמענט. לויט דעם דאזיגען שטאנדפונקט איז אויסגעקומען אז די פינף פראצענט אין ענגלאנד וואס שטימען יא, קלייבען אוים פארטרעטער פאר אלע איבעריגע, פאר די איינ־וואוינער אין ענגלאנד און אמעריקא. און דערפאר קען דער פאר־לאמענט מאכען געזעצען פאר אלעמען. אט די טענה צוקלאפט דילייני אין זיין פאמפלעט. ער ווייזט אז, אז די 95 פראצענט ניט־שטימער פון ענגלאנד געפינען זיך איי א גאנץ אנדער לאגע ווי די 100 פראצענט ניט־שטימער אין אמעריקא. אין ענגלאנד זיינען די אינטערעסען פון די וואס שטימען יא און די וואס שטימען ניט אין די פראגע פון שטייערען אומגעפער דיזעלבע. א שטייער וואס

די ניט־שטימער דאַרפען צאָלען, צאָלען אויך די שטימער. עס איז דעריבער דאָ לאָגיק אין דער מיינונג, אַז די 5 פּראָצענט וואָס שטי־מען, שטימען שוין אויך פאַר די איבעריגע 95 פּראָצענט. מיט די אַמעריקאַנער איז אָבער גאַנץ אַנדערש. די שטייערען, וואָס דער ענגלישער פּאַרלאַמענט לעגט אַרויף אויף די אַמעריקאַנער דאַרפען געצאָלט ווערען בלויז פון די אַמעריקאַנער. די בירגער וועלכע שטי־מען אין ענגלאַנד און ווײַלען אויס די פּאַרלאַמענט־מיטגלידער לײַדען ניט פון די שטייערען. פאַרקערט, זיי געווינען נאָך פון זיי, ווײַל וואָס מער שטייערען די אַמעריקאַנער צאָלען, אַלץ לײַכטער ווערט דער רעגירונגס־יאָך פאַר די ענגלענדער. נאָך אַן אונטער־שיד איז דאָ: אין ענגלאַנד מוז דער פּאַרלאַמענט האָבען דאָס רעכט אַרויפצולעגען שטייערען סיי אויף די וואָס שטימען און סיי אויף די וואָס שטימען ניט, ווײַל אויב דער פּאַרלאַמענט וועט ניט קע־נען אַרויפלעגען קיין שטייערען אויף די וואָס שטימען ניט, וועט מען בײַ 95 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג קיין שטייערען ניט קענען מאָנען. קיין אַנדער רעגירונגס־מאַכט וואָס זאָל קענען אַרויפ־לעגען שטייערען איז אין ענגלאַנד ניטאָ. וועט אויסקומען אַז 95 פּראָצענט פון די אײַנוואוינער וועלען האָבען אַלע נוצען פון דער אָרגאַניזירטער רעגירונג, און צאָלען דערפאַר וועלען נאָר די פינף פּראָצענט וואָס האָבען שטימרעכט. דאָס איז דאָך אַן אוממעגליכע לאַגע. אין אַמעריקאַ אָבער האָט יעדע קאָלאָניע אַן אייגענע רע־גירונג מיט אַן אייגענעם פּאַרלאַמענט, און אויב עס איז נויטיג צו נעמען שטייערען פון דער קאָלאָניע, קען דער קאָלאָניאַלער פּאַר־לאַמענט דאָס געזעץ דורכפירען. אין ענגלאַנד איז קיין אַנדער אויס־וועג ניטאָ. אין אַמעריקאַ איז אָבער פאַראַן אַזאַ אויסוועג.

דילייני האָט אין זײַן פּאַמפלעט געראַטען די קאָלאָניסטען אָנצוואוועדען עקאָנאָמישע מיטלען צו צווינגען דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט דעם „סטעמפּ־עקט" צוריקצוציען. ער האָט געראַטען די קאָלאָניסטען צו פאַבריצירען אַליין קליידער און צו זעהן זיך באַגעהן אָהן אימפּאָרטירטע סחורות פון ענגלאַנד. דאָס, האָט ער געזאָגט, וועט מוזען ווירקען אַז דער ענגלישער פּאַרלאַמענט זאָל אײַנזעהן אַז עס איז בעסער צו לעבען מיט די קאָלאָניעס אין

פרידען. ער איז אבער ארויסגעטראָטען געגען גוואלט־מיטלען, און ער האָט ניט געוואָלט צולאזען דעם געדאנק אז די קאלאָניעס זאָלען זיך איינגאנצען אפרייסען פון ענגלאנד.

צו אָט דער שטעלונג איז דיליייני געבליבען געטריי. שפּעטער ווען די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען האָט ער זיך צוריקגעצויגען פון דעם קאמף. ער איז געווען געגען א רעוואָלוציע. די רעוואָלוציאָנערען האָבען איהם באשולדיגט אלס לאָיאליסט, אלס א פאררעטער, און האָבען קאנפיסקירט זיין אייגענטום. א שטיק צייט איז אפילו זיין לעבען געווען אין סכנה.

.7

# דריי שטילע יאָרען — די קאָרעספּאָנדענץ־קאָמיטעס

אין הערבסט פון 1770 איז אין לאַנד שטיל געוואָרען, און די פרידליכע שטימונג האָט אָנגעהאַלטען ביז די הערבסט מאָנאַטען פון 1773. די צייט איז געווען אַ גוטע, הויפּטזעכליך פאַר די סוחרים, און זיי האָבען זיך ניט געוואָלט צוהערען צו דער רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע פון סעמיועל עדעמס און די ראַדיקאַלען. אומרוען און אומצופרידענקייט זיינען שטערונגען צום האַנדעל. אין די דריי יאָר האָבען זיך די סוחרים דערווייטערט פון די ראַדיקאַלען. אפילו דזשאָן הענקאָק, דער רייכער באָסטאָנער סוחר, וואָס איז פריהער געווען דער טרייסטער לייטענאַנט פון סעמיועל עדעמס, האָט איצטער מער פון דער אַגיטאַציע געגען ענגלאַנד׳ס טיראַניי ניט געוואָלט הערען. ער האָט מורא געהאַט, אַז די צייט פון שפע זאָל ניט געשטערט ווערען. דזשאָן עדעמס האָט אין זיין טאָגעבוך דעמאָלט געשריבען דאָס פאָלגענדע: „כ׳וועל זיך האַלטען פון ווייטען און זיין פאָרזיכטיג. איך וועל אַכטונג געבען אויף מיין אייגענער פאַרם און אויף מיינע אייגענע געשעפטען“.

די ענדערונג אין דער עקאָנאָמישער לאַגע איז מיטגעבראַכט געוואָרען דורך צוויי געשעעניסען. ערשטענס, איז אין דרום־אייראָפּאַ פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַרפלייצונג, און פראַנקרייך, איטאַליען און שפּאַניען האָבען ביי די אַמעריקאַנער פאַרמער באַשטעלט גרויסע טראַנספּאָרטען פון קאָרן. צווייטענס, האָט דער לאַנגער באַיקאָט אויף ענגלישע סחורה געווירקט, אַז דער האַנדעל־באַלאַנס זאָל זיך ענדערען צו גונסטען פון די קאָלאָניסטען. דער צווייטער פּונקט

איז זייער א וויכטיגער. אין פארלויף פון דער גאנצער קאלאניאלער עפאכע האט ענגלאנד פארקויפט צו אמעריקא פיל מער ווי אמעריקא האט פארקויפט צו ענגלאנד. די אמעריקאנער סוחרים זיינען שטענדיג געווען שולדיג געלט צו די ענגלישע סוחרים. דעם באלאנס האט אמעריקא געמוזט צאלען מיט גאלד, און דאס איז געווען די הויפט אורזאך, פארוואס די קאלאניסטען האבען קיינמאל ניט געקענט האבען קיין שטאנדהאפטע, פעסטע און זיכערע געלט. זיי זיינען געצוואונגען געווען צו באנוצען פארשידענע פראדוקטען אלס געלט, ווי צום ביישפיל, טאבאק אין ווירדזשיניא, רייז אין סאוט קאראליינא, ווייץ, קארן און ביבער־פעל אין אנדערע קאלאניעס. מעטאלענע מטבעות האבען זיי ווייניג געהאט, טאקע דערפאר, וואס אזוי שנעל ווי זיי האבען אזוינע מטבעות געמאכט אדער געבראכט פון אנדערע לענדער, מיט וועלכע זיי האבען געהאנדעלט, פלעגען זיי זיי מוזען אפשיקען קיין ענגלאנד צו באצאלען די שולדען פאר דעם באלאנס פון דעם האנדעל. אין די עטליכע יאר פון דעם באיקאט האט זיך אבער דאס רעדעל איבערגעדרעהט. ענגלאנד האט אין דער צייט געקויפט פון אמעריקא מער ווי זי האט איהר פארקויפט. דער באלאנס איז געווען צו גונסטען די קאלאניעס, און די ענגלישע סוחרים האבען שוין געמוזט שיקען געלט אהער, דעם באלאנס צו באצאלען. די גערעמקייט אין גאלד־געלט האט דעם היגען סוחר איצטער, ווען דער באיקאט איז אראפגענומען געווארען, געגעבען די מעגליכקייט צו אימפארטירען א סך סחורה פון ענגלאנד און פארגרעסערען זייערע געשעפטען. דער גרויסער עולם האט נאך די לאנגע באיקאט יארען זיך גענויטיגט אין ענגלישע סחורות. מיט וואס צו קויפען האט דער עולם אויך געהאט, א דאנק דער גרויסער נאכפראגע אויף אמעריקאנער תבואה אין די פארפלייצטע לענדער. א היסטאריקער פון יענער צייט האט געשריבען: „קיינמאל איז דער האנדעל ניט געווען אין אזא בליהענדען צושטאנד ווי איצטער“.

אן דעם פרינציפ „קיינע צינזען אן פארטרעטערשאפט“ האבען זיך די אמעריקאנער סוחרים איצטער אינגאנצען פארגעסען. ביים אפשאפען די טאונשענד־געזעצען האט די ענגלישע רעגירונג אי־

בערגעלאַזען דעם שטייער אויף טעע. זי האָט דאָס געטאָן אויס־דריקליך אַלס אַ צייכען, אַז ענגלאַנד האָט אַ רעכט אַרויפצולעגען אויף די קאָלאָניעס שטייערען. פון אַ פּרינציפּיעלען שטאַנדפּונקט, אַלזאָ האָט דער שטייער אויף טעע, כאָטש ער איז געווען אַ פּאַר־העלטניסמעסיג קליינער, געדאַרפט באַקעמפּט ווערען פּונקט ווי דער סטעמפּ־עקט, פּונקט ווי די שטייערען אויף גלאָז און פּאַפּיר און פאַרב און די טאָונשענד־געזעצען. אָבער אפילו די ראַדיקאַלען האָבען איצט ניט פּראָטעסטירט. די סוחרים האָבען אודאי מער פון באַיקאָטען און קאַמפען און פּרינציפּען ניט געוואָלט הערען. זיי האָבען אימפּאָרטירט טעע פון ענגלאַנד און געצאָלט די שטיי־ערען ווי גוטע געהאָרכזאַמע אונטערטאַנען. עס פאַרשטעהט זיך, אַז וואו און ווען עס איז מעגליך געווען אַריינצושמוגלען טעע פון אַנדערע לענדער און זיך אויסצודרעהען פון די שטייערען, האָבען די סוחרים עס געטאָן. אָבער שמוגלעריי איז דאָך פון די קאָלאָ־ניסטען באַטראַכט געווען אַלס אַ געשעפטס־מיטעל. זיי האָבען אַריינגעשמוגעלט ניט בלויז טעע נאָר אויך אַנדערע סחורות, צי עס איז אויף זיי געווען אַן אַפּצאָל אָדער ניט. זיי האָבען אַריינ־געשמוגעלט ווייל אין אַנדערע לענדער האָט מען געקענט די סחורות קויפען פאַר ביליגער ווי אין ענגלאַנד.

טעע איז אין די קאָלאָניעס זייער פיל באַנוצט געוואָרען. עס איז אַ סברא, אַז מען פלעגט אין די דרייצען קאָלאָניעס פאַרקויפען איבער 6 מיליאָן פונט טעע אַ יאָר. ניין צענטעל דערפון פלעגט אַריינגעשמוגעלט ווערען. ניו יאָרק און פּענסילווייניא זיינען גע־ווען די צענטערען פון דעם האַנדעל מיט אַריינגעשמוגעלטע טעע. באָסטאָן אָבער האָט אַ היבש ביסעל טעע געקויפט אין ענגלאַנד און געצאָלט שטייערען. דזשאָן הענקאָק, דער אָנפירער פון דעם באָיקאָט אין די פריהערדיגע יאָרען, האָט אין סעפּטעמבער 1773 אַרויסגעפירט אויף זיינע אייגענע שיפען 110 טויזנד פונט טעע, און באַצאָלט פאַר זיי צינזען.

סעמיועל עדעמס און די ראַדיקאַלען האָבען איינגעזען, אַז אויף די סוחרים קענען זיי זיך ווייניג וואָס פאַרלאָזען, און זיי האָבען געוואָרט אויף אַ געלעגענהייט אויפצובויען אַ רעוואָלוציאָנערע אָר־

גאניזאציע פון פאלק, פון פרינציפיעלע ראדיקאלען. די געלעגנהייט איז ענדליך געקומען. אין סעפטעמבער 1772 איז אנגעקומען א באפעל פון דער ענגלישער רעגירונג, אז די ריכטער אין די אמעריקאנער געריכטען זאלען באקומען זייער געהאלט אויסגעצאלט פון דער ענלישער רעגירונג, און געצאלט זאל ווערען מיט דעם געלט, וואס די ענגלישע רעגירונג זאמעלט דא פון טאריף־שטייערען. די קאלאניסטען האבען שטענדיג מיט אלע כחות געקעמפט געגען דעם, אז היכע באאמטע זאלען קריגען זייער געהאלט פון דער ענגלישער קאסע. סעמיועל עדעמס האט זיך אנגעכאפט אן דעם נייעם באפעל. ער האט אויפגעפאדערט די באסטאנער שטאט־באאמטע זיי זאלען וועגען דעם גלייך פאררופען אן אלגעמיינע שטאט־בעראטונג. די באאמטע, וועלכע זיינען כמעט אלע געווען סוחרים, האבען זיך פון אנפאנג אנטזאגט. עדעמס האט געזאמעלט פעטיציעס פון בירגער, געשריבען אין די צייטונגען, און אזוי לאנג אגיטירט ביז וואנען די באאמטע האבען זיך געמוזט אונטערגעבען. די שטאט־אסיפה איז פארופען געווארען.

און דארטען האט סעמיועל עדעמס דורכגעפירט זיין פראגראם. ער האט פארגעשלאגען, אז די פארזאמלונג זאל באשטימען א „קארעספאנדענץ־קאמיטע“, וועמעס אויפגאבע עס זאל זיין: צו ערקלערען די רעכט פון די קאלאניסטען, זייערע רעכט אלס מענשען, אלס קריסטען און אלס ענגלישע אונטערטאנען, און צו לאזען וויסען וועגען דעם אלע איבעריגע שטעט אין דער מאסאטשוסעטס קאלאניע, און בעטען יעדע שטאט זי זאל לאזען וויסען דער קאמיטע וואס זי דענקט וועגען דעם. סעמיועל עדעמס האט מיט דעם פארשלאג געצילט, אז עס זאל געשאפען ווערען א קערפערשאפט, וואס איהר אויפגאבע זאל זיין צו פארשפרייטען אגיטאציע געגען ענגלאנד און שטיין שטענדיג גרייט צו רעוואלוציאנערע טעטיגקייט ווען די צייט וועט קומען. זיין כונה איז אויך געווען דורך דער קארעספאנדענץ־קאמיטע צו באשאפען א גאנצע נעץ פון אזעלכע קאמיטעס אין אלע שטעט און שטעטלעך פון אלע קאלאניעס.

דער פארשלאג איז אנגענומען געווארען איינשטימיג, אבער קיינער פון די איינפלוסרייכע סוחרים האט ניט געוואלט אריינ־

טרעטען אַלס אַקטיווער מיטגליד אין דער קאָמיטע. סעמיועל עדעמס האָט דאַן געווירקט, אַז זיינע אייגענע מענשען זאָלען אין דער קאָמיטע אריין, מענשען וועלכע האָבען געהאַט דיזעלבע ראַדיקאַלע איבערצייגונגען וואָס ער. די קאָמיטע איז באַשטאַנען פון 21 פּערזאָן, מיט דזשיימס אָטיס אַלס פּאָרזיצער. אַ קורצע צייט שפּעטער איז אָטיס קראַנק געוואָרען, און סעמיועל עדעמס האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ אַלס דער פאָרזיצער.

עדעמס האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבייט. אין אַ פּאַפּולערער, שאַרפער שפּראַך האָט ער אויפגעשריבען אַן אָנקלאַגע געגען ענגלאַנד. אַלע טענות וואָס די קאָלאָניסטען האָבען געהאַט געגען דער ענגלישער הערשאַפט זיינען דאָרטען אויסגערעכענט געוואָרען: די באַגרענצונגען אויף פאַבריקאַציע, די אָבלאָוועס אויף סוחרים, די אַנוועזענהייט פון ענגלישע סאָלדאַטען און קריגס־שיפען, די פּאָליטישע שטערונגען פון די ענגלישע גאָווערנאָרס, א. א. וו. יעדע אָנקלאַגע האָט ער געשילדערט מיט די שוואַרצסטע פאַרבען. ער האָט געוואָרנט די קאָלאָניסטען, אַז די צוקונפט וועט זיי ברענגען נאָך מער אונטערדריקונג, נאָך מער טיראַנייע פון דער ענגלישער הערשאַפט. ער האָט שטאַרק אַפּעלירט צו די עגאָאיסטישע אינטערעסען פון דעם האַנדעלס־קלאַס.

דער בריעף איז צושיקט געוואָרען אין אַלע שטעט און שטעטלעך. צוזאַמען מיט'ן בריעף האָט עדעמס געשיקט אַן איינלאַדונג צו זיי זיי זאָלען באַשטימען קאָרעספּאָנדענץ־קאָמיטעס, וועלכע זאָלען זיך שטעלען אין פאַרבינדונג מיט דער קאָמיטע אין באָסטאָן. דער ערפאָלג איז געווען גרעסער ווי עדעמס האָט זיך גערעכט. קאָרעספּאָנדענץ־קאָמיטעס זיינען באַלד אָרגאַניזירט געוואָרען איבער גאַנץ מאַסאַטשוסעטס. אַנדערע קאָלאָניעס האָבען גענומען נאָכטאָן דעם ביישפּיל. עדעמס איז מיט זיי אַלעמען געשטאַנען אין פאַרבינדונג. די סוחרים האָבען אויף דער גאַנצער באַוועגונג געקוקט זייער קרום. זיי האָבען זיך אין די קאָמיטעס ניט געוואָלט באַטייליגען. דאָס איז געווען נאָך בעסער פאַר עדעמס'עס פּלאַן. די קאָמיטעס זיינען דורכדעם אריינגעפאַלען אינגאַנצען אין די הענט פון די ראַדיקאַלען, עדעמס'עס תלמידים.

די ערשטע צייט האבען די ענגלישע באאמטע ניט פארשטאנען וואס פאר אן ערנסטע געפאר די דאזיגע קאמיטעס זיינען. ערשט אין פאר יאר ארום האבען זיי זיך ארומגעזען. די קארעספאנדענץ־קאמיטעס זיינען מיט דער צייט געווארען א ריזיגע רעוואלוציאנערע מאשין. דורך זיי איז שפעטער די גאנצע רעוואלוציאנערע באוועגונג אנגעפירט געווארען. דער ענגלישער גענעראל געידזש האט אין זיין באריכט צו דער ענגלישער רעגירונג וועגען די קאמיטעס געמאלדען דאס פאלגענדע:

„זיי האבען אין זייערע הענט אריינגענומען מער מאכט און אויטאריטעט ווי וועלכע עס איז אנדער הערשאפט ביז איצט. זיי באטראכטען די רעגירונג פאר אפגעשאפט און זיי גיבען ארויס רעגעלן און באפעלען צום פאלק. פשוט גערעט, זיי האבען אריינגענומען די גאנצע רעגירונג אין זייערע הענט. דער וואס פאלגט ניט אלץ וואס זיי הייסען איז ניט זיכער מיט זיין לעבען".

עס פארשטעהט זיך, אז עס האט געדויערט צייט איידער די קאמיטעס האבען געקראגען אזא מאכט. פון אנפאנג האט סעמיועל ערעמס זיי באנוצט בלויז פאר פראפאגאנדע צוועקען, „אויפצואוועקען דאס פאלק פון זיין שלאף, ער זאל אנפאנגען פילען און נעמען עפעס טאן". מיט דער צייט אבער זיינען זיי געווארען ווירקליך די הערשענדיגע מאכט אין די קאלאניעס. דאס איז געווען דעמאלט, ווען די רעוואלוציע האט זיך אנגעהויבען ערנסט פאנאנדערצופלאקערן.

8.

# „די באָסטאָן טיע פּאַרטי“

נאָך די עטליכע אסיפות אין באָסטאָן און נאָך דער אָרגאַניזירונג פון די קאָמיטעס איז ווידער שטיל געוואָרען. די סוחרים האָבען מורא געהאַט פאַר די ראַדיקאַלען, וועלכע האָבען מייסטענס געהערט צו די אָרימע קלאַסען. פיל פון זיי האָבען אפילו קיין פּאָליטישע רעכט אין די קאָלאָניעס ניט געהאַט. סעמיועל עדעמס און זיינע מענשען האָבען אָבער פאָרגעזעצט זייער אַגיטאַציע און וויטער געוואַרט אויף אַ געלעגענהייט, ווען די סוחרים וועלען האָבען אַן אורזאַך איהם ווידער צו פאָלגען, אָדער ווען ער וועט האָבען די מעגליכקייט אַזוי אויפצושטורעמען דעם עולם, אַז אַלע קלאַסען וועלען אים מוזען פאָלגען. די געלעגענהייט איז געקומען סוף יאָר 1773. די פּאַסירונג איז אין דער געשיכטע באַקאַנט אונטערען נאָמען „טהי באָסטאָן טיע פּאַרטי“ (די באָסטאָנער טעע שמחה׳לע). אָט די פּאַסירונג האָט געפירט דירעקט צום אויסברוך פון דער רעוואָלוציע. זי איז געווען דער פונקט, וואָס האָט אויפגעריסען די פּאָס פולווער, אויף וועלכער די קאָלאָניעס און זייערע ענגלישע הערשער זיינען די אַלע יאָרען געזעסען.

זייט דער באָיקאָט אויף ענגלישע סחורות איז אָפּגעשאָפט געוואָרען אין 1770 האָבען די קאָלאָניסטען איםפּאָרטירט ענגלישע טהע און געצאָלט דעם קליינעם שטייער פון דריי פּענים אויף אַ פונט. די ראַדיקאַלען האָבען אָפיציעל דעם באָיקאָט אויף די טהע אָנגעהאַלטען אָבער קיין פּראַקטישע ווירקונג האָט ער ניט געהאַט. די סוחרים האָבען איםפּאָרטירט טהע: איז זיי געלונגען אַריינ׳גנב׳ענען די סחורה אַז אַ שטייער איז געווען אודאי גוט, אויב ניט האָבען זיי דעם שטייער געצאָלט.

פלוצלונג איז פארגעקומען אן ענדערונג. דער ענגלישער פאר־לאמענט האט דורכגעפירט א געזעץ, וואס האט ווידער אויפגערו־דערט די קאלאניסטען, איבערהויפט די הענדלער, און זיי ווידער דערמאנט אן דעם פארגעסענעם פרינציפ פון „קיינע שטייערען אן פארטרעטערשאפט", און ווידער איז אויפגעוועקט געווארען דער צארן געגען ענגלאנד.

אין ענגלאנד איז אין יענער צייט געוועזן א גרויסע פירמע, וואס האט געפירט האנדעל מיט אינדישע סחורה. איהר נאמען איז געוועזן „די איסט אינדיען קאמפאני". די פירמע איז געוועזן מער ווי א האנדעלס־געזעלשאפט. זי איז געוועזן ענג פארבונדען מיט דער רעגירונג. אין אינדיען האט זי געהאט א גרויסע פאלי־טישע מאכט. צווישען איהרע „סטאקהאלדערס" (אקציאנערען) זיינען געוועזן די העכסטע רעגירונגס־באאמטע, גרויסע אריסטא־קראטען, די וויכטיגסטע און איינפלוסרייכסטע פאליטיקער און קא־פיטאליסטען פון לאנד. די רעגירונגס־קאסע פלעגט פון איהר בא־קומען א צוויי מיליאן דאלאר א יאר אין פארשיידענע שטייערען.

אט די פירמע האט עס געהאנדעלט מיט די טהע, וואס די אמעריקאנער קאלאניסטען פלעגען אריינפירען פון ענגלאנד. אין די לעצטע עטליכע יאר האט די איסט אינדיען קאמפאני געליטען שווערע פארלוסטען. דער ווערט פון איהרע פאפירען איז שטארק געפאלען. קליינע פירמעס וואס זיינען מיט איהר געוועזן פארבונ־דען האבען באנקראטירט. זי אליין איז אויך געשטאנען אויפ'ן שוועל פון באנקראט. דאס לאנד איז געוועזן אין שרעק. אלע האבען מורא געהאט, אז דער באנקראט פון דער איסט אינדיען קאמ־פאני וועט ארויסרופען אן אלגעמיינעם פאניק.

האט די רעגירונג גענומען זוכען מיטלען ווי אזוי דער פירמע ארויסצוהעלפען. איינע פון די אורזאכען פון דער פירמע'ס פאר־לוסטען איז געוועזן דאס, וואס די אמעריקאנער האבען ביי איר די לעצטע צייט זייער ווייניג טהע געקויפט. ניין צענטעל פון די טהע וואס אמעריקא האט פארברויכט איז אריינגעשמוגעלט געווארען דורך ניו יארק און פענסילווייניא פון האלאנד. אין די ווערהייזער פון דער איסט אינדיען קאמפאני האט זיך אנגעזאמעלט ניט ווייני־

גער ווי 17 מיליאָן פונט טהע, פאַר וועלכע עס איז קיין מאַרק ניט געווען. די רעגירונג האָט דאַריבער גענומען זוכען עצות ווי אזוי צו ווירקען אויף אַמעריקא זי זאָל אליין וועלען קויפען די טהע, אז איהר זאָל זיך דאָס לוינען. די רעגירונג האָט אַזאַ מיטעל געפונען. זי האָט געגעבען דער פירמע דאָס רעכט צו פאַרקויפען איהרע טהע דיר־רעקט צו די פאַרברויכער אין אַמעריקא, אליין, הייסט עס, איינצו־פירען אַ „רעטייל טרייד“ (איינצעל־פאַרקויף) אין די קאָלאָניעס. פריהער האָט די פירמע לויט'ן געזעץ געמוזט פאַרקויפען איהר סחורה אויף אַן אָפענעם מאַרק אין ענגלאַנד. די ענגלישע „האָל־סיילערס“ פלעגען די סחורה אָפּקויפען ביי דער פירמע און דאַן פאַרקויפען צו די אַמעריקאַנער סוחרים. נאָכ'ן אלטען סיסטעם זיינען צוויי פאַרמיטלער געשטאַנען צווישען דער פירמע און דעם אַמעריקאַנישען פאַרברויכער, דער ענגלישער סוחר און דער אַמערי־קאַנער סוחר. ביידע מיטעללייט האָבען געצויגען ריוחים און די ריוחים זיינען צוגערעכענט געוואָרען צום פרייז פון די טהע. לויט דער נייער פאַראָרדנונג פון דער ענגלישער רעגירונג זיינען די צוויי מיטעללייט אָפּגעשאַפט געוואָרען און די טהע איז ביליגער געוואָרען אויף אַזוי פיל ווי זייערע פאַרדינסטען האָבען אָנגעטראָפען. די איסט אינדיען קאָמפּאַני איז איצט גרייט געווען צו פאַרקויפען איהרע טהע דירעקט צום אַמעריקאַנער פאַרברויכער פאַר אונגעפער אַ העלפט געלט ווי דער קרעמער אין אַמעריקא האָט געפאָדערט. דער אַמעריקאַנער הענדלער האָט אפילו זיינע אריינגעשמוגעלטע טהע ניט געקענט פאַרקויפען פאַר אזאַ ביליגען פרייז.

די נייעס וועגען דעם נייעם געזעץ איז אָנגעקומען אין אַמערי־קא אין מאָנאַט סעפּטעמבער. גלייך האָט זיך דאָ אָנגעהויבען צו קאָכען. אַלע סוחרים, סיי די וואָס האָבען געפירט אַן ערליכען האַנ־דעל, סיי די וואָס האָבען געשמוגעלט זייער וואַרע, האָבען דער־זען פאַר זיך אַ געפאַר. די איסט אינדיען וועט ביי זיי צונעמען דעם טהע האַנדעל. דאָס טאָר ניט געשען. און איצט האָט מען אויך ניט געקענט אָנווענדען דאָס אלטע מיטעל פון באָיקאָט. די איסט אינדיען קאָמפּאַני האָט זיך געגרייט צו שיקען אַהער איהרע איי־גענע אַגענטען. די סוחרים האָבען געוואוסט, אז די קויפער, דאָס

פאלק, וועט זיך וויינינ וואס רעכענען מיט באיקאט־פרינציפען ייגן פאר זייערע אויגען וועט ליגען טהע פאר א העלפט געלט ווי דער פרייז, וואס די כשר׳ע הענדלער וועלען פאדערען. די איינציגע פראקטישע עצה איז געווען — ניט דערלאזען אז די טהע זאל לכתחילה אריינקומען אין לאנד.

אין די ראדיקאלע צייטונגען האבען זיך גענומען שיטען אר־טיקלען וועגען דער פראגע. די „קארעספאנדענץ־קאמיטעס" האבען גענומען פארופען פארזאמלונגען. מען האט זיך איצטער דערמאנט, אז אויף טהע ליגט א שטייער פון דריי פענים און אז עס איז אין פרינציפ א פארברעכען צו קויפען סחורה וואס איז פון דעם פאר־לאמענט באלאדען מיט א שטייער. אבער מיט דער דאזיגער טענה האבען זיך די אגיטאטארס וויינינ וואס באנוצט. זיי האבען זיך פשוט געשעמט. אלע האבען דאך געוואוסט, אז דערזעלבער שטיי־ער אויף טהע איז פאר דיזעלבע סוחרים כשר געווען פאר די לעצטע דריי יאר. האבען זיי באנוצט אנדערע ארגומענטען, אייניגע גאנץ לאגישע, אנדערע גאנץ לעבעליכע.

די הויפט טענה איז געווען, אז אויב מען וועט ערלויבען די איסט אינדיען קאמפאני פארקויפען דירעקט צום פארברויכער אין די קאלאניעס וועלען אלע סוחרים רואינירט ווערען און צוזאמען מיט זיי וועט ליידען דאס גאנצע לאנד. איצט פארקויפט די קאמ־פאני בלויז טהע, שפעטער וועט זי נעמען פארקויפען אויך אנדערע סחורות. און אנדערע ענגלישע פירמעס וועלען נאכטאן דעם ביי־שפיל פון דער איסט אינדיען קאמפאני. עס וועט מער קיין פלאץ ניט פארבלייבען פאר דעם אמעריקאנער סוחר. און אזוי שנעל ווי דער אמעריקאנער סוחר וועט פארשווינדען וועט אונטערגעהן די אמעריקאנער שיף אינדוסטריע. די ענגלענדער האבען זייער האנ־דעל געפירט אין אייגענע שיפען. און די ביליגע פרייזען וועלען אויך לאנג ניט אנהאלטען. ווען דער אמעריקאנער הענדלער וועט פארשווינדען און די איסט אינדיען קאמפאני וועט מער ניט מורא האבען פאר זיין קאנקורענץ וועט זי ווידער ארויפהויבען די פרייזען און טהע וועט ווערען נאך טייערער ווי פריהער.

אנדערע אגיטאטארס האבען אין זייערע ארטיקלען באוויזען, אז

טהע איז אין אַלגעמיין אַן אומגליק, אַז פון טהע טרינקען קומען אַרויס אַלערליי קראַנקהייטען: אַפּאָפּלעקציע, רומאַטיזם, אויסצע־רונג, פאַרשידענע פיבערס. מען האָט אויך דערצעהלט אין די צייטונגען וועגען גרויזאַמקייטען וואָס די איסט אינדיען קאָמפּאַני באַגעהט געגען די איינגעבאָרענע אין אינדיען. די אַגיטאַטאָרס האָבען געוואָרענט די קאָלאָניסטען, אַז אויב זיי וועלען לאָזען דער קאָמפּאַניע אַריינשטעלען אַ פוס אין אַמעריקא וועט זי זיך דאָ באַגעהן מיט דער היגער באַפעלקערונג פּונקט ווי זי באַגעהט זיך מיט די הינדוסען אין אינדיען, זי וועט דאָ איינפירען אַ שרעקליכע טיראַניי און פאַרוואַנדלען אַלע קאָלאָניסטען אין שקלאַפען.

דערווייל אָבער איז זיך די איסט אינדיען קאָמפּאַני אָנגעגאַנגען מיט איהרע פּלענער. זי האָט קודם אָנגעשטעלט אַגענטען אין די האַפענס פון ניו יאָרק, פילאַדעלפיא, באָסטאָן, טשאַרלסטאָון און אַנדערע קלענערע האַפען שטעט. דאָן האָט זי אַרויסגעשיקט אַהין שיפען אָנגעלאָדען מיט טהע. אין באָסטאָן זיינען אַלס אַגענטען אָנגעשטעלט געוואָרען די צוויי זין פון דעם גאָווערנאָר פון דער מאַסאַטשוסעטס קאָלאָניע, וועלכע זיינען אַליין געוועזען טהע הענדלער. דער גאָווערנאָר אַליין איז שוין פון פריהער געוועזען שרעקליך פאַרהאַסט ביי די ראַדיקאַלען. ער איז געוועזען אַ פאַרברענטער לאָיאַליסט. די סוחרים אין די אַלע גרויסע האַפען שטעט זיינען אַרויסגעטראָטען מיט רעזאָלוציעס געגען דער ענגלישער רעגירונג און מיט פאָדערונגען, אַז די טהע זאָל קיין אַמעריקא ניט געבראַכט ווערען. זיי האָבען געפאָדערט, אַז די אַגענטען דאָ זאָלען זיך אָנטזאָגען אָראָפּצונעמען די טהע פון די שיפען. די אַגענטען האָבען ניט געוואָלט הערען דערפון. די קאָמפּאַני און די ענגלישע רעגירונג האָבען זיך געמאַכט ניט וויסענדיג. דאָן האָט זיך סעמיועל עדעמס אַ נעם געטאָן צו דער אַרבייט. אָט אויף אַזאַ געלעגענהייט האָט ער די גאַנצע צייט געוואַרט. ער האָט פאַרופען די קאָרעספּאָנדענץ־קאָמיטעס פון באָסטאָן און די אַרומיגע שטעט צו אַ פאַרזאַמלונג. ער האָט אויך דורכגעפירט אַ גרויסע שטאָט אסיפה אין איינגעלאַדען אַלעמען, אפילו אָרימע איינוואוינער וואָס האָבען קיין פּאָליטישע רעכט ניט געהאַט. אַזוי גרויס איז די פאַרזאַמלונג געוועזען,

אז מען האט א טהייל פון עולם געמוזט איבערפירען אין א צווייטע זאל. ארום אכט טויזענד מענשען האבען זיך באטייליגט.

עדעמס האט געפירט די פארזאמלונג. גאווערנאר האטשינ־סאן האט געשיקט א באפעל דער עולם זאל זיך פאנאנדערגעהן. דער באפעל איז איגנארירט געווארען. די שיף מיט די טהע איז שוין דאן געשטאנען אין האפען. סעמיועל עדעמס האט געפאדערט די שיף זאל צוריקפירען די טהע קיין ענגלאנד. די שטימונג צווישען עולם איז געווען אז אויפגעבראכטע געגען ענגלאנד.

דער אייגענטימער פון שיף האט זיך דערשראקען און ער האט געבעטען ערלויבנים ביים גאווערנאר די שיף מיט די סחורה צוריק־צושיקען. דער גאווערנאר האט זיך אנטזאגט צו געבען די ערלויב־ניס. ער האט איהם, פארקערט, באפוילען אין פארלויף פון צוואנ־ציג טעג צייט אויסצוליפערען די טהע אין האפען. אויב ניט, האט דער גאווערנאר געסטראשעט, וועט ער עס אליין טאן. ער האט בא־פוילען די קריגס־שיפען אין באסטאנער האפען זיי זאלען היטען די שיף, אז זי זאל זיך פון האפען ניט ארויס'גנב'ענען.

דער צוואנציג־טאג טערמין האט זיך געדארפט ענדיגען דעם 17טען דעצעמבער. דעם אווענד פון 16טען האט עס עדעמס פאר־רופען די פארזאמלונג פון זיינע ראדיקאלען. אכט טויזענט מענ־שען האבען אויף זיין רוף געענטפערט. זיי זיינען געקומען ניט נאר פון באסטאן, נאר אויך פון אלע ארומיגע שטעט. עדעמס איז גע־ווען דער הויפט רעדנער. דער אייגענטימער פון דער שיף איז אויך געווען דערביי. ער האט געבעטען א געלעגענהייט נאך אמאל צו פרובירען ווירקען אויף דעם גאווערנאר. ער איז אוועק און באלד צוריקגעקומען מיט דעם באריכט, אז דער גאווערנאר האלט זיך פעסט ביי זיין באפעל, אז די טהע מוז אראפגענומען ווערען אין באסטאן. דאן האט זיך עדעמס אויפגעשטעלט און מיט א טיף ערנסטער שטימע געזאגט צום עולם: „די פארזאמלונג קען מער גארניט טאן צו ראטעווען אונזער לאנד".

גלייך ווי ער האט די ווערטער ארויסגערעדט האט זיך פון דרויסען דערהערט דער אינדיאנישער קריגס־געשריי. פון ערגעץ וואו האבען זיך אין זאל אריינגעריסען א מחנה פון ארום פופציג

מענשען, פאַרקליידט ווי אינדיאַנער. זייערע פּנים'ער זיינען געווען אויסגעשמירט מיט רויטע פאַרב. יעדער פון זיי האָט געהאַלטען אַ האַק אין האַנט. דאַן האָבען זיי זיך אַלע אַ לאָז געטאָן צום האַפען. דער גרויסער עולם נאָך זיי. די פאַרקליידעטע „אינדיאַנער“ זיינען אַרויף אויף דער שיף און דריי שטונדען נאָכאַנאַנד האָבען זיי געשלעפּט די קאַסטענס, זיי אויפגעריסען און די טהע אַריינגעשאָטען אין ים. אויפ'ן ברעג זיינען געשטאַנען טויזענטער מענשען און האָבען צוגעקוקט. עס איז געווען אַ ליכטיגע לבנה נאַכט. דער גרויסער עולם איז געשטאַנען שטיל און רוהיג. קיינער האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעט. געענדיגט די אַרבייט זיינען די „אינדיאַנער“ אַוועק אַהיים. די פאַרניכטעטע טהע איז ווערט געווען אַרום פופציג טויזענד דאָלאַר.

ווער האָט דעם פּאָגראָם אויף דער שיף געפּלאַנעוועט און אָרגאַניזירט? דאָס איז ביז היינטיגען טאָג ניט פעסטגעשטעלט געוואָרען. די אַלגעמיינע מיינונג צווישען היסטאָריקער איז, אַז געטאָן האָט עס סעמיועל עדעמס. ער האָט געהאָפט, אַז אַזאַ גוואַלדטאַט וועט שרעקליך אויפרעגען די ענגלישע רעגירונג און פירען דערצו, אַז זי זאָל אָנפאַנגען צו באַנוצען פיזישע מאַכט געגען די קאָלאָניסטען. און געוואוסט האָט ער, אַז אויב ענגלאַנד וועט עס טאָן, וועט די רעוואָלוציע, אויף וועלכער ער האָט אַזוי געהאָפט, ענדליך אויסברעכען. אויב דאָס איז ריכטיג, אויב סעמיועל עדעמס האָט עס ווירקליך אַזוי אויסגעפּלאַנעוועט, מוז מען איהם געבען אָנערקענונג. זיין חשבון האָט זיך אַרויסגעוויזען הונדערט פּראָצענט ריכטיג.

אין די אַנדערע האַפען־שטעט איז צו קיין גוואַלד־טאַטען ניט געקומען. קיין ערפאָלג האָט אָבער די איסט אינדיען קאָמפּאַני דאָרטען אויך ניט געהאַט. אין טשאַרלסטאָן איז אַ שיף מיט טהע אָנגעקומען אין אָנפאַנג דעצעמבער. די ראַדיקאַלען האָבען געצוואונגען די טהע אַגענטען צו רעזיגנירען. די ענגלישע האַפען באַאַמטע האָבען פאַרכאַפּט די טהע און געפּרואווט עס פאַרקויפען. קיינער פון די איינוואוינער האָט אָבער ניט געוואָלט צו דער סחורה זיך צורירען. מען האָט די טהע אַריינגעלייגט אין אַ קעלער, וואו עס

אין פארפוילט געווארען. די שיף וואס האט געפירט טהע קיין פי־לאדעלפיא האט זיך אומגעקערט איידער זי איז אין האפען אריין. א קאמיטע פון ראדיקאלען האט געלאזט וויסען דעם קאפיטאן און דעם אגענט, אז עס וועט זיין געזינטער פאר זיי די שיף אין האפען ניט אריינצופירען, און זיי האבען געפאלגט. דאס זעלבע האט פאסירט מיט דער שיף וואס האט געבראכט די טהע אין ניו יאר־קער האפען. די אגענטען האבען זיך אנטזאגט די טהע אראפצו־נעמען און די שיף האט געמוזט די סחורה אפפירען צוריק קיין ענגלאנד.

ווען דער גאווערנאר פון מאסאטשוזעטס וואלט ניט געווען זיין אזא געטרייער פאטריאט פון ענגלאנד, אדער ווען ער וואלט פערזענליך ניט געווען פאראינטערעסירט אין די געבראכטע טהע, וואלט ער אפשר ניט געווען אזוי איינגעשפארט און די „טיע פאר־טי" וואלט אויסגעמיטען געווארען. דער אויסברוך פון דער רעוואַ־לוציע וואלט דאן אזוי שנעל ניט געקומען.

.9

## די פינף נייע גזרות

די „באסטאן טיע פארטי" האט ארויסגערופען גרויס פאר־דרוס צווישען די רייכע קלאסען. אפילו אזוינע פאטריאטען ווי בענדזשאמין פרענקלין און דזשאן דיקינסאן האבען די פאסירונג שארף קריטיקירט. אין ענגלאנד האבען די בעסטע פריינד פון די קאלאניסטען, די שטאטסלייט און מיטגלידער פון פארלאמענט, וועלכע האבען אימער די קאלאניסטען פארטיידיגט, דאס מאל אויס־גענדריקט זייער אנטוישונג און צוגעגעבען, אז דעם „פארברעכען" טאר ענגלאנד ניט פארשווייגען. די פראגע איז אויפגעהויבען גע־ווארען אויף א סך שטאטישע אסיפות אין מאסאטשוזעטס און אין אנדערע קאלאניעס. טייל האבען ארויסגעטראגען פראטעסט־רע־זאלוציעס געגען דער „טיע פארטי". די פארמעגליכע מענשען הא־בען אין דער פאסירונג געזען די געפאר פון „המון הערשאפט", פון אנארכיע. סעמיועל עדעמס און זיינע חסידים, די אמת'ע רעוואלו־ציאנערען פון די געהיימע ארגאניזאציעס און פון די קארעספאנ־דענץ־קאמיטעס, זיינען אבער פון דעם ניט נתפעל געווארען. זיי האט, פארקערט, הנאה געטאן וואס די געשיכטע האט פאראורזאכט אזא שטורם. זייער ציל איז דאך געווען הויפטזעכליך אויפצוריי־צען די ענגלישע רעגירונג און ווירקען אויף איהר זי זאל אנפאנגען אן אפענעם גוואלד־קאמף געגען די קאלאניעס.

דעם 7טען נאוועמבער, 1774, האט דער ענגלישער פרעמיער, לארד נארטה אויפגעהויבען די גאנצע פראגע אין פארלאמענט. ער האט אריינגעטראגען א רייע פון פארשלאגען צו באשטראפען באס־טאן און די גאנצע מאסאטשוזעטס קאלאניע. נאך א לאנגער שטור־

מישער דעבאטע זיינען די פארשלאגען אנגענומען געווארען. בלויז א קליין הייפעלע פון פארלאמענט מיטגלידער האבען גערעט און געשטימט געגען דעם פראיעקט. זייער ארגומענט איז ניט געווען, אז די קאלאניעס פארדינען ניט קיין שטראף, נאר אז די שטראפען וואס דער פרעמיער שלאגט פאר ווילען ניט [illegible]יינגען די געווינשטע רעזולטאטען און וועלען פירען צו אן אפענעם ריס מיט די קאלאניעס.

דער ערשטער פראיעקט האט געהייסען „די באסטאן הארבאר ביל“ (דער באסטאנער האפען־געזעץ) און האט פארגעשריבען, אז דער באסטאנער האפען זאל געשלאסען ווערען. קיין שיפען זאלען אין דעם האפען מער ניט אריינפארען אדער ארויספארען. דער האפען זאל אריינגעלייגט ווערען אין חרם ביז וואנען די שטאט באסטאן וועט באצאלען דער איסט אינדיען קאמפאני דעם גאנצען שאדען פון די פארניכטעטע טהע.

דער צווייטער פארשלאג האט אוועקגענומען פון מאסאטשוזעטס א גרויסען טייל פון איר פאליטישער פרייהייט. ער האט פארגעשריבען, אז די קאונסיל־לייט, וואס פלעגען געוויילט ווערען פון דער אסעמבלי, זאלען איצט באשטימט ווערען פון קעניג; אז די דזשורי־לייט וועלכע פלעגען אויסגעקליבען ווערן פון די שטאט־אסיפות זאלען באשטימט ווערען פון דעם שעריף, וועלכער איז געווען אן אגענט פון קעניג; אז אלע עקזעקוטיווע באאמטע און אלע ריכטער זאלען שטעהן אונטער דער קאנטראל פון גאווערנאר און דער גאווערנאר זאל זיי באשטימען; אז די שטאט־אסיפות זאלען פארקומען בלויז איינמאל אין יאר מיט דער ערלויבניש פון גאווערנאר.

דער דריטער פארשלאג האט פארגעשריבען, אז אין פאל אז ענגלישער באאמטער, אפיציר אדער סאלדאט וועט באשולדיגט ווערען אין מארד אלס רעזולטאט פון א צוזאמענשטויס מיט די איינוואוינער פון מאסאטשוזעטס, מעג ער פאדערען אז זיין פראצעס זאל פארקומען ענטוועדער אין אן אנדער קאלאניע אדער אין ענגלאנד.

דער פערטער פארשלאג האט ארויסגעצוואונגען אויף מאסא־

טשוזעטס דעם יאָך פון פאַרזאַרגען די ענגלישע סאָלדאַטען אין דער קאָלאָניע מיט וואוינונגען און מיט שפייז. דאָס געזעץ האָט גע־לויטעט, אַז די סאָלדאַטען וואָס ווערען אַריינגעשיקט מוזען פון דער קאָלאָניע אויסגעהאַלטען ווערען; און אַז אויב די קאָלאָניע באַזאָרגט זיי ניט מיט וואוינונגען מעגען די אָפיצירען פאַרנעמען די שטאַטישע געביידעס אָדער אַנדערע פּאַסענדע געביידעס און זיך אַריינקלייבען אַהין מיט זייערע סאָלדאַטען.

די פיר געזעצען זיינען געצילט געוואָרען אויסשליסליך געגען מאַסאַטשוזעטס. די ענגלישע שטאַטסלייט האָבען געגלויבט, אַז די איבעריגע קאָלאָניעס וועט עס ווייניג אַרען. די פריינדשאַפט צווישען די קאָלאָניעס איז קיינמאָל ניט געווען קיין צו שטאַרקע. אויסער דעם האָט מען אין ענגלאַנד געגלויבט, אַז די גרויסע מאַיאָריטעט פון די קאָלאָניסטען האָבען וועגען דעם טהע סקאַנדאַל גע־פילט פונקט ווי די ענגלישע רעגירונג.

אין דערזעלבער צייט וואָס די פיר „בילס” זיינען דורכגעגאַנ־גען האָט דער פּאַרלאַמענט אָנגענומע א פינפטען ביל. היסטאָרי־קער זיינען צוטיילט אין זייערע מיינונגען צי דער פינפטער ביל האט געהאַט א שייכות מיט דער טהע געשיכטע אָדער ניט. די לעצטע אויספאָרשונגען צייגען, אַז ער האָט מיט דער געשיכטע קיין פאַרבינדונג ניט געהאַט. עס איז געווען בלויז א צופאַל וואָס ער איז דורכגעגאַנגען אין דיזעלבע מאָנאַטען. ווי די מעשה איז, אין די קאָלאָניעס האָט מען דעמאָלט אַנדערש געגלויבט. דאָרטען איז מען געווען זיכער, אַז דער פינפטער ביל איז אויך געצילט געווען צו אונטערדריקען די קאָלאָניעס און באַגרענעצען זייערע רעכט און פרייהייטען. און אַזוי ווי דער ביל האָט אַנגערירט ניט בלויז מאַ־סאַטשוזעטס, נאָר אויך עטליכע אַנדערע קאָלאָניעס האָט ער אַרויס־גערופען א שטורם איבער'ן גאַנצען לאַנד. מאַסאַטשוזעטס האָט געקראָגען די סימפּאַטיע און שטיצע פון די איבעריגע קאָלאָניעס. טיילווייז אַלס רעזולטאַט פון אָט דער פינפטער גזרה. דורך דער דאָזיגער גזרה האָבען די אַנדערע קאָלאָניעס זיך דערפילט אַלס מיט־ליידענדע מיט מאַסאַטשוזעטס, אַלע צוזאַמען אונטערדריקטע פון דער ענגלישער טיראַניי.

דער פינפטער ביל איז באקאנט אלס דער „קוויבעק געזעץ“.

אין קענעדע האבען געוואוינט אן ערך פון 70 טויזענד פראנ־צויזען און א 600 ענגלענדער. בשעת ענגלאנד האט איינגענומען קענעדע האט זי פארשפראכען צו געבען די דארטיגע פראנצויזען, וועלכע זיינען קאטאליקען, רעליגיעזע אנערקענונג און דער גאנצער פראווינץ פאליטישע רעכט. צען יאר זיינען פארבייגעלאפען און קיין זאך איז ניט געטאן געווארען מצד דער ענגלישער רעגירונג דעם פארשפרעכען צו פארווירקליכען. ענדליך האט דער פארלא־מענט געלייזט די קענעדער פראגע דורך דעם „קוויבעק געזעץ“.

דער ביל האט באשטימט, אז קענעדע זאל רעגירט ווערען דורכאוים פון אן ענגלישען גאווערנאר, אז קיין אייגענע געזעץ־מאכענדע קערפערשאפט זאל די פראווינץ ניט האבען. די אורזאך איז געווען די: אויב אלע אין קענעדע וועלען האבען שטימרעכט וועלען דאך די פראנצויזען אויסקלייבען דעם פארלאמענט און דער קליין הייפעל ענגלענדער וועלען בלייבען שוצלאז. געבען שטימ־רעכט בלויז די ענגלענדער, וועט דאך אויסקומען, אז עטליכע הונ־דערט ענגלענדער וועלען הערשען איבער 70 טויזענט פראנצויזען. איז געבליבען, אז קיינער זאל קיין שטימרעכט ניט קריגען. דער ביל האט אויך אנערקענט די קאטוילישע רעליגיע און געגעבען דער קאטוילישער קירכע דיזעלבע רעכט און פרייהייטען ווי די ענגלי־שע און די פוריטאנישע קירכעס פון די ענגלישע איינוואוינער. דער ביל האט אויך אפגעשאפט דזשורי־פראצעסען אין דער פראווינץ. די אורזאך איז געווען דיזעלבע, צוליב וועלכער דער פארלאמענט איז ניט ערלויבט געווארען. די ענגלענדער וואלטען ניט געטרויט קיין פראנצויזישע דזשורי־לייט, און די פראנצויזען וואלטען ניט גע־טרויט קיין ענגלישע דזשורילייט. איז געבליבען, אז אלע פראצע־סען זאלען פארקומען בלויז פאר ריכטער. נאך א פונקט אין ביל, פיילייכט דער וויכטיגסטער, האט באשטימט אז די פראווינץ קענע־דע זאל איינשליסען די גאנצע שטיק טעריטאריע וואס ציט זיך ביז'ן אהייא טייך צו דרום צו, און ביז'ן מיסיסיפי טייך צו מערב צו.

די קאלאניסטען האבען דעם גאנצען ביל אויסגעטייטשט אלס דער ערשטער שריט אוועקצונעמען פון זיי אלע פאליטישע רעכט.

דער אנפאנג, הייסט עס, ווערט געמאכט מיט קענעדע, דערנאך וועט דערזעלבער רעגירונגס־סיסטעם ביסלאכווייז איינגעפירט ווערען אין די אנדערע קאלאניעס אויך. דער רעליגיעזער פונקט האט אויפ־געגערעגט אלע פרומע פוריטאנער. זיי האבען אין דעם געזען א פאר־זוך פון ענגלאנד אריינצושיקען אין אמעריקא די קללה און די געפאר פון דעם רוימישען פאפסט. דער פונקט וועגען פארגרעסערען די טעריטאריע פון דעם קענעדער פראווינץ האט אנגערירט די קעשע־נעס פון פילע רייכע לאנד־קאמפאניעס. אין א פאריגען קאפיטעל האבען מיר דערציילט ווי אזוי פארשידענע קאלאניעס האבען גע־זוכט צו געניסען פון דער טעריטאריע וואס איז געלעגען צו מערב צו פון זייערע גרענעצען. ווירדזשיניא, פענסילווייניא, ניו יארק און מאסאטשוסעטס האבען אלע גע'טענה'ט, אז דאס לאנד געהערט צו זיי. אויף דעם גרונד פון די טענות האבען זיך געגרינדעט לאנד־קאמפאניעס און די קאלאניאלע רעגירונגען האבען זיי געגעבען דאס רעכט צו פארנעמען דאס לאנד און עס פארקויפען צו אימיגראנטען. איצטער האט די ענגלישע רעגירונג פלוצלונג ערקלערט, אז די טע־ריטאריע איז גאר א טייל פון קענעדע, און אז זי שטייט אין גאנצען אונטער דעם קאנטראל פון דעם ענגלישען גאווערנאר, וואס איז באשטימט געווארען אלס דער הערשער איבער דעם קענעדער פרא־ווינץ.

די פינף געזעצען זיינען אין די קאלאניעס געקרויגט געווארען מיט'ן טיטעל „די פינף אונערטרעגליכע געזעצען" („די פייוו אינ־טאלערייבעל עקטס").

פינף קריגס־שיפען זיינען געשיקט געווארען צו שליסען דעם באסטאנער האפען. כדי דורכצופירען די אנדערע גזרות געגען מאַ־סאטשוזעטס איז אריינגעשיקט געווארען קיין באסטאן אן ארמיי פון פיר רעגימענטען. גאווערנאר האטשינסאן האט די קאלאניע פארלאזען. ער איז אוועקגעפארען קיין ענגלאנד. אויף זיין פלאץ איז באשטימט געווארען גענעראל געידזש, דער הויפט קאמאנדיר פון דער ענגלישער ארמיי אין אמעריקא. באסטאן איז געשטאנען אונטער א מיליטערישער וואך, מיט דעם גענעראל אלס איהר הער־שער.

גענעראל גיידזש איז געווען א גוטמוטיגער מענש און האט געהאט אן אמעריקאנערין פאר א פרוי. דאך האט ער די גזרות געגען באסטאן דורכגעפירט מיט אן אייזערנער האנט. ער האט דעם האפען פון באסטאן אזוי פעסט צוגעשלאסען, אז מען האט דארטען מער קיין איין שיף ניט געזען, אויסער קריגס־שיפען. ער איז נאך געגאנגען ווייטער ווי דאס געזעץ האט געפאדערט. ניט נאר האט ער ניט ערלויבט קיין שיפען אריינצופארען דורכ'ן ים האפען, נאר ער האט פארבאטען קליינע שיפלאך אריבערצושווימען די טייכען, וואס ליגען ארום דער שטאט, די טייכען וואס פליסען צווישען באסטאן און קעמברידזש און צווישען באסטאן און מארבל־העד. ער האט אויסגעטייטשט דאס געזעץ, אז קיין זאך טאר ניט ארייגעפירט ווערען אין באסטאן מיט'ן וואסער. ער האט אויך פארשטאנען דאס געזעץ, אז באסטאן מוז אינגאנצען אויפהערען צו פירען האנדעל. ער האט פארווערט די סוחרים ארויסצופירען סחורה אפילו מיט פערד און וואגען.

איבער'ן גאנצען לאנד האט זיך צוטראגען די נייעס, אז די ענגלישע רעגירונג וויל באסטאן פארהונגערען. די קארעספאנדענץ־קאמיטעס האבען פארופען פארזאמלונגען אין צענדליגע שטעט און דורכגעפירט רעזאלוציעס צו פארדאמען די דאזיגע האנדלונג. זיי האבען געזאמעלט הילף פאר באסטאן. ווירדזשיניא האט געשיקט ניין טויזענד בושעל ווייץ און קארן. צוויי שיפען מיט רייז זיינען געשיקט געווארען פון סאוט קאראליינא. (מען האט די שיפען געמוזט אויסלאדען אין דעם נאענטען האפען סיילעם און די שפייז פירען אויף וועגען דורך קעמברידזש, א שטרעקע פון 30 מייל). טויזענט בושעל תבואה זיינען אנגעקומען פון קאנעקטיקוט. פילאדעלפיא האט געשיקט טויזענט פעסער מעל. פון די ארומיגע שטעט אין מאסאטשוזעטס איז אנגעקומען פלייש, פיש און אנדערע עסענוווארגען.

די לאגע איז געווארען ערנסטער פון טאג צו טאג. די ראדי־קאלען האבען אויסגענוצט די געלעגענהייט צו וועקען אין די מאסען רעוואלוציאנערע געפילען. פארזאמלונגען זיינען פארופען געווא־רען, פאמפלעטען זיינען פארשפרייט געווארען. די צייטונגען הא־

בען געשטורעמט. די שרייבער און רעדנער פון די ראדיקאלע האָ־בען פארדאמט ענגלאנד, געפאדערט רעכט און פרייהייט פאר די קאלאניעס. די רייכערע, קאנסערוואטיווע הענדלער האבען איצט איינגעזען די „געפאר" און גענומען ציען אויף צוריק. זיי האבען גע'טענה'ט, אז באסטאן דארף באצאלען פאר די טהע. טייל פון די רייכע סוחרים האבען אפילו אנגעבאטען גרויסע סומען געלט אלס בייטראג צו דעם שאדענערזאץ־פאנד. אויף דעם האט די ראדי־קאלע קאמיטע פון באסטאן געענטפערט מיט אן אויפרוף צו די קאמיטעס אין אנדערע שטעט און קאלאניעס זיי זאלען אויפפאָ־דערען די סוחרים אויפצוהערען צו האנדלען מיט ענגלאנד און מיט די ענגלישע אינזעל קאלאניעס ביז וואנען די גזרה אויף דעם באס־טאנער האפען וועט אפגעשאפט ווערען. די באסטאנער קאמיטע האט זיך אונטערגעשריבען אויף א שבועה „אפצושניידען אלע גע־שעפטליכע באציאונגען מיט ענגלאנד און ניט צו קויפען און ניט צו געברויכען קיין ענגלישע סחורה". פיל באסטאנער הענדלער האבען פראטעסטירט געגען דער שבועה מיט דער טענה, אז דאס וועט זיי רואינירען. דער פראטעסט האט ווייניג־וואס געהאלפען. די שטעטלאך ארום באסטאן האבען די שבועה אונטערשטיצט.

אין אנדערע קאלאניעס האט דער באיקאט ארויסגערופען מחלוקות צווישען די רייכע סוחרים און קאנסערוואטארים אויף איין זייט, און די ארימע מאסען און די ראדיקאלען אויף דער אנדער זייט. די רייכע קלאסען זיינען געווען געגען באיקאט, ניט אזוי צו־ליב זייערע געשעפטליכע אינטערעסען, ווי דערפאר וואס זיי האבען מורא געהאט, אז דאס וועט פירען צו א רעוואלוציע. פאר אזא מעגליכקייט האבען זיי זיך געשראקען, ווייל זיי האבען אין דעם געזען א געפאר, אז די מאסען וועלען קריגען פאליטישע מאכט און פאדערען מער רעכט. אין ניו יארק און אין פענסילווייניא איז דער קאמף צווישען די צוויי קלאסען געווען זייער א שארפער. די רייכע האבען גע'טענה'ט, אז עס וועט גענוג זיין צו שיקען פראָ־טעסט רעזאלוציעס און שארפע פאדערונגען צו ענגלאנד, אז מען דארף, הייסט עס, באנוצען פרידליכע און געזעצליכע מיטלען. די ארימע און די ראדיקאלען האבען געשטיצט דעם באשלוס פון די

באָסטאָנער ראַדיקאַלען, אַז עס מוז גלייך ערקלערט ווערען אַ באַי־קאָט. אין די ערשטע קאָנפליקטען זיינען די קאָנסערוואַטיווע גרו־פּען ארויס די זיגער.

דעם 17טען מאַי האָט די שטאָט פּראָווידענס ביי איר אסיפה פאַרגעשלאָגען, אַז אַ קאָנגרעס פון אַלע קאָלאָניעס זאָל פאַרופען ווערען צו באַטראַכטען די רעכט פון די קאָלאָניעס און צו אָרגאַני־זירען אַלע קאָלאָניעס אין איין פאַרבאַנד. עטליכע וואָכען שפּעטער האָט ניו יאָרק אויך אָנגענומען אַזאַ באַשלוס. איינע נאָך די אַנ־דערע האָבען די איבעריגע קאָלאָניעס גוט געהייסען דעם פאָרשלאַג פון אַן אַלגעמיינעם קאָנגרעס. עס דאַרף דאָ אָנגעוויזען ווערען, אַז די ראַדיקאַלען איז דער דאָזיגער באַשלוס דוקא ניט שטאַרק געפעלען געווען. זיי האָבען אין דעם געזען אַ סטראַטעגישען צוג פון די קאָנסערוואַטאָרען. ערשטענס, וועט עס שטערען אָנצונע־מען באַלדיגע מיטלען. צווייטענס, האָבען די ראַדיקאַלען מורא געהאַט, אַז די קאָנסערוואַטאָרען וועלען פאַרכאַפּען דעם קאָנגרעס, קריגען דאָרט אַ מאַיאָריטעט פון די דעלעגאַטען. סעמיועל עדעמס האָט פאַרשטאַנען די געפאַר און האָט זיך דערפאַר שטאַרק געשראַ־קען. ער האָט געוואָלט, אַז די לאַגע זאָל ווייטער בלייבען אין די הענט פון די קאָרעספּאָנדענץ־קאָמיטעס, וועלכע ער האָט קאָנטראָ־לירט. ער האָט מורא געהאַט, אַז דער קאָנגרעס וועט די קאָנטראָל איבערנעמען אין די אייגענע הענט. די פאָדערונג פון אַן אַלגעמיינעם קאָנגרעס איז אָבער געווען צו שטאַרק און עס איז געבליבען, אַז אַזאַ קאָנגרעס זאָל זיך פאַרזאַמלען אין מאָנאַט סעפּ־טעמבער אין פילאַדעלפיא.

אין באָסטאָן און אין דער גאַנצער מאַסאַטשוזעטס קאָלאָניע האָט זיך גערודערט מיט רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט. דער נייער גאָווערנאָר געידזש האָט געפּרואווט פירען די רעגירונג, אָבער די ראַ־דיקאַלען האָבען אים געלייגט אַזוינע שטערונגען אין וועג, אַז די רעגירונג איז פּאַקטיש פּאַראַליזירט געוואָרען. ער האָט באַשטימט קאָונסיל־לייט צום אויבערשטען הויז פון דער לעדזשיסלייטשור, אָבער די ראַדיקאַלען האָבען זיי געצוואונגען צו רעזיגנירען. מען איז באַפאַלען זייערע היימען, מען האָט געשאָסען אויף זיי אין די

גאסען. דער וואס האט ניט רעזיגנירט האט זיך באהאלטען הינטער די סאלדאטסקע ביקסען. אויפגערעגטע מאסען פלעגען באפאלען די בירגער, וועלכע האבען געוואגט זיך צו ערקלערען לאיאל צו ענגלאנד. דער גאווערנאר האט געמאכט א פארזוך דורכצופירען די גזרה וועגען דזשורילייט, אבער דאס איז אים ניט געלונגען. די וואס ער האט באשטימט האבען זיך אנטזאגט צו דינען אלס דזשורילייט. די געריכטען האבען זיך געמוזט פאקטיש שליסען. אין וואוסטער איז א המון פון פינף טויזענט מאן באפאלען דאס געריכט און האט געצוואונגען די ריכטער. די אדוואקאטען און די שעריפס זיי זאלען דורכגיין דורך צוויי שורות אויסגעשטעלטע בירגער, אראפנעמען די היטלען און זיך שווערען דרייסיג מאל נאכאנאנד, אז זיי וועלען ניט פירען קיין פראצעסען לויט דער גזרה פון דעם ענגלישען פארלאמענט. גיידזש האט זיך גענויטיגט אין קאזארמעס פאר זיינע סאלדאטען, און כאטש באסטאן איז געווען פול מיט ארבייטסלאזע האט ער ניט געקענט קריגען קיין ארבייטער די קאזארמעס צו בויען. ער האט געמוזט בריינגען ארבייטער פון קענעדע. גיידזש איז געווען מאכטלאז. ער האט געשיקט באריכטען צו דער ענגלישער רעגירונג, אז די לאגע ווערט געפערליך; אז זיין רעגירונג פונקציאנירט ניט מער, אז די געריכט-הייזער מאכען זיך צו איינער נאכ'ן אנדערען. ער האט זיך געבעטען מען זאל אים פון ענגלאנד שיקען אן ארמיי פון צוואנציג טויזענט סאלדאטען „איינצונעמען ניו ענגלאנד". די גזרה וואס האט פארבאטען די שטעט אפצוהאלטען אסיפות איז אינגאנצען איגנארירט געווארען. ווען מען האט גיידזש'ן געמאלדען אז ערגעץ ווערט אן אסיפה אפגעהאלטען האט ער געענטפערט: „פארדאמט זאל עס ווערען, איך קען גארניט טאן ביז וואנען איך וועל ניט קריגען מער סאלדאטען".

דערווייל האט גענעראל גיידזש באשלאסען צום ווייניגסטענס ניט צו דערלאזען, אז די אסעמבלי זאל אנגיין מיט איר ארבייט. ער האט פארבאטען די וואלען צו דער אסעמבלי, כדי צו מאכען אוממעגליך, אז די קערפערשאפט זאל האבען געזעצליכע מיטגלידער. די שטעט האבען אבער דעם באפעל אויך ניט געפאלגט. זיי האבען גע'טענה'ט, אז דער גאווערנאר האט ניט קיין געזעצליכען רעכט

אפצושטעלען די וואלען. די וואלען זיינען אפגעהאלטען געווארען און די אסעמבלי האט זיך פארזאמעלט אין מאנאט אקטאבער און האט גענומען אויף זיך די אויפגאבע צו פירען די רעגירונג פון דער קאלאניע. מאסאטשוזעטס האט איצט אלזא געהאט צוויי רעגירונגען: די אזוי גערופענע „געזעצליכע רעגירונג" אונטער דעם ענגלישען גאווערנאר, און די רעוואלוציאנערע רעגירונג אונטער דער אסעמבלי, וועלכע איז געזעסען, ניט אין באסטאן, נאר אין קאנ־קארד. דעם גאווערנאר'ס רעגירונג האט קיין שום פראקטישע מאכט ניט געהאט. די רעוואלוציאנערע רעגירונג איז אבער גע־ווארען שטארקער פון טאג צו טאג.

די סוחרים פון באסטאן זיינען הארצען געוועזען אויף דער זייט פון דער ענגלישער רעגירונג. איצטער האט זיך דאך מער ניט געהאנדעלט וועגען האנדעלס פאליטיק אדער וועגען קאמער־ציעלע פרינציפען. די פראגע איצטער איז געווען וועגען „געזעץ און ארדנונג", וועגען דער הייליגקייט פון פריוואט אייגענטום. די באסטאנער סוחרים זיינען קיינמאל ניט געוועזען צופרידען מיט דעם, וואס דער המון האט זיך באנוצט מיט טעראריסטישע מיטלען. זיי האבען אין דעם געזען א געפאר פון א מאסען־אויפשטאנד געגען דער הערשאפט פון די רייכע אין דער אינערליכער פאליטיק. אין די פריערדיגע פעלען האבען זיי, די סוחרים, פון דעם טעראר באטש נוצען געהאט. אין דעם איצטיגען פאל האבען זיי קיין נוצען ניט געקענט ערווארטען.

דעם 13טען מאי האבען די באסטאנער איינוואוינער אפגע־האלטען א שטאט אסיפה און באשלאסען צו אפעלירען צו אלע קא־לאניעס זיי זאלען איבערייסען אלע געשעפטליכע פארבינדונגען מיט ענגלאנד און מיט אירע אנדערע קאלאניעס. דער אפיל איז פאנאנדערגעשיקט געווארען צו די קאלאניעס דורך פאול רעוויער און זיין קאמפאניע רייטער. די הענדלער אין די אנדערע קאלא־ניעס האבען, נאטירליך, אויך געפילט אזוי ווי די באסטאנער הענד־לער און האבען זיך אנטזאגט פון אזא באיקאט. ווען די באסטאנער פאטריאטען האבען געזען, אז זיי קענען מיט די סוחרים גארניט מאכען, האבען זיי באשלאסען דעם באיקאט אליין צו ארגאני־

זירען. דעם 5טען יוני האט די באסטאנער קארעספאנדענץ־קאמי־מע פאר שפרייט א דאקומענט, „א הייליגען פארבאנד און שבועה". אין וועלכען די אונטערגעשריבענע פארפליכטען זיך, פון דעם ערשטען אקטאבער אן, ניט צו האנדלען מיט ענגלאנד, און צו באי־קאטירען יעדען סוחר וואס וועט אנהאלטען קאמערציעלע פארבינ־דונגען מיט ענגלאנד. עס פארשטייט זיך, אז דער „הייליגער בונד" איז ארגאניזירט געווארען אין געהיים. ווען די סוחרים האבען זיך דערפון דערוואוסט האבען זיי געמאכט א גוואלד, אז די קאמיטע האט געהאנדעלט אומגעזעצליך, אז זי האט קיין רעכט ניט געהאט אליין צו פראקלאמירען א באיקאט. די קאמיטע האט דא־רויף געענטפערט מיט אן אויפרוף צו א שטאט־אסיפה און די אסיפה האט, ניט קוקענדיג אויף די פראטעסטען פון די סוחרים, דעם באיקאט גוטגעהייסען.

קיין גרויסען ערפאלג האט דער באיקאט ניט געהאט. בלויז אין באסטאן און אין אנדערע שטעט פון מאסאטשוזעטס איז דער באיקאט געשטיצט געווארען פון די שטאטישע אסיפות. אין די אנדערע קאלאניעס איז באשלאסען געווארען צו ווארטען ביז דער אלגעמיינער קאנגרעס וועט צושטאנד קומען און וועט האבען די מעגליכקייט די פראגע צו פארהאנדלען און באשליסען וואס צו טאן.

## .10

# די קאָלאָניעס פֿאַראייניגען זיך אין אַ קאָנגרעס

דעם באַשלוס אײנצורופֿען אַ קאָנגרעס האָבען אָנגענומען אייניגע קאָלאָניעס אין אומגעפֿער דערזעלבער צייט. דער טאָג ווען דער קאָנגרעס זאָל זיך פֿאַרזאַמלען און די אַנדערע איינצעלהייטען זיינען איבערגעלאָזען געוואָרען צו דער מאַסאַטשוזעטס׳ער קאָלאָניע, זי זאָל זיי באַשטימען.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז גענעראַל גיידזש האָט ניט ווילענדיג געגעבען מאַסאַטשוזעטס די געלעגענהייט אויסצוקלייבען דעלעגאַטען צום קאָנגרעס אויף אַ געזעצליכען אופֿן. ער האָט פֿאַררופֿען די אַסעמבלי צו אַ זיצונג אין דער שטעטעל סיילעם. ער האָט בדעה געהאַט שטרענג צו היטען יעדע פֿאַרהאַנדלונג אירע, און זי פֿאַנאַנדערלאָזען אַזוי שנעל ווי זי וועט מאַכען דעם מינדעסטען פֿאַרזוך צו האַנדלען געגען זיין ווילען. די אַסעמבלי האָט זיך פֿאַרזאַמעלט. סעמיועל עדעמס איז דאָרטען געווען אי אַלס מיטגליד פֿון דער אַסעמבלי, אי אַלס דער פֿירער פֿון דער פּאַטריאָטישער גרופּע. ער האָט געוואוסט דעם גאָווערנאָר׳ס פּלאַן און האָט זיך באַוואָרענט געגען דעם. ער האָט געהייסען פֿאַרשליסען די טיר פֿון זאָל און דעם שליסעל אריינגעלייגט אין קעשענע.

דאַן האָט די אַסעמבלי גענומען פֿאַרהאַנדלען די פֿראַגע וועגען ערוויילען דעלעגאַטען צום קאָנגרעס. די לאָיאַלע מיטגלידער האָבען געוואָלט גלייך מודיע זיין דעם גאָווערנאָר. די טיר איז אָבער געווען פֿאַרשלאָסען. איז איין לאָיאַליסט געפֿאַלען אויף אַ פּלאַן און האָט זיך געמאַכט קראַנק. עדעמס האָט אים ארויסגעלאָזען און ווידער די טיר פֿאַרשלאָסען. דער לאָיאַליסט איז אַוועקגעלאָפֿען צום

גאָווערנאָר, אים דערציילט וואָס עס קומט פאָר. דער גאָווערנאָר האָט געשיקט אַ פאָרשטייער ער זאָל די אַסעמבלי אויפלייזען. מען האָט אים אָבער אין זאָל ניט אַריינגעלאָזען. בשעת דעם גאָווערנאָר'ס שליח איז געשטאַנען אין דרויסען מיט'ן באַפעל פאַנאַנדערצוטרייבען, איז די אַסעמבלי געזעסען אינעווייניג און האָט אויסגעקליבען דעלעגאַטען צום קאָנגרעס.

ביז'ן ערשטען סעפּטעמבער האָבען צוועלף קאָלאָניעס אויסגעקליבען דעלעגאַטען. די איינציגע קאָלאָניע וואָס האָט קיין דעלעגאַטען ניט אויסגעוויילט איז געווען דזשאָרדזשיאַ.

די דעלעגאַטען זיינען אויסגעקליבען געוואָרען אויף פאַרשיידענע אופנים, אין קאָנעקטיקוט, ניו דזשוירזי און מערילענד זיינען זיי אויסגעקליבען געוואָרען פון די פּאַטריאָטישע קאָרעספּאָנדענץ־קאָמיטעס; אין מאַסאַטשוסעטס, ראָוד איילאַנד און פּענסילווייניאַ זיינען זיי געוויילט געוואָרען דורך די אַסעמבלים; אין ניו־העמשיר, ניו יאָרק און סאוט קאַראָליינאַ האָט דאָס פאָלק זיי געוויילט ביי ספּעציעלע קאָנפערענצען. אין די מערסטע קאָלאָניעס אַלזאָ האָבען די לאָיאַליסטען געהאַט פּונקט אַזאַ געלעגענהייט אויסגעקליבען צו ווערען ווי די פּאַטריאָטען. דער קאָנגרעס איז נאָך דעמאָלט ניט באַטראַכט געוואָרען אַלס אַ רעוואָלוציאָנערע קערפּערשאַפט, כאָטש די ענגלישע רעגירונג האָט אויף זיין אָרגאַניזירונג געקוקט קרום. די לאָיאַלע האָבען, פאַרקערט, געהאָפט, אַז דורך דעם קאָנגרעס וועט געפונען ווערען אַן אויסוועג ווי אויסצוגלייכען זיך מיט ענגלאַנד און אַז דורך אים וועט געלינגען איינצוהאַלטען די „בונטאָווטשיקעס" פון מאַסאַטשוזעטס. סעמיועל עדעמס, דער הויפּט אָנפירער פון דער פּאַטריאָטישער פראַקציע, האָט זיך, פון דער אַנדער זייט, געשראָקען פאַר'ן קאָנגרעס און ער האָט שטילערהייט מאַנעווירט, אַז די לאָיאַלע זאָלען דאָ ניט קריגען די אויבערהאַנט. דזשאָן עדעמס איז אויך געווען פּעסימיסטיש. גענעראַל גיידזש האָט געפילט אַזוי זיכער, אַז ער האָט ערקלערט, אַז „מער ווי שענע ווערטער וועט באָסטאָן פון דעם קאָנגרעס ניט קריגען".

די פיר מאַסאַטשוזעטסער דעלעגאַטען סעמיועל עדעמס, דזשאָן

עדעמס, טאמאס קושינגס און ראבערט טריעט פעין, האבען פאר־
לאזען באסטאן דעם 10טען אויגוסט. זיי זיינען ארויסגעפארען
מיט גרויס פאראד אין א קארעטע מיט צוויי פאר פערד. צוויי
ווייסע דינער זיינען געזעסען אין פארענט און צוויי שווארצע די־
נער פון הינטען. גיידזש האט געוואוסט פון זייער אפפארען. ער
האט זיי אבער ניט געשטערט. די רייזע קיין פילאדעלפיא האט
געדויערט עטליכע וואכען. אין ניו הייווען האט מען זיי אויפגע־
נומען ווי קעניגליכע געסט. מען האט געקלונגען אין די גלאקען.
מענער, פרויען און קינדער זיינען געלאפען זיי אנטקעגען. אין
ניו יארק האט מען א וואך נאכאנאנד זיי ארומגעפירט אין די רייכ־
סטע הייזער, פאר זיי געמאכט באנקעטען, זיי פארגעשטעלט פאר
די פראמינענטסטע פאליטיקער פון דער קאלאניע. אין פרינסטאן
זיינען זיי איינגעלאדען געווארען צו גאסט צום פרעזידענט און צו
די סטודענטען פון דער אוניווערזיטעט, וועלכע זיינען געווען מיט־
גלידער פון די „סאנס אוו ליבערטי". אין פילאדעלפיא גופא האט
מען זיך אויך משמח געווען מיט זיי. מען האט זיי איבעראל ארומ־
געפירט און פאר זיי באנקעטען געמאכט.

דער קאנגרעס האט זיך געעפענט דעם פינפטען סעפטעמבער.
די צאל דעלעגאטען האט דערגרייכט ביז 52; פערציג פון זיי זיי־
נען געווען אדוואקאטען, סוחרים זיינען געווען צווישען זיי בלויז
עלף. די סאוט האט געשיקט מער פעהיגע מענשען ווי די נארט.
אלס פארזאמלונגס־פלאץ איז באשטימט געווארען דער קארפענ־
טער'ס האל (דער זאל פון די סטאליארעס). דאס איז באטראכט
געווארען אלס דער ערשטער זיג פון די פאטריאטען. די לאיאלע
האבען געוואלט מען זאל די זיצונגען אפהאלטען אין דער שטאט־
הויז. דער קארפענטער'ס האל איז געווען די הויפט קווארטיר פון
די ארבייטער, און די ארבייטער זיינען מייסטענס געווען אנהענגער
פון דער רעוואלוציאנערער באוועגונג.

די ערשטע דריי וואכען איז שווער געווען צו באשטימען וועל־
כער צד איז ווירקליך געווען דער שטארקערער. די צוויי עדעמסעס
האבען געמוזט שטארק דיפלאמאטעווען. אין זיין טאגעבוך שרייבט

דזשאן עדעמס וועגען יענע קריטישע טעג דאס פאלגענדע: „מיר האבען געמוזט באזייטיגען אן א שיעור פאראורטיילען געגען אונז, וואס האבען געהערשט צווישען די דעלעגאטען. מיר האבען זיך געמוזט האלטען אן א זייט, מיר זאלען זיך ניט ווארפען צופיל אין די אויגען. מיר האבען געטאפּט דעם דופק. מיר האבען געמוזט אונזערע סענטימענטען און פארלאנגען דורך אנדערע מענשען ארייננשמוגלען צווישען די דעלעגאטען“. סעמיועל עדעמס איז אויף דעם סארט ארבייט געווען א בריה. דעם צווייטען טאג נאך דער עפענונג פון קאנגרעס איז פון באסטאן אנגעקומען א באריכט, אז די ענגלענדער באמבארדירען די שטאט, אז קאלאניסטען זיינען דארטען דער׳הרג׳עט געווארען און אז די גאנצע געגענד פּארטיידיגט זיך מיט וואפען אין די הענט. דער באריכט איז געווען דורכאויס א פאלשער. אויף באשטימט וויים מען ביז היינטיגען טאג ניט ווער עס איז פאר דעם ליגען פאראנטווארטליך געווען. אלע אין פילאדעלפיא האבען איהם אבער געגלויבט. די מיינונג פון די היסטאריקער איצט איז, אז דאס איז געווען די ארבייט פון סעמיועל עדעמס. מען גלויבט, אז נאך איידער ער איז פון באסטאן אפּגעפארען האט ער אפּגערעדט מיט זיינע דארטיגע פּאטריאטען זיי זאלען דעם באריכט צושיקען גלייך ווי דער קאנגרעס וועט זיך עפענען. כדי צו שאפען צווישען די דעלעגאטען אן אויפגערעגטע שטימונג געגען ענגלאנד. דער פאלשער באריכט האט זיכער א כח געווירקט צו שטארקען די פּאטריאטישע פראקציע אין קאנגרעס.

די לאיאליסטישע פראקציע איז געשטאנען אונטער דער פירערשאפט פון דזשאזעף גאלאוויי, א דעלעגאט פון פענסילווייניא און א מאן מיט אויסערגעוויינליכע פעהיגקייטען. ער איז אויך געווען איינער פון די רייכסטע לייט אין דער קאלאניע. גאלאוויי האט פארגעשלאגען א פּלאן ווי אזוי אויסצוגלייכען די סכסוכים מיט ענגלאנד און איינשטעלען באציהונגען וועלכע זאלען צופרידענשטעלעןביידע לענדער. פון אנפאנג האט דער פּלאן שטארק אויסגענומען. די פּאטריאטען האבען אבער אזוי טיכטיג געארבייט געגען איהם, אז זיי איז געלונגען צו ווירקען דער קאנגרעס זאל איב

פארוואָרפען. די פאטריאָטען האָבען ניט געוואָלט קיין פשרות מיט ענגלאַנד. דער זיג פון די פאַטריאָטען האָט באַוויזען, אַז דער קאָנגרעס שטייט אונטער זייער קאָנטראָל, אַז די קאָלאָניעס זיינען באַהערשט פון דעם פאַטריאָטישען סענטימענט.

דעם 14טען אָקטאָבער האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען אַ דעקלאַראַציע וועגען די רעכט פון די קאָלאָניעס. די ערקלערונג איז ניט רעוואָלוציאָנעריש. זי ווידערהאָלט די אַלטע שטעלונג פון די קאָלאָניעס. לויט דער ערקלערונג זיינען די רעכט פון קאָלאָניעס געשטיצט אויף דער ענגלישער קאָנסטיטוציע, אויף די געזעצען פון דער נאַטור און אויף די קאָלאָניאַלע טשאַרטערס; די קאָלאָניעס קענען ניט שיקען קיין פאַרשטעהער אין ענגלישען פאַרלאַמענט; דערפאַר קענען די געזעצען פאַר די קאָלאָניעס געמאַכט ווערען בלויז פון די קאָלאָניאַלע אַסעמבלים; דער ענגלישער פאַרלאַמענט מעג בלויז רעגולירען דעם אויסערליכען האַנדעל פון די קאָלאָניעס. אָבער אין דער רעגולירונג טאָר ניט זיין קיין אָנצוהערעניש פון שטייערען, ניט קיין אינערליכע און ניט קיין אויסערליכע. דער קאָנגרעס האָט אויך געשיקט פעטיציעס צום ענגלישען קעניג און צום ענגלישען פאָלק, אין וועלכע עס זיינען ווידער אויסגערעכענט געוואָרען די אַלע עולות, וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט געטאָן געגען אַמעריקאַ, און אין וועלכע עס זיינען געשטעלט געוואָרען דיזעלבע פאָדערונגען ווי אין דער דערמאָנטער ערקלערונג.

דער וויכטיגסטער אויפטו פון קאָנגרעס איז געווען דעם באַשלוס וועגען באָיקאָט. דער אָפיציעלער נאָמען פון דעם באַשלוס איז געווען „אַסאָסיאיישאָן“. אַלע מיטגלידער פון קאָנגרעס האָבען זיך אויף אים אונטערגעשריבען. אין אים האָבען זיך די אונטערגעשריבענע פאַרפליכטעט, אַז אויב ענגלאַנד וועט פאָרזעצען אירע פאָליטיק וועט דעם ערשטען דעצעמבער, 1774, אָפגעשטעלט ווערען דער אימפאָרט פון ענגלאַנד, און דעם 10טען סעפּטעמבער, 1775, וועט אָפגעשטעלט ווערען דער עקספּאָרט קיין ענגלאַנד. אַלע דעלעגאַטען האָבען זיך אויך פאַרפליכטעט צו ערמוטיגען די פאַבריקאַציע אין זייערע קאָלאָניעס און אָפּצושאַפען געמבלעריי, רייסעס, לוק־

סוסעז, קאָסטבאַרע קליידער און פאַרשווענדערישע אונטערהאַלטונ־גען.

דער קאָנגרעס האָט ניט געהאַט די מאַכט דורכצופירען זיינע באַשלוסען אין לעבען. דער „אַסאָסיאיישאָן באַשלוס" אָבער האָט אים געשטעמפעלט פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע רעגירונג. די אַלע דעלעגאַטען וואָס האָבען זיך אויף דעם באַשלוס אונטערגעשריבען האָבען אויף זיך גענומען די אויפגאַבע אים אַרויפצוצווינגען אויף אַלע קאָלאָניסטען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו גרינדען קאָ־מיטעס אין יעדער שטאָט און שטעטעלע, וועלכע זאָלען זען, אַז די „אַסאָסיאיישאָן" זאָל שוין פון אַלעמען אָפּגעהיט ווערען. דער יע־ניגער וואָס וועט וואַגען אים איבערצוטרעטען זאָל פאַרדאַמט ווערען אַלס אַ פיינד פון דער אַמעריקאָנער פרייהייט און זאָל אַריינגעלייגט ווערען אין חרם. קיינער זאָל מיט אַזאַ נפש ניט האָבען קיין שום מגע ומשא, ניט קיין געשעפטליכע, ניט קיין געזעלשאַפטליכע. נאָך מער, אויב אימיצער וועט אַריינפירען פאַרבאָטענע סחורה האָט די קאָמיטע אַ רעכט עס צוצונעמען און עס ענטוועדער האַלטען אָדער פאַרקויפען. אין לעצטען פאַל זאָל דער אייגענטימער באַקומען בלויז דעם קרן. דער ריוח זאָל גיין אויף העלפען די אַרימע אין באָסטאָן.

דער „אַסאָסיאיישאָן" באַשלוס האָט אַרויסגערופען אַ שטורם פון פּראָטעסטען צווישען די לאָיאַליסטען. זיי האָבען אים אַטאַקירט אין דער פרעסע און דורך פּאַמפלעטען. זיי האָבען באַשולדיגט די באָסטאָנער דעלעגאַטען, אַז זיי האָבען דעם באַשלוס אַרויפגע־צוואונגען אויפ'ן קאָנגרעס. „די באָסטאָנער מיינען, אַז גאָט האָט באַשאַפען באָסטאָן פאַר זיי און די גאַנצע איבעריגע וועלט פאַר באָסטאָן", האָט געשריבען איינער פון די לאָיאַליסטען. אין די שטעט און שטעטלאַך וואו די לאָיאַליסטען האָבען געהאַט די מאַכט זיינען אָנגענומען געוואָרען אויף אַסיפות פּראָטעסט־רעזאָלוציעס געגען דעם באַשלוס. *)

---

*) פּאָול רעוויער איז די גאַנצע צייט פון דער זיצונג אומגעפאָרען הין און צוריק פון באָסטאָן און פילאַדעלפיא, און ער האָט געבראַכט צו

אבער די אלע פראטעסטען האבען א קנאפע באדייטונג געהאט. די שרייבער פון די ארטיקלען און פאמפלעטען, די פארפאסער פון די פארדאמונגס רעזאלוציעס זיינען געווען מאכטלאז געגען די גוט ארגאניזירטע פאטריאטען. די „אסאסיאיישאן“ איז פון די גרויסע מאסען אויפגענומען געווארען מיט גרויס באגייסטערונג. קאמיטעס זיינען גלייך אומעטום ארגאניזירט געווארען. אלע הכנות זיינען געמאכט געווארען ארויפצוצווינגען דעם באיקאט אויף אלעמען. אין 1775 איז דער אימפארט פון ענגלאנד אראפגעפאלען פון אן ערך צוויי מיליאן אויף ארום זעקס טויזענד דאלאר. דער עולם האט געפאלגט די קאמיטעס. דער באפעל פון קאנגרעס איז

פירען די בארימטע רעזאלוציעס וואס סאפאלק קאונטי (פון וועלכע באסטאן איז געווען א טייל) האט אנגענומען. אלע שטעט און שטעטלאך פון דער קאונטי האבען אפגעהאלטען א קאנפערענץ און דארטען איז באשלאסען געווארען דאס פאלגענדע: עס זאל עטאבלירט ווערען א נייע רעגירונג פאר מאסאטשוסעטס, אומאפהענגיג פון דער אלטער רעגירונג אונטער דעם ענגלישען טשארטער. די איינוואוינער זאלען ניט פאלגען די גזרות פון דער ענגלישער רעגירונג געגען באסטאן. די אלטע ריכטער פון די געריכטען האבען מער קיין געזעצליכע מאכט ניט און די פאליציי באאמטע, די דזשורים און די שעריפס מוזען זיך אנטזאגען זיי צו פאלגען. אלע וואס האבען סכסוכים צווישען זיך זאלען זען דורכקומען מיט דער הילף פון פשרה־מאכער, אבער אין געריכט זאלען זיי ניט גיין. ציגזענזאמלער וואס האבען רעגירונגס־געלטער ביי זיך זאלען עס האלטען ביי זיך און ניט איבערגעבען צו גיידזש’ס באאמטע. די פאטריאטען פון יעדער שטאט און שטעטעל זאלען גלייך אנהויבען לערנען די מיליטערישע קונסט. אויב א פאטריאט ווערט ארעסטירט זאלען די פאטריאטען גלייך נעמען געפאנגען א באאמטען פון גיידזש’עס רעגירונג און אים האלטען פאר א משכון. אלע שטעט זאלען גלייך אויסוויילען דעלעגאטען צום פראווינציעלען קאנגרעס און דער קאנגרעס זאל פארנעמען דעם פלאץ פון גיידזש’עס אסעמבלי.

די שטעט און שטעטלאך האבען דעם לעצטען פונקט אין די רעזאלוציעס גלייך געפאלגט. זיי האבען אויסגעוויילט דעלעגאטען צו א קאנגרעס פון דער גאנצער מאסאטשוסעטס’ער קאלאניע. דער קאנגרעס איז פון דאן אן געווארען די רעוואלוציאנערע און פאקטישע רעגירונג פון דער קאלאניע.

ווען רעוויער האט די רעזאלוציעס געבראכט קיין פילאדעלפיא האבען די מאסאטשוסעטס’ער דעלעגאטען זיי פארגעלייגט פאר’ן קאנגרעס און געפאדערט, אז דער קאנגרעס זאל זיי גוטהייסען און זיי געבען זיין פולע שטיצע. נאך לאנגע דעבאטען האבען די מאסאטשוסעטס’ער אויסגעפירט. דאס איז געבען דער ערשטער גרויסער זיג פון די פאטריאטען אין קאנגרעס. מיט דער גוטהייסונג פון די סאפאלקער רעזאלוציעס האט זיך דער קאנגרעס ערקלערט פאר א רעוואלוציאנערער קערפערשאפט.

אַפּגעהיט געוואָרען אַ סך געטרייער ווי די געזעצען פון די לערדשים־לייטשורס. די הענדלער אין ענגלאַנד האָבען געשיקט פּעטיציעס צום פּאַרלאַמענט און זיך געבעטען ער זאָל די קאָלאָניעס נאָכגעבען, אויב ניט וועלען זיי רואינירט ווערען. אַזעלכע פּעטיציעס זיינען אויך געשיקט געוואָרען פון די פאַבריקאַנטען און שיף קאָמפּאַניעס. דאָס מאָל אָבער איז דער קאַבינעט געבליבען איינגעשפּאַרט. דער פּרעמיער, לאָרד נאָרט, האָט אויף די אַלע פּעטיציעס געענטפערט מיט די פאָלגענדע ווערטער: „וויבאַלד די אַמעריקאַנער אַנטזאָגען זיך צו האַנדלען מיט אונזער לאַנד, איז עס ניט מער ווי רעכט אַז מיר זאָלען זיי ניט לאָזען האַנדלען מיט קיין אַנדער לאַנד“. וואָס ער האָט דערמיט געמיינט וועלען מיר שפּעטער זען.

דער קאָנגרעס האָט זיך געשלאָסען דעם 26טען אָקטאָבער. עס איז אָבער באַשלאָסען געוואָרען, אַז אין פאַל ענגלאַנד וועט זיך ניט בויגען, זאָל דער קאָנגרעס ווידער זיך פאַרזאַמלען אין פילאַדעלפיא דעם 10טען מאַי, 1775. **).

צווישען די דעלעגאַטען פון ווירדזשיניא זיינען געווען: דזשאָרדזש וואַשינגטאָן און פּעטריק הענרי. דער ניו יאָרקער דע־לעגאַט איז געווען דזשאָן דזשיי.

דער קאָנגרעס האָט זיינע זיצונגען געהאַלטען הינטער פאַר־שלאָסענע טירען. די באַשלוסען זיינען פאַרעפענטליכט געוואָרען אין דער פאָרמע פון דאָקומענטען.

---

**) די באַיקאָט רעזאָלוציעס זיינען אייגענטליך קיין נייעס ניט גע־ווען. דער „אַסאָסיאיישאָן“ אָפּמאַך האָט זיך אָבער אויסגעצייכענט דער־מיט, וואָס די פּאַטריאָטען האָבען באַשלאָסען אים דורכצופירען סיסטע־מאַטיש, גרינדליך און מיט גוואַלד. ער האָט זיך געלייענט ווי אַ שטרייג־גער באַפעל, ווי אַ געזעץ: „אין יעדער שטאָט און שטעטעל זאָל ערווילט ווערען אַ קאָמיטע דורך די בירגער וואָס האָבען שטימרעכט, דער קאָמי־טע'ס אויפגאַבע זאָל זיין אויפמערקזאַם אַכטונג צו געבען אויף דער אויפ־פירונג פון אַלע איינוואוינער בנוגע דער „אַסאָסיאיישאָן“. די „אַסאָסי־איישאָן האָט באַפוילען די פאַבריקאַנטען זיי זאָלען ניט וואַגען צו פאָ־דערען צו הויכע פרייזען פאַר זייער סחורה; ער האָט באַפוילען די שיף־אייגענטימער זיי זאָלען אָנזאָגען די קאַפּיטאַנען ניט אַרויפצונעמען קיין ענגלישע סחורה. די קאָמיטעס זיינען באַפאָלמעכטיגט געוואָרען צו בראַנד־מאַרקען יעדען, וואָס וועט די באַפעלען ניט פאָלגען אַלס פאַררעטער צום לאַנד און אים באָיקאָטירען, און איבערלאָזען אים אויף הפקר צום המון, ער זאָל זיך מיט אים רעכענען.

## 11.

# סעמיועל עדעמס

סעמיועל עדעמס ווערט אין דער געשיכטע פון אמעריקא באצייכענט מיט'ן עהרען־טיטעל, „דער פאטער פון דער רעוואלוציע". דעם כבוד האט ער כשר פארדינט. מער ווי וועלכער עס איז אנדער פערזאן אין די דרייצען קאלאניעס האט ער געטאן די צוגרייטונגס־ארבייט צו דער רעוואלוציע. ער האט דאס פאלק געוועקט, גערופען, געפירט אין די צען יאר פון 1764 ביז 1774, ווען די גרויסע מאסען זיינען נאך געווען געטריי צו ענגלאנד, ווען צו ריידען אפען וועגען רעוואלוציע האט נאך געשמעקט מיט אלערליי געפארען. און זיין רעוואלוציאנערישקייט איז געווען א ריין אידעאליסטישע. ער איז אין דער טיפעניש פון זיין נשמה געווען א דעמאקראט, א ליבהאבער פון פאלקס־רעכט און פאלקס־פרייהייט. ער האט ניט געקענט פארטראגען דעם געדאנק, אז ער און זיין פאלק זאלען באהערשט ווערען פון א מלוכה אויף יענער זייט ים, אין וועלכער זיי האבען קיין דעה ניט, קיין שטימע, קיין פארטרעטערשאפט.

ווער איז געווען סעמיועל עדעמס?

„דער פארטרעט וואס מיר האבען פון אים און וועלכער ווערט אפט רעפראדוצירט שטעלט פאר א דיקליכען, שיין געקליידעטען, רייכען געשעפטסמאן. א שטארקע מארדע ווי פון א מענשען מיט א פעסטען כאראקטער. ער זעט אויס שטאלץ מיט זיין רייכטום און ערפאלג אין לעבען, שטאלץ מיט זיין פעהיגקייט אלס סוחר. צום אומגליק איז דער פארטרעט ריכטיג בלויז אין איין שטריך, אין דער אייזען־שטארקער מארדע. סעמיועל עדעמס איז ניט געווען קיין סוחר, איז זעלטען ווען געגאנגען גוט געקליידט, האט זיך ניט

געהאלטען שטאלץ ביי זיך, און איז קיינמאל רייך ניט געווען. ער איז שטענדיג געווען אן ארימאן. ער האט ניט געוואוסט ווי צו היטען זיין געלט. די איינציגע אונטערנעמונג, וועלכע ער האט ליב געהאט און אין וועלכער ער האט ארויסגעוויזען פעהיגקייט איז געווען פאליטיק. ער האט געוואוינט מיט זיין פאמיליע אין א האלב איינגעפאלענער הייזקע. ווען ער איז אין 1774 אויסגעוויילט געווארען אלס דעלעגאט צום רעוואלוציאנערען קאנגרעס אין פילא־דעלפיא האבען זיינע פארערער אים געמוזט קויפען קליידער, ער זאל האבען אין וואס זיך פאר מענשען צו ווייזען". *)

סעמיועל עדעמס אי געבארען געווארען אין באסטאן, דעם 7טען סעפטעמבער, 1722. זיין פאטער איז געווען א רייכער ביר ברויער, אן אנגעזעענער בירגער, א צייט לאנג אפילו א מיטגליד פון דער מאסאטשוסעטס'ער אסעמבלי. סעמיועל האט שטודירט אין הארווארד אוניווערזיטעט. ביים גראדואירען איז זיין נאמען געווען דער פינפטער אויף א ליסטע פון צוויי און צוואנציג סטודענ־טען. אין יענע צייטען פלעגען די סטודענטען־ליסטעס אויסגע־שטעלט ווערען ניט לויט זייערע פעהיגקייטען, ניט לויט דעם אלף בית, נאר לויט דעם יחוס פון די סטודענטען. דער פאקט, אז סעמיועל איז געשטאנען דער פינפטער אויף דער ליסטע באווייזט, אז זיין פאמיליע איז געווען צווישען די יחסנ'דיגע אין דער מאסא־טשוסעטס קאלאניע.

זיין פאטער האט אים געוואלט מאכען פאר א געשעפטסמאן. פריער האט ער אים אריינגעגעבען אין א געשעפט פון זיינעם א פריינד. יענער האט זיך אבער שנעל איבערצייגט, אז סעמיועל איז ניט דערצו געבארען, און ער האט אים אפגעזאגט. דער פאטער האט אים דאן געגעבען פינף טויזענט דאלאר, ער זאל פרובירען אליין האנדלען. האט ער א העלפט פון דעם געלט אוועקגעליען א פריינט, און די צווייטע העלפט פארלארען אין מסחר. האט אים דער פא־טער אריינגענומען אין זיין אייגענעם געשעפט. ער האט אים גע־

*) די דאזיגע ציטאטע איז גענומען פון סידני פישערס בוך „די אמת'ע געשיכטע פון דער אמעריקאנער רעוואלוציע".

מאכט פאר דעם פארוואלטער פון זיין ברויז. די שונאים האבען אים דעם גאנצען לעבען אויפגעווארפען, אז ער איז געווען א ברויד־האלטער.

דער פאטער זיינער איז געשטארבען ווען סעמיועל איז נאך א יונגערמאן געווען. ער האט אים איבערגעלאזען א היבשע ירושה. אבער לאנג האט זיך ביי אים דאס געלט ניט געהאלטען. ער האט פארלארען דאס געלט אין דעם געשעפט און איז אויפ'ן גאנצען לעבען פארבליבען א קבצן. ווען ניט זיין פרוי, וועלכע איז געווען א גוטע באלעבאסטע, וואלט ער געשטארבען פון הונגער.

זיין קאפ איז שטענדיג געלעגען אין כלל ארבייט. ער האט א סך געלייענט און אפט געשריבען אין די צייטונגען וועגען פאליטי־שע און געזעלשאפטליכע פראגען. ער האט זיך באטייליגט אין פאליטיק. די שטאט באסטאן איז דעמאלט רעגירט געווארען דורך „טאון מיטינגס" (שטאט אסיפות). אלע וואס האבען געהאט שטימ־רעכט פלעגען זיך פארזאמלען אין שטאט זאל און דיסקוטירען און באשטימען פראגען. די אסיפות פלעגען ערוויילען פארשידענע באאמטע און קאמיטעס. סעמיועל עדעמס האט געקראגען א נאמען ביי די דאזיגע אסיפות מיט זיין ריידען, מיט זיינע גוטע און פראקטישע עצות און מיט זיינע פרינציפיעלע און אידעאליסטישע באלייכטונגען אויף פראגען. ער איז אפט געוויילט געווארען צו פארשידענע קאמיטעס. ער איז אויך געווען א טעטיגער מיטגליד אין די קלובען, וואו מען פלעגט דיסקוטירען פאליטישע אנגעלע־גענהייטען און דארטען איז ער אנערקענט געווארען אלס איינער פון די פעהיגסטע און אינטערעסאנטסטע דעבאטאנטען.

צווישען די יארען 1756 און 1764 איז ער געווען א צינזען־זאמלער. די שטאט־אסיפה האט אים אויסגעקליבען פאר דעם דא־זיגען אמט צוזאמען מיט נאך עטליכע. די צייט איז דעמאלט גע־ווען א שלעכטע און דער עולם האט ניט געצאלט. עדעמס איז גע־ווען נאכלעסיג אין זיין ארבייט און ביים סוף פון זיין טערמין האט אין דער קאסע געפעלט 45 טויזענט דאלאר. אין שטאט האט קיי־נער ניט חושד געווען עדעמס'ען, אז ער האט דאס געלט צוגענומען. אלע האבען געוואוסט, אז ער האט גאנץ פשוט פארנאכלעסיגט זיין

אַרבּייט און האָט דאָס געלט ניט געזאַמעלט, ערשטענס צוליב זיין נאַכלעסיגקייט און צווייטענס צוליב דער אַלגעמיינער שלעכטער לאַגע. קיינער האָט געגען אים קיין אָנקלאַגע ניט געמאַכט. שפּע־טער אָבער ווען ער איז געוואָרען טעטיג מיט זיין רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע האָבען פאַרשטייער פון דער ענגלישער רעגירונג אים אויפגעוואָרפען, אַז ער האָט פאַרנומען קהל'שע געלדער. דער גאַ־ווערנאָר פון מאַסאַטשוסעטס האָט אים אָנגערופען „גנב". ביים גרויסען עולם האָט זיין רעפּוטאַציע דורך דעם אַ האָר ניט געליטען. קורץ נאָך דער פאַסירונג האָט די קהל'שע אסיפה אים אויסגעווילט אַלס איינעם פון די באָסטאָנער פאַרשטייער אין דער מאַסאַטשו־סעטס'ער אַסעמבלי.

דער עולם האָט אים געליבט און געשעצט. איבערהויפּט איז ער פּאָפּולער געווען צווישען די אָרימע מאַסען, צווישען די אַרבּיי־טער. צו זיי האָט ער גערעט וועגען פרייהייט און דעמאָקראַטיע שטענדיג פון אַ ריין פּרינציפּיעלען, מענשליכען, אידעאַליסטישען שטאַנדפּונקט. זיי האָט ער מיט זיינע רייד און מיט זיינע שריפ־טען באַגייסטערט. ער האָט אָבער אין דערזעלבער צייט אויך גע־וואוסט ווי אַזוי איבערצוגעווינען אויף זיין זייט אויך די רייכע קלאַסען, די סוחרים. צווישען זיינע באַגייסטערטע אָנהייננגער און תלמידים איז געווען דזשאָן הענקאָק, דער רייכסטער סוחר פון באָס־טאָן. פון הענקאָק'ן האָט ער באַקומען דאָס נויטיגע געלט אָנצו־פירען זיין פּראָפּאַגאַנדאַ. עס פאַרשטייט זיך, אַז אויף דער שטיצע פון די רייכע האָט ער ניט שטענדיג זיך געקענט פאַרלאָזען. זיי זיינען געגאַנגען מיט אים בלויז דאַן, ווען עס האָט זיך זיי געלוינט, ווען זיי האָבען געזוכט צו באַקעמפען אַ גזרה פון דער ענגלישער רעגירונג וועלכע האָט אָנגערירט זייערע קעשענעס. אפילו הענקאָק איז אים ניט שטענדיג טריי געווען. ער איז אָבער אַבסאָלוט זיכער געווען מיט דער טרייהייט און איבערגעבענקייט פון די שיף־אַרבּיי־טער, שטריק־מאַכער און אַנדערע אַרבּייטער. זיי האָט ער געשיקט דורכצופירען גוואַלדטאַטען ווען ער האָט עס געפונען פאַר נויטיג. הינטער די ראַיאַטען געגען דעם „סטעמפּ עקט" און געגען אַנדערע גזרות, הינטער די דעמאָנסטראַציעס געגען ענגלישע געזעצען, הינ־

טער די אנפאלען און אטאקעס אויף ענגלישע באאמטע איז תמיד געשטאנען סעמיועל עדעמס. ער האט זיי ארגאניזירט. ער האט זיי דורכגעפירט הויפטזעכליך מיט דער הילף פון די ארימע מאסען, די ארבייטער און די קליינע לאנד־באזיצער. פאר זיינע פאליטישע אקציעס, צו וועלכע עס האט זיך געפאדערט די גנוזעצליכע באפאל־מעכטיגונג פון פאלק, האט ער זיך באנוצט מיט די שטאט־אסיפות. די גרעסטע צאל בירגער פון שטאט זיינען געווען פון די מאסען. זיי פלעגען שטימען ווי עדעמס פלעגט זיי הייסען. דורך די שטאט־אסיפות פלעגט ער צווינגען אז די אסעמבלי זאל אנעמען זיינע ראדיקאלע מיינונגען און פארשלאגען.

ער האט אלץ אליין געפלאנעוועט און דורכגעפירט. אין די ערשטע יארען האט ער פארפאסט די וויכטיגסטע רעוואלוציאנערע דאקומענטען, פעטיציעס צו דער ענגלישער רעגירונג, די אויפרופען צו די אנדערע קאלאניעס. אין די פעטיציעס און אויפרופען האט ער פארמולירט די אלע קריוודעס און טענות פון די קאלאניסטען נעגען ענגלאנד, זיינע אלע רעוואלוציאנערע פרינציפען. ער האט געהאט א שארפע קלארע שפראך. ער האט שטענדיג אין זינען געהאט, אז ער שרייבט פאר'ן גרויסען עולם, אז דורך די דאקומענטען זוכט ער זיי צו באאיינפלוסען. און יעדער פאפיר וואס איז פון זיין פעדער ארויס האט געטראפען אין ציל — אין די מוחות און די הערצער פון די מאסען.

ער פלעגט ארגאניזירען געזאנגס־פאריינען, מאכען אונטערהאלטונגען און דארטען אגיטירען זיינע רעוואלוציאנערע געדאנקען. זיינע שונאים האבען אים גערופען דעמאגאג, אבער זיינע פריינט האבען אים געהאלטען פאר א מייסטער פון פראקטישער פאליטיק. שונאים האבען אים פארדאמט אלס אינטריגאנט; פריינט האבען באוואונדערט זיין מערקווירדיגע פעהיגקייט אלס ארגאניזאטאר. ער פלעגט אומגיין אנגעטאן אין פראסטע קליידער, פלעגט ריידען און זיך פירען ווי א פראסטער ארבייטער. דערפאר האבען אים אלע באטראכט פאר א פאלקס מענשען. מען האט איננאנצען פארגעסען זיין אריסטאקראטישע אפשטאמונג און זיין דיפלאמע פון הארווארד אוניווערזיטעט.

ער איז ניט געווען קיין געזונטער מענש. צו 42 יאָר זיינען זיי־נע האָר שוין געווען גרוי, זיינע הענט האָבען געציטערט, זיין שמים איז געווען שוואַך. אָבער זיין מוט און ווילענסקראַפט זיינען געווען אייזען שטאַרק. ער איז גרייט געווען די גרעסטע קרבנות צו ברייני־גען אין זיין קאַמף פאַר פרייהייט. ער האָט קיינמאָל אויף אַ האָר זיך ניט געוואַקעלט, ניט געצווייפעלט אין דער גערעכטיגקייט פון זיין זאַך. ער האָט געהאַט איין ציל אין לעבען און האָט זיך פון אים ניט אָפּגעווענדט ניט רעכטס און ניט לינקס.

דערפאַר איז ער אַזוי ביטער פאַרהאַסט געווען פון זיינע געג־נער, די ענגלישע באַאַמטע און די לאָיאַלע קאָלאָניסטען. איינער פון זיינע שונאים האָט איינמאָל אויסגעשריען: „פאַרדאַמט זאָל ווערען דער עדעמס, יעדעס מאָל וואָס ער טונקט איין זיין פעדער בייסט ער ווי אַ גיפטיגע שלאַנג!" זיי האָבען אים אָנגערופען הי־פּאָקריט, לומפּ, פאַרפירער. ער איז אפשר געווען דער איינציגער צווישען די ערשטע פירער פון דער רעוואָלוציע, וועמען די ענגלישע רעגירונג האָט געהאַסט און אין וועמען זי האָט געזען אַ ווירקליכע געפאַר פאַר איר הערשאַפט אין אַמעריקאַ.

.12

# די ערשטע שלאַכט — לעקסינגטאָן

אין די ניו ענגלאַנד קאָלאָניעס זיינען די באַשלוסען פון קאָנ־גרעס פינקטליך דורכגעפירט געוואָרען. די קאָמיטעס אין די שטעט און שטעטלאך האָבען אכטונג געגעבען אויפ'ן באַיקאָט און האָבען גענומען מאכען הכנות צו אַ באַוואָפענטען אויפשטאַנד. איבעראַל זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען מיליץ־גרופען, אונטער'ן נאָמען „מינוט מען" (מענשען וואָס זיינען גרייט יעדע מינוט צו נעמען וואַפען אין די הענט און אַרויסגיין אין קאַמף). די מיליץ האָט זיך מושטשירט אין עפענטליכע פּלעצער. אַלע האָבען געוואוסט וועגען דעם, גענע־ראַל גיידזש אויך.

דעם 19טען אָקטאָבער, 1774, האָט די ענגלישע רעגירונג אַרויסגעגעבען אַ באַפעל, וואָס האָט פאַרבאָטען צו עקספּאָרטירען געווער און אַמוניציע אין די קאָלאָניעס. דער באַפעל איז אין גע־היים אַריבערגעשיקט געוואָרען אין די קאָלאָניעס צו די גאָווערנאָרס. די קאָלאָניסטען האָבען זיך אָבער שנעל וועגען דעם דערוואוסט. דעם ערשטען ענטפער אויף דער גזרה האָט געגעבען ראָוד איילאַנד. די קאָלאָניסטען האָבען דאָרטען גלייך פאַרכאַפּט די קאַנאָנען און אַנדערע אַמוניציע אין דער פעסטונג און עס אַפּגעפירט קיין פּראָווי־דענס. דעם צווייטען, אַ פיל שטאַרקערען ענטפער, האָט געגעבען ניו העמשיר. די קאָמיטע דאָרטען האָט אַטאַקירט די פעסטונג פון די ענגלישע סאָלדאַטען. דער ענגלישער גאַריזאָן האָט געפּרואווט זיך פאַרטיידיגען. זיין צאָל איז אָבער געווען צו קליין. די קאָלאָ־ניסטען האָבען זיך אַריינגעריסען אין פעסטונג און דאָרטען געפאַנ־גען דריי הונדערט פעסער מיט פּולווער. דאָס האָט פּאַסירט דעם 13טען דעצעמבער, 1774.

די גאַנצע צייט האָט גענעראַל גיידזש גאָרניט געטאָן. די ענגלישע רעגירונג האָט אים באַפוילען צו כאַפּען די צוויי רעוואָ־לוציאָנערע אָנפירער, סעמיועל עדעמס און דזשאָן הענקאָק און זיי אויסליפערען קיין ענגלאַנד. זי האָט אים אויך באַפוילען צו אַנט־וואָפענען די רעוואָלוציאָנערע מיליץ־גרופּען. ער האָט אָבער וועגען דעם גאָרניט געטאָן; צי דערפאַר וואָס ער האָט מורא געהאַט די רעוואָלוציאָנערע אויפצורייצען, ניט האָבענדיג מער ווי פינף טויזענט סאָלדאַטען געגען זיי אַרויסצושטעלען, צי דערפאַר וואָס ער האָט ניט באַגריפען די ערנסטקייט פון דער לאַגע. זיינע סאָלדאַטען זיינען געלעגען אין די קאַזאַרמעס און האָבען גע׳שכור׳ט און גע־הוליעט. אָפּט פלעגען פאָרקומען געשלעגען צווישען איינצעלנע סאָלדאַטען און פּאַטריאָטען, אָבער צו קיין ערנסטע רעזולטאַטען האָבען די צוזאַמענשטויסען ניט געפירט.

אין פרילינג פון 1775 האָט גיידזש זיך אַרומגעזען, אַז עפּעס מוז געטאָן ווערען. האָט ער אַרויסגעשיקט שפּיאָנען, פאַרקליידטע אָפיצירען, זיי זאָלען אויספאָרשען די שטימונג אין דער קאָלאָניע און אויך אויספאָרשען די אומגעבונג, די וועגען, טייכען און אַלע אַנדערע זאַכען, וואָס זיינען נויטיג צו וויסען פאַר דער אָנפירונג פון מיליטערישע קאַמפּאַניעס. די שפּיאָנען האָבען אים געבראַכט זעהר ניט קיין פריילינכען באַריכט. זיי האָבען איבעראַל געזען ווי מען מושטשירט זיך, ווי מען זאַמעלט אַמוניציע, ווי מען גרייט זיך צו אַן אויפשטאַנד. די שפּיאָנען האָבען אויך מודיע געווען, אַז די וויכטיגסטע זאַפּאַסען אַמוניציע געפינען זיך אין דעם שטעטעל קאָנקאָרד, פופצען מייל פון באָסטאָן.

אין קאָנקאָרד איז גראָד דעמאָלט פאָרגעקומען אַ וויכטיגער מיטינג פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג וואָס די קאָמיטע האָט אָרגאַניזירט. דער מיטינג איז איינבאַרופען געוואָרען צו ערוויילען דעלעגאַטען צום צווייטען קאָנגרעס, וואָס האָט זיך געדאַרפט פאַר־זאַמלען אין פילאַדעלפיא דעם צענטען מאַי. עס פאַרשטייט זיך, אַז סעמיועל עדעמס און דזשאָן הענקאָק זיינען געווען ביי דער אסיפה.

האָט זיך גענעראַל גיידזש מיישב געווען, אַז איצט האָט ער

די געלעגענהייט צו געבען די רעוואלוציאנערען א טויט־קלאפ. ער וועט שטילערהייד ארייגשיקען אן ארמיי אין קאנקארד, פארנעמען די אנגעזאמעלטע אמוניציע און פאנגען די צוויי הויפט פירער. דער מיטינג האט זיך געשלאסען דעם 15טען אפריל. עדעמס און הענ־קאק האבען מורא געהאט צוריקצופארען קיין באסטאן. האבען זיי זיך אפגעשטעלט ביי א פאטריאט אין הויז אין דערבייאיגען שטעטעל לעקסינגטאן. גיידזש האט וועגען דעם אלעמען געוואוסט. ער האט אפגעווארט נאך עטליכע טעג. דעם 18טען אפריל ביינאכט האט ער אוועקגעשיקט אכט הונדערט סאלדאטען זיי זאלען דורכ־פירען ביידע זאכען, ארעסטירען עדעמס'ן און הענקאק'ן אין לעק־סינגטאן און פארכאפען די אמוניציע אין קאנקארד.

גיידזש האט ניט געוואוסט, אז די רעוואלוציאנערע קאמיטע האט זיך די גאנצע צייט אויף אזא שריט געריכט: זי האט אויך גע־האט שפיאנען, וועלכע האבען געוואוסט פון יעדער באוועגונג וואס די ענגלישע ארמיי מאכט. אזוי שנעל ווי די אכט הונדערט סאל־דאטען האבען זיך גענומען רירען פון ארט, האט מען אנגעהויבען פארשפרייטען סיגנאלען צו די „מינוט מען" איבער די אלע שטעט־לאך און דערפער, זיי זאלען נעמען געווער אין די הענט און זיך מעלדען צום קאמף.

פאר די נאענטע איז דער סיגנאל געגעבען געווארען דורך דעם קלינגען פון גלאקען אין דער אלטער נארט קירכע אין באסטאן. צו די וואס האבען געוואוינט ווייט זיינען אויסגעשיקט געווארען צוויי רייטער, פאול רעוויער און דזשאזעף דאאז. רעוויער'ס הויפט אויפ־גאבע איז געווען צו פליהען אין לעקסינגטאן און ווארנען עדעמס'ן און הענקאק'ן. די צוויי רייטער האבען זייער שליחות ריכטיג דורכגעפירט. פון די שטעטלאך און די פארמס האבען זיך גענומען שיטען יונגע לייט און עלטערע מענשען מיט ביקסען אין די הענט. איבעראל האבען די גלעקער געקלונגען און די קאנאנען געקראכט, אלס סיגנאלען וואוהין צו גיין און וואס צו טאן.

גיידזש'ס סאלדאטען זיינען אין לעקסינגטאן אנגעקומען אין דער פרי. פון עדעמס'ן און הענקאק'ן איז שוין דארט קיין סימן ניט געווען. אין מיטען שטאט זיינען אבער געווען א צאל פארמער

אויסגעשטעלט אין מיליטערישער אָרדנונג, מיט געלאָדענע ביקסען אין די הענט. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט א קראַך פון א ביקס. ווער עס האָט דעם ערשטען שאָס געטאָן ווייס מען ניט ביז היינטיגען טאָג. דער שאָס האָט געדינט אַלס סיגנאַל פאַר אַן אַלגעמיינער שיסעריי. די ענגלישע סאָלדאַטען האָבען באַלד אַוועקגעמאַרשירט נאָך קאָנקאָרד, איבערלאָזענדיג אַכט טויטע און צען פאַרוואונדעטע קאָלאָניסטען.

אין קאָנקאָרד איז די עקספּעדיציע אויך דורכגעפאַלען. די סאָלדאַטען האָבען דאָרטען געפונען אַ גאָר קליינע טייל פון די אָנגעזאמעלטע קריגס־זאַפּאַסען. די איבעריגע האָבען די רעוואָלוציאָנערען באַצייטענס אַפּגעפירט אין אַנדערע ערטער.

ווען די ענגלישע סאָלדאַטען האָבען גענומען מאַרשירען צוריק קיין באָסטאָן איז דער גאַנצער וועג שוין פיל געווען מיט באַוואַפענטע קאָלאָניסטען. זיי זיינען איצטער קליגער געווען. אַנשטאָט אויסצושטעלען זיך אין רייען אין מיליטערישער אָרדנונג, האָבען זיי זיך איינציגווייז באַהאַלטען הינטער בוימער, הייזער, פּלייטען; און יעדער האָט פון זיין באַהעלטעניש געשאָסען אויף די פאַרבייגייענדע ענגלאַנדער. די אַמעריקאַנער שיסער האָבען פאַר זיך געהאַט אַ גוטען ציל, ווייל די ענגלישע סאָלדאַטען האָבען געטראָגען רויטע מונדירען (די קונסט צו שיסען הינטער בוימער און פעלזען האָבען זיך די קאָלאָניסטען אָפּגעלערנט פון די אינדיאַנער). די ענגלישע סאָלדאַטען זיינען געווען הילפלאָז. זיי האָבען זיך עטליכע מאָל אָפּגעשטעלט, זיך אַריינגעריסען אין די דערבייאיגע פאַרמהייזער און דאָרטען געמאַכט פּאָגראָמען, געטויט די מענשען און אונטערגעצונדען די הייזער. זיי האָבען עס געטאָן פשוט פון נקמה און פאַרצווייפלונג.

די שלאַכט האָט זיך געענדיגט דערמיט, וואָס די ענגלענדער האָבען פאַרלאָרען 73 טויטע און 174 פאַרוואונדעטע, בשעת די אַמעריקאַנער האָבען פאַרלאָרען 49 טויטע און 39 פאַרוואונדעטע.

עס ווערט דערציילט, אַ ווען סעמיועל עדעמס האָט דערהערט די שיסעריי, נאָכדעם ווי ער איז אַנטלאָפען פון לעקסינגטאָן, האָט ער אויסגעשריען: „אָך, וואָס פאַר א פּראַכטפולער פרימאָרגען

היינט איז!" צי ער האט באמת אזוי אויסגעשריען אדער ניט, יע־דענפאלס, די שיסערייי האט זיין האפנונג ענדליך פארווירקליכט. ער האט צען יאר געגארט אויף אן אפענעם אויפשטאנד און דער אויפשטאנד האט זיך איצטער אנגעפאנגען.

דער ערשטער רעזולטאט פון דעם צוזאמענשטויס איז געווען, אז אלע „מינוט מען" פון ניו ענגלאנד זיינען ארויסגערופען געווארען פון די רעוואלוציאנערע קאמיטעס זיי זאלען קומען באלאגערען די ענגלענדער אין באסטאן. אין פינף טעג צייט האבען זיך פארזא־מעלט פינף טויזענט מאן. עס זיינען געקומען סטודענטען, אר־בייטער, קלערקס (פריקאזטשיקעס) פון די קליינע שטעטלאך. זיי זיינען געקומען פון די בערג אין ניו העמשיר. פון די זונינע טאלען אין קאנעקטיקוט. זיי האבען זיך פארזאמעלט הונגעריגע און פארפראָרענע, אן ארדנונג, אן דיסציפלין.

די קאלאניסטען האבען באלאגערט באסטאן. דעם 23טען אפ־ריל האט דער מאסאטשוסעטס'ער קאנגרעס באשלאסען גלייך צו ארגאניזירען אן ארמיי פון 30 טויזענט מאן. דרייצען טויזענט האט מאסאטשוסעטס זיך אונטערגענומען אליין צו שאפען. די נייעס וועגען דעם צוזאמענשטויס איז פאנאנדערגעשיקט געווארען אין אלע קאלאניעס.

.13

# קריגס צושטאַנד אין מאַסאַטשוסעטס

דעם 10טען מאַי, 1775, האָט זיך אין דעם „קאַרפּענטער'ס
האַל“, אין פילאַדעלפיא געעפענט דער צווייטער „קאָנטינענטעל
קאָנגרעס“. די מערסטע דעלעגאַטען זיינען געווען דיזעלבע ווי ביים
ערשטען קאָנגרעס. צווישען די קליינע צאָל נייע דעלעגאַטען איז
געווען אַ הויכער יונגערמאַן מיט אַ פעסטען פנים, העלע אויגען און
רויטע האָר. ער איז ניט געווען קיין אָראַטאָר. אפילו ניט קיין גוטער
רעדנער. ער האָט אָבער גערעדט מיט באַגייסטערונג און ער האָט
אַרויסגעוויזען וויסען און שאַרפע לאָגיק. דער דאָזיגער יונגערמאַן
איז געקומען פון ווירדזשיניאַ, האָט געשטאַמט פון אַ שיינעם יחוס,
איז געווען אַ האַלבער אַדוואָקאַט און אַ האַלבער לאַנד באַזיצער און
האָט ניט געקענט פאַרטראָגען קיין קאָנסערוואַטיזם. אין אַ קורצער
צייט האָט ער זיך גענומען הערען איבער'ן גאַנצען לאַנד. זיין נאָ־
מען איז געווען טאָמאַס דזשעפערסאָן. נאָך איינער פון די נייע
דעלעגאַטען איז געווען בענדזשאַמין פרענקלין. פרענקלין האָט
פאַרלאָזען ענגלאַנד וואו ער האָט פאַרטראַטען זיין קאָלאָניע. יעצ
ער האָט דערשפּירט, אַז עס ווערט פאַר אים געפערליך ווייטער
דאָרטען צו פאַרבלייבען. גלייך ווי ער איז אָנגעקומען אין פילאַ־
דעלפיאַ האָט אים די קאָלאָניע פענסילווייניאַ ערוויילט אַלס אייגעם
פון אירע דעלעגאַטען צום קאָנגרעס. ער איז די גאַנצע צייט גע־
ווען פון די מעסיגע, האָפענדיג אויף אַ פרידליכען אויסוועג. אָבע־
ווען אָנקומענדיג אַהער האָט ער זיך דערוואוסט פון דער שלאַכט אין
קאָנקאָרד האָט ער זיין שטעלונג געביטען. ער האָט זיך אָנגעשלאָ־
סען אָן דעם עקסטרעם רעוואָלוציאָנערען פליגעל.

אויפ'ן צווייטען קאָנגרעס זיינען שוין אַלע קאָלאָניעס געווען פאַרטראָטען. א שטיק צייט האָט דזשאָרדזשיא נאָך אַלץ געפעלט. ענדליך האָט זי אָבער אויך געשיקט דעלעגאַטען. דאָס לאַנד איז איצט געווען אייניג אין זיין ווידערשטאַנד געגען ענגלאַנד.

דעמזעלבען טאָג, וואָס דער קאָנגרעס האָט זיך געעפענט, זיי־נען קאָלאָניסטישע אַרמייען באַפאַלען דעם ענגלישען גאַרניזאָן אין טיקאנדעראגא, אויף לייק דזשאָרדזש און האָבען איהם איינגענו־מען. די אַרמייען זיינען געקומען פון ניו ענגלאַנד; איינע האָט מאַרשירט פון מאַסאַטשוסעטס אונטער דער פיהרערשאַפט פון בע־נעדיקט אַרנאָלד, די צווייטע איז געקומען פון ווערמאָנט און איז געפירט געוואָרען פון עטאַן עלען. דער ענגלישער גאַרניזאָן איז געווען קליין אין צאָל און האָט זיך גלייך אונטערגעגעבען.*)

דער קאָנגרעס האָט זיינע זיצונגען געהאַלטען הינטער פאַרשלאָ־סענע טירען. די שטימונג איז איצט געווען א פיל ערנסטערע ווי ביים ערשטען קאָנגרעס. די דעלעגאַטען האָבען געאַרבייט שווער. אין א בריף צו זיין פרוי שרייבט דזשאַן עדעמס פאָלגענדעס: „פון 7 ביז 10 אינדערפרי האַלטען די קאָמיטעס אָפּ זיצונגען. פון 10 ביז 4, און אמאָל ביז 5, זיצט דער גאַנצער קאָנגרעס. פון 6 ביז 10 ביינאַכט ווידער אמאָל קאָמיטעס. איך דערצייל דאָס דיר ניט, כדי צו מאַכען אויף דיר דעם איינדרוק, אַז איך בין א וויכטיגע פערזענליכקייט. אַלע מיטגלידער פון קאָנגרעס אַרביי־טען אזוי שווער.”

דזשאַן עדעמס האָט פאַרטיידיגט דאָס עקסטרעם־רעוואָלוציאָ־נערע פּראָגראַם. דאָס דאָזיגע פּראָגראַם האָט געלויטעט, אַז יעדע קאָלאָניע זאָל גלייך אַרעסטירען אַלע ענגלישע באַאַמטע אין איר טעריטאָריע און זיי האַלטען אַלס משכנות צו פאַרזיכערען די לע־בענס פון די איינוואוינער אין באָסטאָן, וואו די ענגלישע אַרמיי

*) אין שייכות מיט דער דאָזיגער געשעענים ווערט דערציילט פאָלגענדע לעגענדע. עטליכע טעג שפּעטער האָט אַ גלח אין ווערמאָנט גע־האַלטען אַ דרשה אין קירכע און געדאַנקט גאָט פאַר דעם זיג פון די קאָ־לאָניסטען אין טיקאָנדעראגא. עלען איז דערביי געווען. האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אויסגעשריען צום גלח: „ביטע זאָגט גאָט, אַז איך בין דאָרט אויך געווען!”

האָט געוועלטיגט; דערנאָך זאָלען זיך די קאָלאָניעס ערקלערען פריי און אומאָפּהענגיג פון ענגלאַנד; אויב ענגלאַנד וועט ערקלע־רען קריג זאָלען די קאָלאָניעס זיך ווענדען צו ענגלאַנד׳ס שונאים, פראַנקרייך און שפּאַניען, נאָך הילף; דער קאָנגרעס זאָל איבער־נעמען אונטער זיין קאָנטראָל די ניט אָרגאַניזירטע, צונויפגעלאָפענע קעמפער אין קיימברידזש וואָס האָבען באַלאַגערט באָסטאָן און גלייך באשטימען אַ גענעראַל זיי צו אָרגאַניזירען אין אַן אַרמיי.

די לאָיאַליסטען האָבען אויך ניט געשוויגען. זיי האָבען פאַר־שפּרייט פּאַמפלעטען מיט וואָרנונגען צו די קאָלאָניסטען, זיי זאָ־לען זיך ניט לאָזען פאַרפירען פון די פּאַטריאָטען. אין איינעם פון די פּאַמפלעטען איז געווען אָפּגעדרוקט דאָס ענגלישע געזעץ וועגען בונטאָווטשיקעס, וואָס לויטעט אַזוי: „דער פאַרברעכער זאָל צו־געשלעפּט ווערען צו דער תליה. מען טאָר אים ניט טראָגען אָדער פירען. מען זאָל אים אויפהייגען פאַר׳ן האַלז און אים אַראָפּ־נעמען פון דער תליה ווען ער לעבט נאָך. דאַן זאָל מען פון אים אַרויסשניידען די געדערים און זיי פאַרברענען, ווען ער לעבט נאָך. דערנאָך זאָל מען אים אָפּשניידען דעם קאָפּ. דעם קערפּער זאָל מען צושניידען אויף פיר טייל. דער קאָפּ און די פיר טיילען פון קער־פּער זאָלען איבערגעגעבען ווערען אין רשות פון דעם קעניג“.

די קאָלאָניסטען האָבען געוואוסט די ערנסטקייט פון דעם גע־זעץ געגען רעוואָלוציאָנערען. זיי האָבען געהערט און געלייענט וועגען די שוידערליכע גרויזאַמקייטען מיט וועלכע דער ענגלישער קע־ניג האָט מיט דרייסיג יאָר פריער אונטערדריקט אַן אויפשטאַנד ביי זיך אין לאַנד. דאָס געזעץ וואָס איז אויבען ציטירט געוואָרען איז דאַן דורכגעפירט געוואָרען פּינקטליך. מאָנאַטען לאַנג זיינען די אָפּגעשניטענע קעפּ און די צופערטעלטע קערפּערס פון די רעוואָלו־ציאָנערען געהאָנגען אויף די הויכע סלופּעס פון דעם לאָנדאָנער בריק פאַר דעם גרויסען עולם צו זען און אַראָפּנעמען אַ מוסר, ווי געטריי מען מוז זיין דעם קעניג.

אפילו דער גרויסער פּאַטריאָט דזשאָן עדעמס איז געווען אומ־רוהיג. אין אַ בריף פון יענער צייט שרייבט ער: „גאַנצע טעג גיי איך אַרום מיט אַן אומעט אין האַרצען. איך רייד ניט, אָבער איך

בין שווער באזארגט איבער דעם שיקזאל פון מיין פאלק און מיין פאמיליע. וואס אנבאלאנגט מיך אליין ארט מיר ניט, אויב איך וועל אפילו מיין גאנצען לעבען זיך מוזען באנוגענען מיט א ראק, א פאר הויזען, א גראבליע און א גראב־אייזען".

דעם 25טען מאי איז קיין באסטאן אנגעקומען א נייע ענגלישע ארמיי מיט דריי נייע גענעראלען: באירגאן, קלינטאן און האו. דעם 12טען יוני האט גענעראל גיידזש ארויסגעגעבען א פראקלא־מאציע, וואס האט געשטעלט באסטאן אין קריגס־צושטאנד און גע־ווארנט, אז די איינוואוינער וואס וועלען ניט גלייך אוועקלייגען די וואפען וועלען באטראכט ווערען אלס רעבעלען און פארעטער. ער האט אויך אנגעבאטען אמנעסטיע צו אלע יעניגע, וואס וועלען דאס געווער אוועקלייגען, מיט דער אויסנאמע פון סעמיועל עדעמס און דזשאן הענקאק (הענקאק איז געווען דער פארזיצער פון דעם קאנטי־נענטאל קאנגרעס). א באלוינונג איז אנגעבאטען געווארען צו דעם, וואס וועט ברייגגען א געפאנגענעם דעם פארזיצער, דעם סעקרע־טער, אדער אן אנדער אקטיווען טוער פון דעם קאנגרעס.

די וויכטיגע פונקטען פון דזשאן עדעמס'עס פראגראם זיי־נען ביסלעכווייז דורכגעפירט געווארען. די אומשטענדען האבען געשפילט עדעמס'ן אין די הענט אריין. די אסעמבלי פון מאסא־טשוסעטס האט צוגעשיקט א בריף צום קאנגרעס און זיך באקלאגט, אז די קאלאניע ליידט זייער דערפון, וואס זי האט ניט קיין פעסטע רעגירונג. די אסעמבלי האט ביים קאנגרעס געבעטען אן עצה. דער קאנגרעס האט די פראגע געמוזט אויפנעמען. פריער האט מען זי פארהאנדעלט אין קאמיטעס, דערנאך איז זי פארגעבראכט געווא־רען פאר אן אלגעמיינער זיצונג. ענדליך איז אנגענומען געווארען א באשלוס צו ראטען מאסאטשוסעטס זי זאל איגנארירען די גע־זעצען פון ענגלישען פארלאמענט און ארגאניזירען אן אייגענע רע־גירונג. דער באשלוס, הייסט עס, האט גוטגעהייסען איינעם פון די הויפט פונקטען אויף עדעמס'עס פראגראם, דעם פונקט, אז די קא־לאניעס זאלען ארגאניזירען אייגענע רעגירונגען, אומאפהענגיג פון ענגלאנד.

דזשאן עדעמס האט זיך איצטער גענומען צו צווייטען פונקט.

פיליכט דער וויכטיגסטער פון אַלע: דער קאָנגרעס זאָל איבער־
נעמען די אַרמיי אין קיימברידזש, זי שטעלען אונטער זיין יוריס־
דיקציע און באַשטימען פאַר איר אַ גענעראַל. ער האָט וועגן דעם
פריער געאַרבייט פריוואַט, גערעדט מיט דעלעגאַטען איינציגווייז,
זיך מיישב געווען מיט פאַרשטייער פון פאַרשידענע פליגלען. די
הויפּט שוועריגקייט איז דאָ געווען די פראַגע, וועמען זאָל מען
באַשטימען אַלס הויפּט קאָמאַנדיר? די אַרמיי אַרום באָסטאָן איז
באַשטאַנען אינגאַנצען פון ניו ענגלענדער. דער דערווייליגער
קאָמאַנדיר איז געווען גענעראַל וואַרד, אויך אַ ניו ענגלענדער.
אויפ'ן קאָנגרעס זיינען געווען זייער איינפלוסרייכע דעלעגאַטען,
וואָס האָבען געהאַט אַמביציעס אויף דעם דאָזיגען אַמט; איינער
פון זיי איז געווען דזשאָן הענקאָק, דער פאָרזיצער פון קאָנגרעס.
די קנאה צווישען די קאָלאָניעס איז נאָך דעמאָלט געווען גאַנץ
שאַרף. עס האָט געהערשט אַ מיינונג, אַז די ניו ענגלענדער סאָל־
דאַטען וועלען זיך אַנטזאָגען צו דינען אונטער אַ גענעראַל פון אַן
אַנדער קאָלאָניע.

אָבער דזשאָן עדעמס איז ביי זיך געקומען צום באַשלוס, אַז
דער אַמט מוז געגעבען ווערען צו דזשאָרדזש וואַשינגטאָן פון וויר־
דזשיניאַ. ביי אים איז ניט געווען קיין פראַגע בלויז פון פייאיגקייט.
ער האָט געזוכט צוצובינדען ווירדזשיניאַ פעסט צו דער רעוואָלוציע.
ביז דעמאָלט זיינען אַלע וויכטיגע רעוואָלוציאָנערע געשעענישען
פאָרגעקומען אין מאַסאַטשוסעטס. די סאַוט האָט אַרויסגעוויזען
סימפּאַטיע צו ניו ענגלאַנד. זי האָט אַנטייל גענומען אין אַלע
פּראָטעסט־באַוועגונגען געגען ענגלאַנד. עדעמס האָט אָבער גע־
פילט, אַז גאַנץ זיכער מיט דער שטיצע פון דער סאַוט קען מען נאָך
ניט זיין און אַז עפּעס מוז געטאָן ווערען כדי צו מאַכען זי באַגייס־
טערט פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. האָט ער געמיינט,
אַז דער דאָזיגער ציל וועט דערגרייכט ווערען ווען וואַשינגטאָן וועט
באַשטימט ווערען אַלס הויפּט גענעראַל.

זיין באַשלוס האָט ער דורכגעפירט דורך אַ דיפּלאָמאַטיש־גע־
וואַגטען שריט. איין פרימאָרגען איז ער געקומען אין קאָנגרעס,
געבעטען דאָס וואָרט און געמאַכט זיין פאָרשלאָג. אַלע זיינען גע־

ווארען איבערראשט. קיינער האט זיך אויף דעם ניט געריכט. עס איז באשלאסען געווארען די פראגע אפצולייגען אויף עטליכע טעג. דאס האט עדעמס'ען געגעבען א געלעגענהייט אנצופירען א שטילע פראפאגאנדא צווישען די מיטגלידער און ווען דער פארשלאג איז ענדליך גענומען געווארען צו אפשטימונג איז ניט געווען קיין איינציגע שטימע געגען. דערמיט וואס ער האט וואשינגטאנ'ען נאמינירט פלוצלונג, האט ער די געגנער ניט געגעבען די מעגליכקייט באצייטענס צו ארגאניזירען זייערע קרעפטען.

מיט דעם באשלוס האט דער קאנגרעס געקראנען א רעוואלוציאנערע ארמיי.

אין ענגלאנד איז די שטימונג געווען שטארק געגען די בונטאווטשטשיקעס אין די קאלאניעס. זיי זיינען אטאקירט געווארען אין דער פרעסע און דורך פאמפלעטען. מאנכע פון די וויכטיגסטע שרייבער פון יענער צייט, ווי סעמיועל דזשאנסאן און גיבאנס, האבען זיי ביטער פארדאמט. דערצו איז דארטען געווען פארשפרייט די מיינונג, אז מען דארף דעם טומעל אין די קאלאניעס ערנסט ניט נעמען. די ענגלישע גאווערנארס אין די קאלאניעס האבען געהאלטען אין איין פארזיכערען דעם קעניג, אז ווען עס וועט קומען צו א באוואפענטען אויפשטאנד וועט מען זיך מיט די קאלאניסטען לייכט ספראווען. אין אנפאנג פון יאר 1774 האט גענעראל גיידזש געשריבען דעם קעניג פאלגענדעס: „די אמעריקאנער זיינען לייבען כל זמן מיר זיינען שעפסען. ווען מיר וועלען זיך אוועקשטעלען פעסט וועלען זיי ווערען מילד". אין מערץ פון 1775 האט לארד סענדוויטש אין א רעדע אין האוז אוו לארדס באצייכענט די קאלאניסטען אלס רויע, „ניט דיסציפלינירטע טרוסען". ער האט ווייטער ערקלערט, אז וואס מער סאלדאטען די קאלאניסטען וועלען ברייננען אויפ'ן שלאכטפעלד אלץ לייכטער וועט זיין פאר די ענגלענדער זיי צו באזיגען.

אין די לעצטע מאנאטען פון 1774 זיינען אין ענגלאנד פארגעקומען נייע פארלאמענטס וואלען. דער נייער פארלאמענט האט זיך פארזאמעלט אין יאנואר, 1775. דער קאבינעט איז געווען אנטשלאסען געגען די קאלאניסטען און א גרויסע מאיאריטעט פון

פארלאמענט איז געווען מיט דערזעלבער מיינונג. עס איז געווען א קליינע גרופע, וועלכע האט מאנאטען נאכאנאנד פארטיידיגט די קאלאניסטען און פארגעשלאגען פארשידענע פשרה פלענער. צווישען די פארטיידיגער האבען זיך געפונען איינינע פון די בארימטסטע שטאטסלייט פון ענגלאנד: לארד טשעטעם, עדמונד בארק, לארד קעמדען און אנדערע. לארד טשעטעם האט געפאדערט, אז ענגלאנד זאל גלייך צוריקציען די ארמיי פון באסטאן און זאל זיך אפזאגען פון דעם רעכט צו לייגען שטייערען אויף די קאלאניסטען. אין זיין רעדע האט ער פארטיידיגט די קאלאניסטען פאר שטעלען זיך געגען ענגלאנד און האט נביאות געזאגט, אז מיט גוואלד וועלען די קאלאניעס קיינמאל ניט באזיגט ווערען. זיין פארשלאג איז דורכגעפאלען מיט 68 שטימען געגען 18.

די וויכטיגסטע און שטארקסטע רעדע פאר פרידליכע באציהונגען מיט די קאלאניעס האט אין פארלאמענט געהאלטען עדמונד בארק דעם 22טען מארטש, 1775. ער האט פארגעשלאגען, אז אלע גזרות געגען די קאלאניעס זאלען גלייך אפגעשאפט ווערען און אז דאס רעכט פון ארויפלייגען ציגזען זאל געגעבען ווערען צו די אסעמבלים אין די קאלאניעס. זיין ווארימע פארטיידיגונג פון אמעריקא און זיין אטאקע אויפ'ן קאבינעט האט ארויסגערופען די גרעסטע באגייסטערונג אין די קאלאניעס. די רעדע ווערט ביז היינטיגען טאג געלערנט אין די אמעריקאנער קינדער שולען און בארק'ס נאמען איז איינער פון די באליבטסטע ביים אמעריקאנער פאלק.

אבער די אלע פראבעס צו ווירקען אויפ'ן פארלאמענט האבען זיך ניט איינגעגעבען. די פשרה פארשלאגען זיינען דורכגעווארפען געווארען מיט גרויסע מערהייטען. אנשטאט זיי האט דער פארלאמענט אנגענומען א ריי פארשלאגען פון א פארקערטען כאראקטער: פארשלאגען די קאלאניעס צו סטראשען, זיי מיט גוואלד צו צווינגען זיך אונטערצוגעבען.

דער פארלאמענט האט ערקלערט קריגס־צושטאנד אין מאסאטשוסעטס און באשלאסען צו באווילינגען דעם קאבינעט געלט צו שיקען נאך זעקס טויזענט סאלדאטען געגען די קאלאניסטען. אויפ'ן

באיקאט פון די קאלאניעס האט דער פארלאמענט געענטפערט מיט א געזעץ, וואס האט פארבאטען די ניו ענגלאנד קאלאניעס אנצו־פירען וועלכען עס איז האנדעל מיט ענגלאנד אדער מיט די ענגלישע קאלאניעס אין די וועסט אינדיעס. אביסעל שפעטער האט דער פארלאמענט די גזרה ארויפגעלייגט אויף איינינע פון די אנדערע אמעריקאנער קאלאניעס. נאך א גזרה האט פארבאטען די קאלא־ניעס צו כאפען פיש ביי די ברעגעס פון ניו פאונדלענד. א פאר־באט איז אויך ארויסגעגעבען געווארען צו די קאלאניעס אנצופירען האנדעל איינע מיט די אנדערע.

.14

# די שלאַכט פון „באַנקער היל“

דזשאָרדזש וואשינגטאָן איז אויסגעוויילט געוואָרען הויפּט גענעראַל פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי אַרום באָסטאָן דעם 15טען יוני. אָבער איידער ער האָט באַוויזען אָנצוקומען אין לאַגער און איבערנעמען די קאָמאַנדע איז פאָרגעקומען די ערשטע אמת'ע שלאַכט פון דער רעוואָלוציע, די שלאַכט פון באַנקער היל. זי איז פאָרגעקומען דעם 17טען יוני.

פונקט אַנטקעגען באָסטאָן, צו צפון־צו, ליגט א האַלב־אינזעל אויף וועלכען עס געפינט זיך דאָס שטעטעל טשאַרלסטאַון און צוויי קליינע בערגלאַך. איין בערגעל רופט זיך בריעד היל און די אַנדערע — באַנקער היל. צווישען דעם האַלב־אינזעל און באָסטאָן איז א שמאָלער פּאַס וואַסער. בריעד היל ליגט נעענטער צום ברעג, באַנקער היל איז הינטער אים, צום לאַנד־צו.

אין באָסטאָן זיינען געשטאַנען אַרום צען טויזענט ענגלישע סאָלדאַטען. הינטער באָסטאָן זיינען געשטאַנען זעכצען טויזענט באוואפענטע פאַרמער, אַלע פון ניו ענגלאַנד — די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי. אין די וואַסערען אַרום באָסטאָן און דעם האַלב־אינזעל זיינען געשטאַנען ענגלישע קריגס שיפען.

די צוויי בערגלאַך אַנטקעגען באָסטאָן זיינען די גאַנצע צייט אויסגעמידען געוואָרען פון ביידע צדדים. די ענגלענדער האָבען מורא געהאַט אהין צו שיקען סאָלדאַטען טאָמער וועלען די אַמעריקאַנער זיי באַפאַלען פון הינטען; די אַמעריקאַנער האָבען מורא געהאַט, טאָמער וועלען די ענגלישע שיפען זיי אָפּשניידען דעם וועג פון הינטען. נאָכדעם ווי די ענגלישע אַרמיי איז פאַרשטאַרקט געוואָרען און איר צאָל האָט דערגרייכט ביז צען טויזענט, האָט גענע־

ראל גיידזש זיך געפילט שטארק גענוג די בערגלאד צו פארנעמען. ער האט מורא געהאט, אז אויב ער וועט עס ניט טאן וועלען די אמע־ריקאנער פון דארטען באמבארדירען באסטאן.

ווי עס שיינט האבען זיך די אמעריקאנער באצייטענס דער־וואוסט פון דעם פלאן. ווען גענעראל גיידזש איז אויפגעשטאנען דעם 17טען יוני האט ער דערזען, אז די אמעריקאנער פארמער הא־בען פארכאפט דעם וועג. דורך דער פאריגער נאכט האבען זיי פאר־נומען בריעד היל און אים באפעסטיגט. זיי האבען ארום אים אויס־געבויט א וואנט פון זאמד, היי און קלעצער. הינטער דער וואנט זיינען געלעגען די אמעריקאנער סאלדאטען. גענעראל גיידזש האט באשלאסען די אמעריקאנער פון בערגעל ארונטערצוטרייבען. ער האט געשיקט אן ארמיי פון 25 הונדערט מאן אונטער דער קאמאנדע פון גענעראל האו די אויפגאבע דורכצופירען. די צאל פון די אמערי־קאנער הינטער דער באפעסטיגטער וואנט האט דערגרייכט ביז 15 הונדערט מאן.

די שלאכט האט אנגעהאלטען א גאנצען טאג. צוויי מאל זיי־נען די ענגלענדער צוריקגעשטויסען געווארען, איבערלאזענדי׳ג הינטער זיך הונדערטע טויטע און פארוואונדעטע. ווען זיי האבען צום דריטען מאל אטאקירט האבען די אמעריקאנער זיך מער ניט געקענט פארטיידיגען. די אמוניציע האט זיך ביי זיי אויסגענומען. זיי האבען זיך געשלאגען מיט שטעקענס, שטיינער און מיט די נאקעטע פויסטען. אויף אזא אופן איז זיי געלונגען זיך צוריקצו־ציען אויף דעם הינטערשטען בערגעל, דעם באנקער היל, וואו זיי האבען פון פריער צוגעגרייט טרענטשעס. לאנג האבען זיי אבער אויך דארטען ניט געקענט בלייבען. זיי האבען דעם האלב־אינזעל איבערגעלאזען אין די הענט פון די ענגלענדער.

אויפ׳ן שלאכטפעלד זיינען געבליבען ליגען גע׳הרג׳עטע און פארוואונדעטע, 1054 ענגלענדער און 449 אמעריקאנער. ווען די ענגלענדער וואלטען איצט נאכגעיאגט די אמעריקאנער איז גאנץ מעגליך, אז עס וואלט זיי געלונגען די גאנצע רעוואלוציאנערע אר־מיי צו פארניכטען. גענעראל האו האט אבער ערקלערט, אז ער האט באקומען א באפעל בלויז איינצונעמען די בערגלאד און ווייי־

טער ניט. האָט ער זיין אַרמיי אַפּגעשטעלט גלייך נאָכדעם ווי די אַמעריקאַנער האָבן די בערגלאַך אַפּגערױמט.

מיר װעלען זען שפּעטער, אַז דאָס איז געװען גענעראַל האָו'ס אַלגעמײנע מעטאָדע. ער האָט קײנמאָל זײנעם אַ זיג ניט נאָכ־געפּאָלגט, ניט געטריבען ביז'ן סוף. ער האָט נאָך יעדען זיג זײנעם געגעבען דער אַמעריקאַנער אַרמיי אַ מעגליכקײט װידער צו זיך צו קומען. מעגליך, אַז דאָס איז געװען דערפאַר, װאָס אין האַרצען איז ער געװען פרײנדליך גענײגט צו די קאָלאָניסטען. אײדער ער איז געשיקט געװאָרען קײן אַמעריקא אַלס גענעראַל איז ער געװען אַ מיטגליד פון דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט און דאָרטען איז ער געשטאַנען מיט דער קלײנער גרופּע, װאָס האָט געקעמפט פאַר אַ פרידליכען אויסגלײך מיט די קאָלאָניסטען. מאַנכע האָבן אים אויפגעװאָרפען פאַר װאָס ער האָט אײנגעװיליגט אָנצונעמען די קאָמאַנדע געגען די אַמעריקאַנער. זײן ענטפער איז געװען, אַז אַלס סאָלדאַט האָט ער קײן אַנדער ברירה ניט געהאַט. ער האָט געמוזט פאָלגען דעם באַפעל פון זײן קעניג.

די שלאַכט פון באַנקער היל (אין דער געשיכטע װערט די שלאַכט באַצײכענט מיט דעם דאָזיגען נאָמען, כאָטש דער אמת'ער געשלעג איז פאָרגעקומען אויפ'ן דערבײאיגען בערגעל, ברידע'ס היל) איז געװען דער ערשטער צוזאַמענשטױס פון די צװײ אַרמײען אויף אַן אָפענעם שלאַכטפעלד. אין דעם שלאַכט האָבן די אַמע־ריקאַנער צום ערשטען מאָל געקעמפט װי רעגולערע סאָלדאַטען. זײ האָבן זיך ניט פאַרשטעקט הינטער בױמער, שטײנער און פאַר־קאַנטען װי אין לעקסינגטאָן. זײ האָבן אויפגעבויט אַ פעסטונג און זי העלדיש פאַרטײדיגט און זיך ענדליך צוריקגעצויגען לויט די מיליטערישע כללים. און כאָטש זײ האָבן די שלאַכט פאַרלאָרען האָבן זײ אָבער איבערצײגט די ענגלענדער און זײערע אײגענע ברידער, אַז מען קען זיך אויף זײ פאַרלאָזען.

די קאָמאַנדירען פון דער אַמעריקאַנער אַרמײ אין דער דאָזי־גער שלאַכט זײנען געװען װיליאַם פּרעסקאָט, איזראַעל פּוטנעם און דר. דזשאָזעף װאָרען. דער לעצטער איז געפאַלען אויפ'ן שלאַכט־

פעלד. אין אים האט די רעוואלוציע פארלארען איינעם פון אירע בעסטע ארגאניזאטארס און איבערגעגעבענסטע פירער. ער האט יארען לאנג געארבייט מיט סעמיועל עדעמס צו ארגאניזירען די געהיימע קלובס, די „סאנס אוו ליבערטי“ און די קארעספאנדענץ־קאמיטעס.

15.

# די רעוואלוציאנערע ארמיי

דזשארדזש וואשינגטאן האט איבערגענומען די הויפט קאמאנדע פון דער אמעריקאנער ארמיי דעם 2טען יולי, 1775. די ארמיי איז דעמאלט באשטאנען פון אכצען טויזענט מאן צושפרייט איבער א שטרעקע פון צוועלף מייל ארום באסטאן. די הויפט קווארטיר איז געווען אין קיימברידזש.

וואס פאר אן ארמיי איז דאס געווען? די בעסטע אינפארמאציע וועגען איר געפינט מען אין די בריף און אין די אפיציעלע דאקומענטען פון גענעראל וואשינגטאן. אין די דאזיגע דאקומענטען הערט ער ניט אויף זיך צו באקלאגען אויף דער ארמיי. אין איין בריף שרייבט ער, אז ווען ער וואלט געוואוסט וואס פאר אן ארמיי דאס איז וואלט ער זיך אנטזאגט צו ווערען איר הויפט קאמאנדיר.

די סאלדאטען זיינען געווען פרייוויליגע און זיי האבען זיך אנגעשלאסען אויף א קורצען טערמין, ניט מער ווי אויף עטליכע מאנאטען אדער וואכען. יעדע עטליכע מאנאטען פלעגט די ארמיי צוקראכען ווערען. סאלדאטען פלעגען האלטען אין איין פאדערען אורלויב. און מען האט זייער פארלאנג געמוזט באוויליגען, ווארום ווען ניט וואלטען זיי זיכער ניט געוואלט בלייבען נאך דער ענדע פון זייער קורצען טערמין. דערצו איז געווען איינגעפירט, אז די סאלדאטען אליין זאלען אויסקלייבען זייערע אפיצירען. די אויסגעוויילטע האבען מורא געהאט זיך איינצורייסען מיט די סאלדאטען, טאמער וועט מען זיי ארונטערווארפען פון זייערע עמטער.

אונטער אזעלכע אומשטענדען האט קיין שום דיסציפלין ניט געקענט עקזיסטירען. די סאלאדטען האבען געפילט, אז זיי זיינען

אין דער ארמיי אויף א ווײלע, אז זיי האבען איבער זיך ניט קיין אויבערהאר, אז זיי זיינען גלייכע יחסנים מיט די באאמטע. די ערשטע צייט איז אויף די מונדירען פון די אפיצירען קיין צייכען פון ראנג ניט געווען. אלע האבען געטראגען דיזעלבע קליידער.

אט זיינען איינינע אויסצוגען פון וואשינגטאנ'ס בריף וועגען די סאלדאטען און אפיצירען: „די רעגימענטען פון קאנעטיקוט דעזערטירען אדער האלטען אין דעזערטירען פון דער נאבעלער זאך. פאר וועלכער מיר קעמפען. און איך האב קיין גרונט ניט צו גלויבען, אז די סאלדאטען פון ניו העמשיר, מאסאטשוסעטס און ראד איילאנד וועלען ארויסווייזען א שטארקערע אנהענגערשאפט צו דער זאך, ווען זייער טערמין וועט זיך ענדיגען". „אויף דער מיליץ וואס די קאלאניעס שיקען קען מען זיך ניט פארלאזען מער ווי עטליכע טעג. זיי ווערען שנעל מיד, אומגעדולדיג און זיי פארלאזען די דינסט". ער באקלאגט זיך, אז אין דער ארמיי און צווישען די פאלקס מאסען הערשט א שרעקליכע יאגעניש נאך געלט. „טראץ די אלע מעלות וואס ווערען צוגעשריבען צו די ניו ענגלענדער, איז ניטא נאך א פאלק אויף דער וועלט, ביי וועמען געלט איז אזוי טייער ווי ביי זיי... עס הערשט אזא שמוציגער געלט־גייסט, אז קיין מפלה וועט פאר מיר ניט זיין קיין איבערראשונג... ווען איך וואלט דאס אלץ געוועז פאראויסגעזען, וואלט מען מיך בשום אופן ניט געווען איינריידען איבערצונעמען די קאמאנדע".

אפיצירען פלעגען מיטנעמען סאלדאטען מיט זיך אויף זייערע פארמס און זיי באשעפטיגען און צאלען שכירות, אין דערזעלבער צייט וואס די סאלדאטען פלעגען ציען געהאלט פון דער ארמיי. די פארמער וואס האבען פארקויפט עסענוואארג פאר דער ארמיי האבען געריסען הויכע פרייזען. גענעראל גרין, וועלכער האט פארטיידיגט די סאלדאטען געגען וואשינגטאנ'ס ביטערער קריטיק, האט אויך צוגעגעבען, אז די פארמער זיינען געלט־גייציג און מאכען ריזיגע פראפיטען אויפ'ן חשבון פון דער ארמיי.

עס איז געווען שווער איינצוהאלטען די סאלדאטען אין די רייען. וואשינגטאן איז געווען אין שטענדיגער שרעק, אז די ארמיי זאל ניט פאנאנדערפאלען. דער קאנגרעס האט וועגען דעם געשרי־

בען צו די רעוואלוציאנערע רעגירונגען אין די פארשידענע קאלאניעס, אבער יענע האבען ווייניג וואס געקענט העלפען. די פירער זיינען פון אנפאנג געווען זיכער, אז די פאטריאטען וועלען מיט באגייסטערונג אריינטרעטען אין דער ארמיי. באלד אבער האבען זיי איינגעזען זייער טעות. זיי האבען אנגעבאטען די סאלדאטען „באנוסעם". די סאלדאטען האבען געפאדערט שכירות, ניט ווייניגער ווי זיי וואלטען געקענט פארדינען ביי ציווילער ארבייט. מען האט עס זיי געמוזט צוזאגען. אין דעצעמבער האט זיך געענדיגט דער טערמין פון די פינף טויזענט פרייוויליגע פון קאנעטיקוט, זיינען זיי אלע מיט אמאל אוועק פון דער ארמיי. עס איז אומעגליך געווען צו ווירקען אויף זיי, זיי זאלען בלייבען ביז מען וועט קריגען אנדערע אויף זייערע פלעצער. אויף אזא אופן איז מיט אמאל אפגעפאלען א דריטעל פון דער גאנצער ארמיי.

וואשינגטאן און די אנדערע גענעראלען האבען, פארשטייט זיך, די גאנצע שולד געווארפען אויף די סאלדאטען און אויף דער באפעלקערונג אין אלגעמיין. זיי האבען זיי באשולדיגט, אז זיי פעלט פאטריאטיזם, אז זיי זיינען פוילע, און אז ביי זיי שטייט געלט העכער ווי דאס פאטערלאנד. עס איז אבער דא א צווייטע זייט פון דער מטבעה. די סאלדאטען זיינען געקומען מייסטענס פון די ארימע שיכטען, ארבייטער און ארימע פארמער. זיי האבען די רעוואלוציע באטראכט אלס א קאמף פאר פרייהייט און גלייכהייט. זיי האבען דעריבער ניט געוואלט דערלאזען, אז עס זאל זיך אנטוויקלען א גרויסע מיליטערישע מאכט אין זייער אייגען לאנד. דערפאר האבען זיי אזוי מורא געהאט פאר א שטרייניגער מיליטערישער דיסציפלין, און דעריבער זיינען זיי באשטאנען דערויף, אז זיי אליין זאלען אויסוויילען די אפיצירען, און האבען ניט ערלויבט, אז די אפיצירען זאלען זיך האלטען פאר זייערע באלעבאטים. דזשארדזש וואשינגטאן איז געווען א מיליטערישער מענש פון זיינע אינגסטע יארען אן. ער האט געגלויבט אין א שטארקע מיליטערישע דיסציפלין. דערצו איז ער געבארען און ערצויגען געווארען אלס אן אריסטאקראט אין דער ווירדזשיניער קאלאניע, וואו די אריסטאקראטיע האט געוועלטיגט איבער די ארימע. אים איז אין אמת'ן

פרעמד געוועז דער דעמאקראטישער גייסט פון די ניו ענגלאנד קא־לאניעס. ער האט דעריין געזען א געפאר ניט בלויז פאר דער ארמיי, נאר אויך פאר דער גאנצער געזעלשאפט.

ווי דער היסטאריקער לעקי ערקלערט, איז די רעוואלוציאנערע ארמיי באשטאנען ביז א גרויסען גראד פון אימיגראנטען. די עכטע אמעריקאנער האבען ניט געוואלט ריזיקירען מיט זייערע לעבענס און מקריב זיין זייערע הכנסות צוליב דער רעוואלוציע. אט וואס לעקי שרייבט: „די עלטערע קאלאניסטען זיינען ניט געוועזען פון דעם מאטעריאל פון וועלכען סאלדאטען ווערען געמאכט. אבער צווישען די ארימע, היימלאזע, אוואנטוריסטישע אימיגראנטען, וועלכע זיינען אקארשט אנטלאפען אין די טויזענטער פון אירלאנד און סקאטלאנד, האט עקזיסטירט א שארפער מיליטערישער גייסט. און אט די מענשען האבען עם סוף כל סוף געטראגען דעם יאך פון דעם רעוואלוציאנערען קאמף. די עלטערע און די מער איינגעפונ־דעוועטע קאלאניסטען זיינען געוועזען מענשען פון א גאנץ אנדער טיפ. זיי זיינען געוועזען כיטרע, ערפאלגרייכע, גוט געאיבטע פאר־מער; ארבייטזאם, געלט־גייציג און איבערהויפט היים־זיצער. ווען מען האט זי מיט גוואלד געצוואונגען זיך צו שלאגען האבען זיי עס געטאן מיט מוט און מיט פארשטאנד. זיי האבען זיך אבער וויינינג־וואס געקימערט פאר מיליטערישען רום און האבען באדויערט יעדע שטונדע, וואס זיי זיינען געצוואונגען געוועזען זיך אפצושיידען פון זייערע פאמיליעס און זייערע פארמס. אט די עכטע אמעריקאנער זיינען אין דער מלחמה אריינגעצויגען געווארען געגען זייער ווילען“.

וואשינגטאן האט מיט זיין גאנצער ענערגיע געארבייט אריינ־צובריינגען ארדנונג און דיסציפלין אין דער ארמיי. אים האט נאך אפגעגליקט דאס, וואס די ענגלישע קאמאנדירען אין באסטאן זיי־נען געוועזען נאכלעסיג. ווען זיי וואלטען מיט זייער גוט־דיסציפלי־נירטער ארמיי גלייך באפאלען די אמעריקאנער, וואלט זיי גאנץ לייכט אנגעקומען צו פארניכטען וואשינגטאנ'ס ארמיי. די ענ־גלענדער האבען עס אבער ניט געטאן, און וואשינגטאן האט עס גוט אויסגענוצט. פון יולי, 1775, ביז מערץ, 1776, איז אים געלונגען ווי עס איז צונויפשטעלען אן ארמיי וואס האט געהאט א מיליטערי־

שען פּנים. אין אָקטאָבער, 1775, איז גענעראַל גיידזש צוריקגע־רופען געוואָרען און די הויפּט קאָמאַנדע פון דער ענגלישער אַרמיי אין באָסטאָן איז איבערגעגעבען געוואָרען צו גענעראַל האָו.

אינגאַנצען האָבען די ענגלענדער פונדעסטוועגען, אין פאַרלויף פון דער צייט, ניט געשוויגען. זיי האָבען באָמבאַרדירט האַפען־שטעט אויף דעם ניו ענגלאַנד ברעג. אַ פּאָר פון די שטעט האָבען זיי אינגאַנצען פאַרברענט. זיי האָבען אויך פאַרכאַפּט פיל קאָלאָ־ניסטישע שיפען און באַוואַכט די האַפענס, אַז קיין אַמוניציע זאָל צו די רעוואָלוציאָנערען ניט אַריינגעפירט ווערען.

די פראַגע פון אַמוניציע איז די ערשטע צייט געווען זייער אַ שווערע פאַר די קאָלאָניסטען. ביסלאַכווייז איז דאָס פּראָבלעם געלייזט געוואָרען. מען האָט אַריינגעשמוגעלט פולווער פון אַפרי־קע און פון אירלאַנד. געוואַגטע קאַפּיטאַנען און מאַטראָזען האָבען אָפּגעשטעלט ענגלישע טראַנספּאָרט שיפען, וועלכע האָבען געפירט אַמוניציע פאַר דער ענגלישער אַרמיי און די אַמוניציע צוגענומען. קאָלאָניסטישע שיפען האָבען אויך באַפאַלען ענגלישע קאָלאָניעס אין די וועסט אינדיעס, אין די בערמודא אינזלען און פון דאָרטען געבראַכט אַמוניציע. שפּעטער האָבען זיי שוין געבויט אייגענע אַמוניציע פאַבריקען און האָבען אַליין פאַבריצירט ביקסען, פולווער, האַרמאַטען און קוילען.

דער מונדיר פון די אַמעריקאַנער סאָלדאַטען האָט גאָר ניט געהאַט קיין מיליטערישען כאַראַקטער. עס איז אייגענטליך גאָר קיין מונדיר ניט געווען. די סאָלדאַטען זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן ווי פאַרם־אַרבייטער אין יענער צייט — מיט לאַנגע, לייווענטענע העמדער איבער די הויזען, פאַרגאַרטעלט אין מיטען. פּראָוויאַנט און געווער האָבען זיי געטראָגען אין בוזים פון די העמדער.

די ערשטע צוויי יאָר האָבען די רעוואָלוציאָנערען קיין פלאַג ניט געהאַט. די אַרמיי האָט זיך באַנוצט מיט אַ פאָן, אויף וועל־כער עס איז געווען אויסגעמאָלט אַ שלאַנג, גרייט אָנצופאַלען אויף אַ שונא. אונטער דער שלאַנג איז געווען דער אויפשריפט: „טרעט ניט אויף מיר!" די מער אַריסטאָקראַטישע מיליטער־באַאַמטע האָבען זיך מיט דעם דאָזיגען פאָן געשעמט. אַזוינע בילדער פלע־

גען געוויינליך זיין אויסגעמאלט אויף די פלאגען פון די ים־רויבער פון יענער צייט. דער איצטיגער פלאג פון די פאראייניגטע שטאטען, די שטערען מיט די שטרייפען, איז אנגענומען געווארען אלס א נאציאנאלער פלאג ערשט אין יאר 1777.

אין די שפעטערדיגע יארען פון דער רעוואלוציע איז די פראבלעם פון קריגען רעקרוטען געווארען נאך שווערער. די מיליץ פון די באזונדערע קאלאניעס פלעגט אין נויטפאלען אביסעל ארויסהעלפען. אבער די סאלדאטען האבען זיך אנטזאגט אוועקצומארשירען צו ווייט פון זייערע היימען. דינען מער ווי עטליכע וואכען נאכאנאנד האבען זיי ניט געוואלט. ווען אין דריטען יאר פון קריג האבען אנגעהויבען אנצוקומען אהער סאלדאטען פון פראנקרייך צו העלפען אין דער רעוואלוציע איז די לאגע פארערגערט געווארען: די קאלאניסטען האבען זיך דאן איננאנצען פארלאזען אויף די פראנצויזען.

אלערליי מיטלען זיינען אנגעווענדט געווארען צו קריגען סאלדאטען. פריער האבען די קאלאניסטען געצאלט „באנוסעס“. מאסאטשוסעטס האט געצאלט פון אנפאנג צען דאלאר יעדען וואס האט זיך אנגעשלאסען. אין 1781 האט זי געצאלט טויזענט דאלאר (געלט איז אין די לעצטע יארען פון דער רעוואלוציע שטארק געפאלען אין ווערט). מען האט אפילו געפרואווט איינצופירען געצוואונגענע מיליטער דינסט. א סך שטעטלאך אין מאסאטשוסעטס האבען באשטימט קאמיטעס צו דינגען די צאל סאלדאטען וואס זיי האבען געמוזט צושטעלען. די קאמיטעס האבען געקויפט רעקרוטען אין זייערע אייגענע שטעטלאך און אין אנדערע פלעצער. זיי האבען געצאלט וויפיל מען האט געבעטען. אין קאנעטיקוט איז דורכגעפירט געווארען א געזעץ, אז יעדע צוויי מענשען וואס שטעלען צו א סאלדאט זיינען פריי פון דינסט אזוי לאנג, ווי דער סאלדאט געפינט זיך אין די רייען. א סך האבען געקויפט נעגערשקלאפען און זיי אריינגעשיקט אין דער ארמיי, כדי זיך צו באפרייען פון מיליטער דינסט. אין פענסילוועניא איז די באפעלקערונג איינגעטיילט געווארען אין אזוי פיל גרופען, וויפיל סאלדאטען די קאלאניע האט געדארפט צושטעלען, און יעדע גרופע

האָט געמוזט ענטוועדער צושטעלען אַ סאָלדאַט אָדער באַצאָלען 15 פונט. ווירדזשיניאַ האָט געצאָלט די העכסטע „באָנוסעס", פון 8 ביז 12 טויזענט פּאַפּירענע דאָלאַר פאַר אַ רעקרוט. אויסער דעם האָט זיך די קאָלאָניע מתחייב געווען צו געבען נאָך דער רעוואָלו־ציע יעדען סאָלדאַט אירען 300 אַקער לאַנד מיט אַ געזונטען נעגער־שקלאַף אין עלטער פון 10 ביז 30 יאָר, אָדער 60 פונט אין גאָלד אָדער זילבער.

די הויפּט אורזאַך פאַרוואָס עס איז אַזוי שווער געווען צו קריגען פרייוויליגע סאָלדאַטען איז געווען די גרויסע נאָכפראַגע אויף אַרבייטער. צוליב דער מלחמה האָבען זיך דאָ אַנטוויקעלט די אינ־דוסטריען און עס איז געווען אַ גרויסער דוחק אויף אַרבייטער. עס האָט זיך בעסער געלוינט צו אַרבייטען פאַר געהאַלט ווי צו גיין דינען.

די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון די פאָלגענדע נאַציאָנאַליטעטען: ענגלענדער, סקאָטלענדער, איי־רישע, דייטשען, האָלענדער, פראַנצויזען און אידען. דאָס הייסט, פון די אַלע נאַציאָנאַליטעטען וואָס האָבען אימיגרירט קיין אמערי־קאַ. אַלע היסטאָריקער גיבען צו, אַז אַ גרויסער טייל פון דער אַרמיי איז באַשטאַנען פון ערשט אָריבערגעקומענע אימיגראַנטען. דער גרויסער היסטאָריקער לעקי האַלט, אַז צוויי דריטעל פון דער אַרמיי איז באַשטאַנען פון איינגעוואַנדערטע. אַנדערע היסטאָריקער לייקענען עס אָפּ. אָבער אַז די צאָל פון אימיגראַנטען־רעקרוטען איז געווען גרויס גיבען אַלע צו. דער גרויסער אַמעריקאַנער היסטאָ־ריקער טשענינג שרייבט: „פיל, זייער פיל אויסלענדישע אימי־גראַנטען האָבען זיך געפונען אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי".

## .16

# די העלדישע, טראגישע עקספעדיציע פון די רעוואלוציאנערען איינצונעמען קענעדע

די ערשטע מיליטערישע עקספעדיציע וואס די רעוואלוציאנערען האבען אונטערנומען איז געווען געגען קענעדע. אין דער מיליטערישער געשיכטע פון דער רעוואלוציע ווערט אט די קאמפאניע באצייכענט אלס דער געוואגטסטער און העלדישסטער. געענדיגט האט ער זיך מיט א פאלשטענדיגען דורכפאל. דאך ווערט ער פון היסטאריקער פארצייכענט אלס די בעסטע און פעהיגסטע פון אלע רעוואלוציאנערע מיליטערישע אונטערנעמונגען.

איינצונעמען קענעדע איז פאר די רעוואלוציאנערען געווען פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. כל זמן קענעדע איז געשטאנען אונטער ענגלאנד'ס קאנטראל, איז שטענדיג געווען א סכנה, אז אן ענגלישע ארמיי וועט ארונטערמארשירען פון קוויבעק אדער מאנטרעאל און אפשניידען די ניו ענגלאנד קאלאניעס פון ניו יארק, פענסילווייניא און די גאנצע סאוט. אין 1775 האט ענגלאנד געהאט אין קענעדע גאר א קליינע ארמיי, און די רעוואלוציאנערען האבען געפילט זיכער, אז זיי וועט געלינגען זי צו באזיגען. די קאמפאניע איז אנגעפירט געווארען פון צוויי גענעראלען — יעדערער האט געהאט אונטער זיין קאמאנדע א באזונדער ארמיי. גענעראל מאנטגאמערי האט מיט זיינע סאלדאטען געזאלט מארשירען דורך ניו יארק, ארויפשווימען אויף לייק דזשארדזש און לייק שאמפליין, ביז'ן סט. לאורענס טייך, איינעמען מאנטרעאל און דערנאך גיין אויף קוויבעק. דער צווייטער גענעראל, בענעדיקט ארנאלד, האט מיט זיין ארמיי געזאלט דורכשניידען דורך מעין און אנפאלען

אויף קוויבעק פון מזרח־זייט, אין דערזעלבער צייט וואָס מאָנט־גאָמערי׳ס ארמיי וועט זי אַטאַקירען פון דרום־זייט.

גענעראל מאָנטגאָמערי איז געווען אן איירישער אימיגראַנט. זיין פאָטער איז געזעסען אלס דעפּוטאַט אין ענגלישען פּארלאַמענט. אין דעם קריג מיט פראנקרייך, אין 1763, האָט דער יונגער מאָנט־גאָמערי געדינט אין דער ענגלישער אַרמיי. מיט א פּאָר יאָר פאַר דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע האָט ער פארלאָזען די ענגלישע אַרמיי און זיך באַזעצט אין ניו יאָרק. דאָרטען האָט ער געהייראַט א טאָכטער פון דער רייכער ליווינגסטאָן־פאַמיליע און איז געוואָרען א פייערדיגער אָנהענגער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. מאָנטגאָמערי האָט זיין טייל פון דער עקספּעדיציע פון אָנפאַנג דורכ־געפירט מיט ערפאָלג. ער האָט צוריקגעשטויסען די ענגלענדער אויפ׳ן גאַנצען וועג ביז מאָנטרעאל. ער האָט איינגענומען מאָנט־רעאל און דערפירט זיין אַרמיי ביז קוויבעק.

דער ראָמאַנטיש־העלדישער טייל פון דער עקספּעדיציע איז אויסגעפאַלען אויפ׳ן שיקזאַל פון בענעדיקט אַרנאָלד׳ס אַרמיי. ווען ער האָט מיט איר אַרויסגעמאַרשירט פון מאַסאַטשוסעטס, איז זי באַשטאַנען פון 1100 פון די בעסטע סאָלדאַטען וואָס וואַשינגטאָן האָט פאַר אים אויסגעקליבען. מען איז נאָך אפילו איצט פול מיט געדיכטע וועלדער. דעמאָלט איז זי גאָר געווען א מין „דזשאַנגעל" — וועלדער, זומפּען, בערג, אָזערעס און טייכען. דורך אָט דער שרעקליכער ווילדערניש האָט די אַרמיי געמוזט דורכשניידען א וועג איבער א שטרעקע פון הונדערט מייל. אנגעפאַנגען זיין מאַרש האָט אַרנאָלד ענדע מאָנאַט סעפּטעמבער, און עס האָט אים געדוי־ערט דריי מאָנאַטען פון די ערגסטע וועטערען איידער ער האָט זיין אַרמיי דערשלעפּט ביז קוויבעק. אָט ווי א היסטאָריקער שילדערט דעם מאַרש פון דער אַרמיי: (די שילדערונג איז געשמיצט אויף פאַקטען אַרויסגענומען פון די טאָגע־ביכער וואָס מאַנכע פון די סאָל־דאַטען פון דער עקספּעדיציע האָבען אַליין געשריבען) —

„זיי האָבען אָנגעפאַנגען דעם מאַרשרוט אויף שיפלאָד, אויף א שמאָלען טייך. באַלד אָבער איז אומעגליך געווען צו געברויכען די ווערקלעם: דאָס וואַסער איז ניט געווען טיף גענוג. זיינען די

סאלדאטען אריינגעשפרונגען אין טייך און גענומען שלעפען די שיפלאך. א גאנצען טאג האבען זיי געבראדזשעט אין דעם קאלטען וואסער, אראפזינקענדיג אלע ווײלע ביז'ן האלז אדער איבער'ן האלז. שיפלאך האבען זיך איבערגעקערט און א גרויסע טייל פון די עסענוואַרג און אמוניציע איז פארלארען געגאנגען. ווען די עקספעדיציע איז צוגעקומען צו א וואסער־פאל, האט מען די שיפלאך מיט דער גאנצער משא געמוזט שלעפען אויף די אקסלען. די ערד איז געווען דורכגעווייקט פון רעגען, און די סאלדאטען פלעגען אלע ווײלע ארײנזינקען ביז די קני אין בלאטע, אדער פלעגען זיך אנשלאגען אויף שטיינער און קלעצער. די שווערע שיפען האבען געשניטען זייערע אקסלען און שיר ניט אפגעריסען זיי די הענט. פלעגט איינער אין א פארטיע טרעגער פאלען, פלעגט ער מיטשלעפען אלע איבעריגע.

„זיי זיינען צוגעקומען צו א פלאץ, וואו די זומפען און וועלדער זיינען געווען באדעקט מיט א נעץ פון איינגעפאלענע בוימער. און אט איבער די קלעצער האבען זיי מיט זייערע שווערע משא'ס געמוזט קלעטערען. מער ווי זעקס מייל א טאג האבען זיי ניט געקענט גייען. באלד האט זיך פאר זיי אנגעהויבען א סדרה פון הונגער. א גרויסער טייל פון די מיטגענומענע עסענווארג איז פארלארען געגאנגען אין די טייכען און אין די זומפען. עטליכע הונדערט סאלדאטען האבען פארלארען דעם מוט און זיך צוריקגעקערט אהיים. אין אקטאבער האבען זיך אנגעפאנגען די קעלטען און די שנייען. א סך זיינען קראנק געווארען. טייל פון זיי זיינען געשטארבען און טייל האט מען אפגעשיקט צוריק אין די קאלאניעס. דער הונגער איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז זיי האבען גע'הרג'עט א הינטעל און אים אויפגעגעסען מיט די פעל, די ביינער און די געדערים. מיט בלוטענדיגע הענט האבען זיי אויפגעריסען די פארפרארענע ערד און ארויסגעשלעפט ווארצלען און גענעסען. זיי האבען אפגעקאכט זייערע לעדערנע שיך און געגעסען. דעם צווייטען נאוועמבער האט א סאלדאט אויסגעליידיגט די קוילען פון זיין רימענעם שיידעל און אפגעקאכט דעם שיידעל צום עסען. אלע זיינע קאמעראדען האבען געטאן דאסזעלבע. דאן האבען זיי צושניטען די רימענע הויזען

אויף מאַלציימען. זיי זיינען געווען אַזוי שוואַך, אַז זיי האָבען קוים געקענט אַריבערשפּרייזען אַ קליינעם צווייגעל. דאָך האָבען זיי מאַרשירט פאָרוועדטס, ווייטער און ווייטער איבער בערג, טאָלען און זומפּען".

פון די 1100 מאַן וואָס אַרנאָלד האָט מיטגענומען האָט ער ביז קוויבעק דערפירט בלויז 510. 300 האָבען זיך אומגעקערט פון וועג; 200 האָט אַרנאָלד אַליין צוריקגעשיקט צוליב קראַנק־הייטען; אַרום 90 זיינען געפאַלען און אויסגעגאַנגען.

אַרנאָלד האָט געקראָגען עסענוואַרג אין די שטעטלאַך אַרום קוויבעק, און זיינע סאָלדאַטען זיינען ביסלעכווייז צו זיך געקומען. זיי האָבען זיך איצט גענומען גרייטען צו דער אַטאַקע. דערווייל איז פון צווייטען זייט אָנגעקומען מאָנטגאָמערי מיט זיין אַרמיי פון 1200 מאַן.

די אַטאַקע האָט זיך אָנגעפאַנגען אין מיטען נאַכט, דעצעמבער 31טען, 1775. אַ שרעקליכער שניי־שטורם האָט געבושעוועט, ווען די רעוואָלוציאָנערע גענעראַלען האָבען געגעבען דעם סיגנאַל. די ענגלישע סאָלדאַטען זיינען געלעגען הינטער באַריקאַדען און האָבען געשאָסען אויף די אַמעריקאַנער מיט קאַנאָנען. די רעוואָלוציאָנערען האָבען געהאַט בלויז ביקסען — אַלטע און צובראָכענע. זיי האָבען אָבער געקעמפט אַזוי העלדיש, אַז זיי האָבען די ערשטע ריי באַריקאַדען איינגענומען. זיי זיינען אַריינגעדרונגען אין שטאָט און גענומען אַטאַקירען די צווייטע ריי באַריקאַדען. דער קאַמף איז געווען אַ ביטערער. אָבער די רעוואָלוציאָנערען האָבען געפּרעסט ווייטער און ווייטער. פּלוצלונג איז מאָנטגאָמערי געפאַלען גע־טראָפען פון אַ קויל. ער איז געשטאָרבען אויף'ן אָרט. דער אונ־טער־אָפיציר וואָס האָט זיין פּלאַץ פאַרנומען האָט זיך דערשראָקען און געגעבען אַ באַפעל זיך צוריקצוציען. וואָלט מאָנטגאָמערי גע־האַט די געלעגענהייט נאָך אַ קורצע צייט די קאָמאַנדע צו פירען, וואָלט קוויבעק זיכער געפאַלען. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז די אַמעריקאַנער האָבען זיך גענומען צוריקציען פּונקט דעמאָלט, ווען די ענגלענדער האָבען אָנגעפאַנגען צו אַנטלויפען.

אַ העלפט פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי זיינען געפאַלען אויף'ן

שלאכטפעלד, אדער גענומען געווארען געפאנגען. ארנאלד האט אויך באקומען א וואונד אין פוס. ער איז אבער געבליבען מיט זיינע סאלדאטען הינטערן שטאט און ער האט אפילו געמאכט א פארזוך צו באלאגערען די שטאט. ערשט אין אפריל פון 1776 האבען די ענגלענדער, וועלכע האבען צוגעקראגען פארשטארקונג, אים ענדליך פארטריבען.

דער ענגלישער קאמאנדיר אין קענעדע האט די אמעריקאנער געפאנגענע באהאנדעלט זייער גוט. עס איז כדאי צו באמערקען, אז די פראנצויזען אין קענעדע זיינען אויך געווען זייער פריינדליך צו די רעוואלוציאנערען. זיי האבען זיי פארקויפט שפייז אפילו אויף בארג. ווען די רעוואלוציאנערען וואלטען געזיגט, וואלטען די קענעדער געווען צופרידען אנצושליסען זיך אן די קאלאניעס. זיי זיינען אבער שטארק פאראינטערעסירט אין דעם קאמף ניט געווען. און זיי האט ניט געארט צו פארבלייבען מיט ענגלאנד.

אין דער ארנאלד עקספעדיציע האט זיך באטייליגט אאראן בארר, דער זון פון דעם פרעזידענט פון פרינסטאן אוניווערזיטעט. ער איז נאך דעמאלט געווען א גאר יונגער בחור, און איז מיטגע־גאנגען אין דער עקספעדיציע אלס א „דזשענטעלמען וואלונטיר“. אויפ׳ן וועג האט ער זיך באקענט מיט א שיינער אינדיאנישער מיי־דעל און האט זי איינגערעדט זי זאל מיטגיין מיט אים און אים העל־פען שיסען ווילדע חיות. ער האט זי געבראכט קיין קענעדע און דארטען האט זי געבארען א קינד. די נאנעס פון א קלויסטער האבען געזארגט פאר איר און פאר דעם קינד. אאראן בארר וועט שפעטער שפילען א גרויסע ראלע אין דער אמעריקאנער געשיכטע, און דערפאר איז ווערט דא צו פארצייכענען דעם דאזיגען פאקט אין זיין קאריערע.

## .17

# די קאָלאָניעס גרייט זיך אָפּצורייסען פון ענגלאַנד

די שטימונג פון דעם צווייטען קאָנטינענטעל קאָנגרעס איז גלייך פון אָנפאַנג געווען אַ מער רעוואָלוציאָנערע ווי פון דעם ערשטען. די לעקסינגטאָן־געשעעניש איז געווען פריש ביי יעדען דעלעגאַט אין זכרון. די גרויסע מאַיאָריטעט פון די דעלעגאַטען האָבען איצט געטראַכט ערנסט וועגען אָפּרייסען זיך פון ענגלאַנד און אָרגאַניזירען אַן אומאָפּהענגיגע רעגירונג. אָפּען אָבער האָט מען ביים קאָנגרעס וועגען דעם ניט גערעדט, ביז ערשט אין אַ יאָר אַרום. די פאָרשטייער פון דעם לינקסטען פליגעל האָבען פאַרשטאַנען, אַז די צייט איז נאָך ניט רייף דערפאַר. זיי האָבען געוואַרט ביז די מאַסען אין די קאָלאָניעס וועלען נעמען פאָדערען אומאָפּהענגיגקייט. דערווייל האָבען זיי געטאָן די צוגרייטונגס־אַרבייט. זיי האָבען אין דעם יאָר צוגעגרייט אַן אַרמיי אָנצופירען דעם קאַמף פאַר זעלבסטשטענדיגקייט, אין די מערסטע פון די קאָלאָניעס האָבען זיי אָפּגעשאַפט דעם ענגלישען רעגירונגס־אַפּאַראַט, די ענגלישע הערשאַפט, און האָבען דאָרט אָרגאַניזירט אַן אייגענע קאָלאָניאַלע רעגירונג. „אַט די אומאָפּהענגיגע רעגירונגען אין די באַזונדערע קאָלאָניעס זיינען געווען דער פּעדעסטאַל, אויף וועלכען די געטין פון דער פרייהייט איז שפּעטער פון דעם קאָנגרעס ארויפגעשטעלט געוואָרען“, אַזוי דריקט זיך געלונגען אויס דער ענגלישער היסטאָריקער טרעוועליאַן.

אַ קליינע גרופּע אין דעם קאָנגרעס איז געווען אַנטשלאָסען געגען דעם, אַז מען זאָל זיך אָפּרייסען פון ענגלאַנד. די גרופּע איז געשטאַנען אונטער דער פירערשאַפט פון דעם שרייבער פון פּאַטריאָטישע פּאַמפלעטען און לידער, דזשאָן דיקינסאָן. זיין שטאַנד־

פונקט איז געווען א מערקווירדיגער; פאר אונז איצט איז ער שווער צו פארשטיין. ער איז געווען אויפגעבראכט געגען ענגלאנד׳ס האנדלונג און אירע גזרות פונקט אזוי ווי דער גרעסטער פאטריאט. אין זיינע שריפטען האט ער אנגעגריפען און פארדאמט ענגלאנד׳ס טיראניי מיט אן אויפריכטיגן צארן. נאך מער, ער האט אויפגע־פאדערט די קאלאניסטען זיך צו שטעלען געגען די טיראנישע גע־זעצען מיט וואפען אין די הענט. דאך האט ער ניט געוואלט צו־לאזען דעם געדאנק, אז די קאלאניעס זאלען זיך אפרייסען פון ענגלאנד. זיין טענה איז געווען, אז דער קאמף דארף געפירט ווע־רען בלויז צו פארטיידיגען די אמעריקאנישע רעכט, אבער ניט אפ־צושאפען ענגלאנד׳ס הערשאפט. פאר רעכט, הייסט עס, מעג מען קעמפען ביז בלוט; פאר פרייהייט טאר אפילו קיין ווארט ניט ארויסגעזאגט ווערען.

דזשאן עדעמס, דער וויכטיגסטער פירער פון צווייטען צד, פון דער מיאריטעט, האט אין זיינע בריף און טאגע־ביכער געשריבען זייער ניט קיין שמייכעלדיגע זאכען וועגען דיקינסאנ׳ען. ער האט צוגעשריבען דיקינסאנ׳ס מיינונגען צו דעם איינפלוס פון זיין מו־טער און זיין פרוי. דיקינסאן איז געווען פארהייראט צו א רייכער דאמע אין פילאדעלפיא. די פילאדעלפיער אריסטאקראטען זיינען געווען געטריי צו ענגלאנד. האט עדעמס געמאכט דעם חשבון, אז די אריסטאקראטען האבען אויף דיקינסאנ׳ען געווירקט דורך זיין פרוי און דורך זיין מוטער. שרייבט עדעמס אזוי: די מאמע זיינע טענה׳ט צו אים: „מיין זון, מען וועט דיך אויפהייננגען, מען וועט דיין אייגענטום קאנפיסקירען. דיין אויסגעצייכענטע פרוי וועט בלייבען אן אלמנה און דיינע טייערע קינדער וועלען בלייבען יתומים“. די מוטער, הייסט עס, האט אים געסטראשעט, אז די אלע אומגליקען וועלען פאסירען אויב ער וועט העלפען דער רעוואַ־לוציע, ווייל די רעוואלוציע וועט זיכער דורכפאלען און ענגלאנד וועט שטריינג באשטראפען אלע אירע פירער. דיקינסאנ׳ס פאר־ערער לייקענען עדעמס׳עס באהויפטונגען. זיי פארזיכערען, אז די־קינסאן איז פון אייגענער, ערליכער איבערצייגונג געווען געגען א קריג פאר אומאפהענגיגקייט.

די ערשטע צייט האָט דיקינסאָן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין קאָנגרעס. ער איז אָנפאַרטרויט געוואָרען מיט די וויכטיגסטע קאָ־מיטע־אַרבייטען. ער האָט אויך געקראָגען ערלויבניש צו שיקען אין נאָמען פון קאָנגרעס אַ פּעטיציע צום ענגלישען קעניג וועגען שלום. דער קאָנגרעס האָט אים ערלויבט די פּעטיציע צו שרייבען אין זיין אייגענער שפּראַך און זי אַריבערשיקען קיין ענגלאַנד דורך זיינעם אַן אייגענעם מענשען.

די געגנערשאַפט צווישען דיקינסאָן און עדעמס איז געקומען צו אַ קלימאַקס דורך אַ צופאַל. צו די ענגלענדער אין די הענט איז אַריינגעפאַלען אַ בריף וואָס עדעמס האָט געשיקט זיין פרוי. אין דעם בריף האָט ער אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגען דיקינסאָנ׳ען און פאַרבייגייענדיג האָט ער קריטיקירט אַנדערע דעלעגאַטען, וואָס זיינען געווען געניגט צו דיקינסאָנ׳ס מיינונג. די ענגלענדער האָ־בען דעם בריף פאַרעפענטליכט מיט׳ן צוועק צו דיסקרעדיטירען עדעמסען אַלס רעבעל. ווען די דעלעגאַטען האָבען דעם בריף גע־לעזען זיינען זיי אויפגעבראַכט געוואָרען געגען עדעמס׳ן. דיקינסאָן האָט אויפגעהערט מיט אים צו ריידען. די דעלעגאַטען האָבען עדעמס׳ן באַשולדיגט, אַז ער איז ניט טריי צו זיינע אייגענע קאָ־לעגען. אפילו אייניגע פון זיינע פריינד האָבען זיך באַנומען קאַלט צו אים. עס האָט געדויערט אַ שטיק צייט איידער עדעמס האָט צוריקגעוואונען זיין גרויסען פּרעסטיזש אין קאָנגרעס. צוריקגע־וואונען האָט ער עס דורך זיין אונערמידליכער אַרבייט, זיין ערליכ־קייט און איבערגעבענקייט. די דעלעגאַטען האָבען געמוזט אַנער־קענען, אַז ניט קוקענדיג אויף אַלץ, איז ער פיליכט דער אויפריכ־טיגסטער, פעהיגסטער און ענערגישסטער אין דער גאַנצער קערפּער־שאַפט.

די פיר דעלעגאַטען וואָס האָבען געשפּילט די וויכטיגסטע ראָלע ביי דעם קאָנגרעס זיינען געווען דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, דזשאָן עדעמס, טאָמאַס דזשעפערסאָן און בענדזשאַמין פרענקלין. וואַ־שינגטאָנ׳ס וויכטיגקייט האָט זיך באַגרענעצט אויף מיליטערישע אַנגעלעגענהייטען. ער האָט דעם קאָנגרעס פאַרלאָזען אין מיטען יוני פון 1775 ווען ער איז אַוועק איבערנעמען די קאָמאַנדע פון דער

ארמיי. ער איז אלזא מער ווי עטליכע וואכען דארטען ניט געווען. טאמאס דזשעפערסאן איז ניט געווען קיין רעדנער. עדעמס שרייבט וועגען אים: „די גאנצע צייט וואס איך בין געזעסען מיט דזשע־פערסאנ'ען אין קאנגרעס האב איך אים ניט געהערט אויסריידענ־דיג דריי זאצען אויף אמאל“. פרענקלין איז אויך ניט געווען קיין רעדנער. זיי זיינען ביידע געווען פראקטישע טוער און מענשען מיט פעסטע איבערצייגונגען און הויכער בילדונג. דזשאן עדעמס האט פאראייניגט אין זיך זייערע מעלות און דערצו א מערקוויר־דיגע רעדנער קראפט. ער האט זיינע רעדעס קיינמאל ניט גע־דארפט צוגרייטען. זיינע ארגומענטען און די פאקטען, אויף וועל־כע ער האט זיי באגרינדעט, זיינען אין זיין מארך געווען ארגאני־זירט אויף א מערקווירדיג לאגישען אופן. דערצו האט ער געהאט אן אומערשעפליכען קוואל פון ענערגיע און באגייסטערונג. ער פלעגט ארבייטען טאג איין און טאג אויס פון פיר אזייגער פארטאג ביז צען ביינאכט. ער האט געמוזט טאן ביידע זאכען, אי ווירקען אויפ'ן קאנגרעס אנצונעמען זיינע פארשלאגען, אי זען דערנאך, אז די פארשלאגען זאלען דורכגעפירט ווערען אין לעבען.

עטליכע טעג נאך דער פאסירונג מיט דעם בריף האט דער קאנ־גרעס גענומען דעם ערשטען שריט אין דער ריכטונג פון אומאפ־הענגיגקייט. דעם דריטען נאוועמבער האט ער אנגענומען א רע־זאלוציע צו רעקאמענדירען צו ניו העמשיר זי זאל ארגאניזירען פאר זיך א רעגירונג, וועלכע וועט, „נאך איר מיינונג, בריינגען גליק פאר דער באפעלקערונג און פארזיכערען דעם פרידען און די ארדנונג פון דער קאלאניע“. אויף מארגען האט דער קאנגרעס אנגענומען אן ענליכע רעזאלוציע בנוגע סאוט קאראליינא. זעקס וואכען שפע־טער, אין מאי, 1776, האט דער קאנגרעס דעם באשלוס געמאכט אלגעמיין. ער האט אנגענומען א רעזאלוציע אז עס איז דער וואונש פון קאנגרעס, אז יעדע קאלאניע וועלכע האט נאך ניט ארגאניזירט קיין אייגענע רעגירונג מיט אן אייגענע קאנסטיטוציע, זאל עס גלייך טאן. וועגען דעם באשלוס שרייבט עדעמס דאס פאלגענדע: „**די דאזיגע רעזאלוציע איז אן עפאכע מאכענדע פאסירונג. איך האב א גאנץ יאר געשטרעבט צו אזא באשלוס**“.

די קאָלאָניעס האָבען איינציגוויי ארגאַניזירט אייגענע רעגי־רונגען. זיי האָבען אָפּגעשאַפט די ענגלישע טשאַרטערס, פּאַרטרי־בען די ענגלישע גאַווערנאָרס און אייגגעריכט אייגענע רעגירונגס־פאָרמען. דעם קעניג׳ס נאָמען איז אָפּגעמעקט גוואָרען פון די רע־גירונג׳ס דאָקומענטען. טייל קאָלאָניעס האָבען אויפ׳ן פּלאַץ פון קעניג׳ס נאָמען אָנגעשריבען דעם נאָמען פון גאָט, „דער קעניג פון אַלע קעניגען“. בלויז איין קאָלאָניע האָט זיך פאַרשפּעטיגט צו פאַרפאַסען אַ קאָנסטיטוציע. דאָס איז געווען ניו יאָרק. זי האָט איר קאָנסטיטוציע ערשט פאַרפאַסט אין אַפּריל, 1777, אַ גאַנץ יאָר נאָכדעם ווי דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך ערקלערט אומאָפּהענגיג פון ענגלאַנד.

צווישען די דרייצען קאָלאָניעס איז פּענסילווייניא געווען פּי־ליכט די לאָיאַלסטע צו ענגלאַנד. ווען מיר זאָגען פּענסילווייניא מיינען מיר נאַטירליך די אָפיציעלע רעגירונג און די הערשענדע קלאַסען. די אַסעמבלי פון דער קאָלאָניע איז געשטאַנען אונטער דער קאָנטראָל פון די רייכע קוויקערס און די אָנהענגער פון דער פאַמיליע פּען, די באַלעבאַטים פון דער קאָלאָניע. די דייטשע און אײַרישע אימיגראַנטען, וועלכע האָבען געוואוינט אין דעם וועסט־ליכען טייל פון דער קאָלאָניע ביים גרענעץ, האָבען געהאַט ווייניג שטימען. די אָרימע קאָלאָניסטען זיינען געווען רעוואָלוציאָנעריש געשטימט, רעוואָלוציאָנעריש ניט בלויז געגען דער הערשאַפט פון ענגלאַנד, נאָר אויך געגען דער הערשאַפט פון זייערע אייגענע אַריס־טאָקראַטען. זיי זיינען געווען אויפגעבראַכט געגען ביידע קלאַסען מאַכטהאָבער דערפאַר, וואָס זיי האָבען זיך אַנטזאָגט זיי צו באַ־זאָרגען מיט מיליטערישע הילף געגען דער געפאַר פון די אינדיאַ־נער, און אויך דערפאַר וואָס זיי האָבען זיי געשטערט צו נעמען ערד און זיי אימער געשטיקט מיט שווערע צינזען.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די לאָיאַלע שטימונג אין די רייכע און אָפיציעלע קרייזען פון פּענסילווייניא אין אַלגעמיין און פון פילאַ־דעלפיא ספּעציעל האָט געמוזט ווירקען אויף דעם „קאָנטינענטעל קאָנגרעס“. די לאָיאַלע פּענסילווייניער אַסעמבלי איז געזעסען אין דערזעלבער געביידע וואו דער קאָנגרעס האָט זיינע זיצונגען אָפּ־

געהאלטען. א קארידאר האט אפגעטיילט די צוויי זאלען איינם פון אנדערען. אין דער אסעמבלי איז א גרויסע מאיאריטעט געווען אנטשידען געגען אומאפהענגיגקייט. אפילו אין אנפאנג 1776, ווען דאס גאנצע לאנד האט געברויזט מיט רעוואלוציאנערער טעטיגקייט, און אין פילאדעלפיא גופא האבען רעוואלוציאנערע טרופען זיך מושטשירט אין די גאסען און זיך געגרייט צום קאמף, האט די אסעמבלי דורכגעפירט א רעזאלוציע וואס האט פארבאטען די פענסילווייניער דעלעגאטעןביים קאנגרעס צו שטימען פאר אומאפהענגיגקייט. די אסעמבלי האט גענומען דיזעלבע שטעלונג ווי דער ליבלינג פון דער קאלאניע דזשאן דיקינסאן, אז די קאלאניעס זאלען קעמפען פאר זייערע רעכט אלס ענגלענדער און ניט פאר זייערע רעכט אלס אמעריקאנער.

די לאגע האט זיך פלוצלונג געענדערט. קורץ נאכדעם ווי די אסעמבלי האט אנגענומען די רעזאלוציע געגען אומאפהענגיגקייט איז פאררופען געווארן א שטאט אסיפה אין דעם „שטאט הויז" פון פילאדעלפיא. ווער עס האט די פארזאמלונג צונויפגערופען איז ניט באקאנט. עס זיינען אבער געקומען עטליכע טויזענט מענשען. דארטען איז בשלאסען געווארן, אז די אסעמבלי פארטרעט ניט דאס פאלק, אז זי האט מער קיין רעכט ניט צו רעגירען. א ספעציעלע קאמיטע איז באשטימט געווארן צונויפצורופען א קאנפערענץ פון אלע שטעט און שטעטלאך אין דער קאלאניע צו גרינדען א נייע רעגירונג.

די אסעמבלי האט פארשטאנען אז זי האט פארשפילט און האט ניט געמאכט קיין ווידערשטאנד. די מיטגלידער האבען אליין אויפגעהערט צו קומען אויף די זיצונגען פון דער אסעמבלי. אין יוני האט זיך פארזאמעלט די נייע קאנפערענץ. זי האט באשלאסען אז אלע איינוואוינער וואס צאלען שטייער האבען א רעכט צו שטימען. עס איז אויך באשלאסען געווארן, אז די בירגער זאלען וויילען דעלעגאטען צו א קאנווענשאן, וועלכע זאל האבען די אויפגאבע צו פארפאסען א נייע קאנסטיטוציע פאר דער קאלאניע. די מיטגלידער פון דער קאנפערענץ האבען אלע איינגעשטימט אז די דעלעגאטען ביים „קאנטינענטעל קאנגרעס" האבען דאס פולע רעכט

דאַרטען צו שטימען, אַז אַמעריקא זאָל זיך אינגאַנצען אָפּרייסען פון ענגלאַנד.

די איבערקערעניש אין פּענסילווייניא האָט אָפּגעראַמט די לעצטע שטערונג אויפ'ן וועג צו אומאָפּהענגיגקייט, אויף וועלכען דער קאָנגרעס האָט זיך דאָס לעצטע יאָר אַזוי לאַנגזאַם באַוועגט.

דעם לעצטען און שטאַרקסטען שטויס צו אומאָפּהענגיגקייט האָט געגעבען אַ פּאַמפּלעט מיט'ן נאָמען „קאָמאָן סענס" („שכל הישר"), וועלכער איז ערשינען די צווייטע וואָך פון מאָנאַט יאַנואַר, 1776, און וועלכער איז אין פאַרלויף פון די נעקסטע זעקס מאָנאַטען פאַרשפּרייט געוואָרען אין 125 טויזענט עקזעמפּליאַרען איבער דער גאַנצער לייננ און ברייט פון לאַנד. דאָס דאָזיגע ביכעל האָט פאַרוואַנדעלט טויזענטע, צענדליגע טויזענדע לאָיאַלע אָנהענגער פון ענגלאַנד אין הייסע קעמפּפער פאַר אומאָפּהענגיגקייט. דער פּאַמפּלעט האָט אויפגעשטורעמט דאָס לאַנד צו אַן אמת'ער רעוואָלוציע.

דער פאַרפאַסער פון דעם פּאַמפּלעט איז געוועזען אַן אימיגראַנט פון ענגלאַנד מיט'ן נאָמען טאָמאַס פּעין. ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקא דעם לעצטען טאָג פון נאָוועמבער, 1774, און האָט זיך באַזעצט אין פילאַדעלפיא. ער איז שוין דעמאָלט געוועזען אַ מאַן פון 37 יאָר. ער איז געקומען אַהער אַנצופאַנגען אַ נייע לעבען. אין ענגלאַנד איז דער שיקזאָל געוועזען זייער גרויזאַם צו אים. צו 13 יאָר האָט ער געמוזט גיין אַרבייטען, העלפען זיין פאָטער מאַכען שטריק אויף זעגעל־שיפען. צו 23 יאָר איז ער שוין געוועזען אַן אַלמן. אַ שטיקל צייט האָט ער געהאַט אַ רעגירונגס־שטעלע אַלס אַקציזניק, אָבער ער האָט זי פאַרלאָרען. צו 34 יאָר האָט ער גע־הייראַט אַ צווייטען מאָל. ער האָט געפּרואווט ווערען אַ געשעפטס־מאַן און האָט געעפענט אַ קראָם פון שפּייז און טאַבאַק. זיין פרוי האָט אים געהאָלפען. ער האָט זיך אָבער אַזוי פאַרפּלאָנטערט אין חובות, אַז אין 1774 האָט מען זיין גאַנצען אייגענטום, אַלע זאַכען אין קראָם און אין שטוב, פאַרקויפט אין אויקציאָן. ער איז דאַן זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט זיין פרוי. זיי האָבען זיך אָפּגעשריי־בען, אַז זיי שטימען איין זיך צו שיידען, און ער איז אַוועקגעפאָרען

קיין אַמעריקא מיט דער האָפנונג, אַז דאָרט וועט אים דער שלימזל אַזוי ניט פאַרפאָלגען. געקומען אַהער איז ער מיט אַ רעקאָמענ־דאַציע־בריף פון בענדזשאַמין פרענקלין, וועלכער איז דאַן געווען אין לאָנדאָן.

טאָמאַס פעין האָט דאָ געהאָפט צו ווערען אַ לערער אָדער אַ לאַנדמעסטער. אנשטאָט דעם האָט ער באַקומען אַ שטעלע אין אַ בוכהאַנדלונג. קורץ נאָך זיין אַנקומען אויף דער שטעלע האָט דער באַלעבאָס אַנגעהויבען אַרויסצוגעבען אַ צייטשריפט מיט'ן נאָמען „טהי פענסילווייניא מאַגאַזין". פעין האָט זיך גענומען שרייבען פאַר דער אויסגאַבע און העלפען זי רעדאַגירען. ווי ער האָט שפּעטער ערקלערט האָט ער ביז דעמאָלט קיינמאָל ניט גע־שריבען צום דרוקען.

ווען די בראָשורע „קאָמאָן סענס" איז ערשינען אין יאַנואַר, 1776, האָט קיינער ניט געוואוסט, אַז פעין האָט זי געשריבען. דער נאָמען פון דעם פאַרפאַסער איז אין דעם ביכעל ניט אַנגעגעבען גע־וואָרען. קיינער האָט ניט געוואוסט ווער פעין איז. די וואָס האָ־בען אים געקענט האָבען זיך גאָרניט פאָרגעשטעלט, אַז ער באַזיצט די פעהיגקייט אַזאַ ווערק צו שאַפען. דער עולם האָט געפּרואווט טרעפען ווער דער פאַרפאַסער איז און די מיינונגען זיינען געווען צוטיילט. אייניגע האָבען דעם כבוד צוגעטיילט בענדזשאַמין פרענקלין, אַנדערע, סעמיועל עדעמס, און נאָך אַנדערע, דזשאָן עדעמס. קיינעם איז ניט אייננעפאַלען, אַז דער פּאַמפלעט קען זיין די שאַפונג פון אַן אַנדערען, אויסער איינעם פון די דריי אָנער־קענטסטע, איבערגעבענסטע פּאַטריאָטען.

דער נאָמען איז מערקווירדיג צוגעפּאַסט צום אינהאַלט פון דעם ווערק. „קאָמאָן סענס", דער פשוט'ער פאַרשטאַנד — דאָס איז דער אינהאַלט. דער שרייבער ווענדט זיך צום שכל הישר, צום מענשליכען מאָרך. ער פּלפּול'ט זיך ניט, ער פילאָזאָפירט ניט, ער זוכט ניט צו באַווייזען לומדות, קענטעניש. ער ברייננגט ניט קיין ראיות פון געלערטע, ער פאַרופט זיך ניט אויף אויטאָריטעטען. ער רעדט פּראָסטע דיבורים: איינפאַך, קלאָר אָבער שטאַרק. וואָס ער זאָגט קען אפילו אַ קינד פאַרשטיין, און ער זאָגט עס אויף אַזאַ אופן,

אַז די ווערטער מוזען אויפרייצען דעם מאַרד און די הערצער פון דעם לעזער.

דער ציל פון דעם פּאַמפלעט איז צו איבערצייגען דעם אַמע־ריקאַנער עולם, אַז די צייט איז שוין געקומען ווען ער מוז זיך באַ־פרייען פון ענגלאַנד, ווען ער מוז אַרויסגיין מיט וואַפען אין די הענט קעמפען פאַר אבסאָלוטע אומאָפּהענגיגקייט. אָט דאָס צו באַ־ווייזען נעמט ער זיך אונטער גלייך פון אָנהויב פון דעם ווערק. ער פאַנגט אָן מיט אַן ערקלערונג וואָס איז רעגירונג, צו וואָס מען דאַרף אַ רעגירונג איינגאַנצען און ער ענדיגט מיט באַווייזען, אַז די הערשאַפט פון דער ענגלישער רעגירונג אין אַמעריקא איז געגען דער לאָגיק, געגען דעם יושר, געגען דער גערעכטיגקייט און געגען די מאַטעריעלע אינטערעסען פון לאַנד.

רעגירונג אין אַלגעמיין איז אַ צרה, זאָגט דער שרייבער. ווען דער מענש וואָלט געווען פאָלקאָם מאָראַליש, ווען ער וואָלט ניט געווען גענויגט צו זינד און פאַרברעכען וואָלט מען קיין רעגירונג איינגאַנצען ניט געדאַרפט האָבען. די אויפגאַבע פון דער רעגירונג איז צו פאַרזיכערען די מענשען אין דער געזעלשאַפט זייער עקזיס־טענץ און זייער פרייהייט. וואָס פאַר אַ סאָרט רעגירונג קען געבען אַזאַ פאַרזיכערונג? וועלכער רעגירונגס־פאָרם איז די ריכטיגע? מען קען האָבען פאַרשידענע מיינונגען וועגען דער אָדער יענער רע־גירונגס־פאָרם. עס קענען אָבער קיין צוויי מיינונגען ניט זיין, אַז מאָנאַרכי איז אי געגען דער נאַטור אי געגען דער מאָראַל. וואָס איז די אויפגאַבע פון דעם קעניג אין ענגלאַנד? ער פירט מלחמה און טיילט איין רעגירונגס שטעלען. דאָס הייסט, ער מאַכט אָרים דאָס פאָלק און ברייגנט אַריין קריגעריי און רייסעריי. און דער־פאַר קריגט ער באַצאָלט אַכט הונדערט טויזענט פונט אַ יאָר און מען האַלט אים נאָך פאַר אַן אָפּגאָט. אַן ערליכער מענש אין דער געזעלשאַפט איז מער ווערט ווי אַלע געקרוינטע לומפּען וואָס האָבען ווען עס איז געלעבט. דאָס איז וועגען רעגירונגען אין אַלגעמיין און וועגען דער ענגלישער רעגירונג ספּעציעל.

און דאַן גייט ער איבער צו דער פראַגע וועגען די באַציהונגען צווישען ענגלאַנד און אַמעריקא. ער האַלט אַז זינט דעם 19טען

אפריל, 1775, זינט דער שלאכט ביי לעקסינגטאן, איז ניטא מער וואס צו דעבאטירען. די צייט פון דעבאטען איז פאריבער. די פראגע מוז איצט געשליכט ווערען מיט וואפען אין די הענט. עס איז איצט א נייע צייט אין דער פאליטיק: מען טראכט איצט אנדערש. אלע פלענער און פארשלאגען פון פאר דעם 19טען אפריל זיינען אזוי ווי א לוח פון אן אלטען יאר.

„מען זאגט אונז, אז מיר מוזען ווייטער געהערען צו ענגלאנד, ווייל אונטער דער ענגלישער הערשאפט האבען מיר געמאכט פארטשריט, זיך אנטוויקעלט. אויף דעמזעלבען גרונד קען מען דאך ארגומענטירען, אז וויבאלד א קינד האט זיך אנטוויקעלט זויגענדיג דער מוטער׳ס מילך, טאר עס קיינמאל ניט אנהויבען צו עסען פלייש, אדער אז די ערשטע צוואנציג יאר פון אונזער לעבען מוזען אונז דינען אלס דער רבי פאר די נעקסטע צוואנציג יאר.“

זייענדיג א טייל פון ענגלאנד ווערען מיר אריינגעשלעפט אין אלע סכסוכים וואס ענגלאנד האט מיט אנדערע מעכטע — שרייבט פעין. אמעריקא מוז זיך באפרייען פון די פאליטישע מחלוקות אין אייראפא און דאס וועט זי ניט קענען טאן כל זמן זי וועט בלייבען א טייל פון ענגלאנד. אויסערדעם, איז עס דאך געגען דער לאגיק, אז אזא גרויסע מדינה ווי אמעריקא, אזא ריזיגער קאנטינענט זאל זיין אונטערוואָרפען אונטער א קליין אינזעל ווי ענגלאנד. די לאגיק זאגט, אז א קאנטינענט דארף באהערשען אינזלען און ניט פארקערט.

מען טאר ניט מאכען קיין שלום מיט ענגלאנד, ווייל שלום הייסט א פשרה און יעדע פשרה וועט דאך איבערלאזען ענגלאנד׳ס הערשאפט אין אמעריקא. און דאס וועט ברייננגען רואינע פאר אמעריקא. ענגלאנד וועט ניט לאזען, אז אמעריקא זאל זיך אנטוויקלען, אז זי זאל ווערען גרויס און רייך, אז זי זאל אנטוויקלען אירע אינדוסטריען. די אינטערעסען פון ענגלאנד וועלען אימער פאדערען, אז דער וואוקס און די עקאנאמישע אנטוויקלונג פון אמעריקא זאל געשטערט ווערען. מיר מוזען זיך באפרייען. יעדער פלאץ אין דער אלטער וועלט איז פול מיט אונטערדריקונג. די פרייהייט איז פון דארט פארטריבען געווארען. זי ווערט געיאגט

אַרום דעם ערד קוגעל. פון אַזיען און אַפריקא איז זי שוין לאַנג אַרויסגעטריבען געוואָרען. אייראָפּאַ באַטראַכט זי אויך אַלס אַ פרעמדע. אין ענגלאַנד האָט זי שוין באַקומען אַ וואָרנונג, זי זאָל זיך אָפּגעטראָגען. אָה! לאָמיר אָט דער געטריבענער געבען דאָ אַ היים. לאָמיר אונזער לאַנד צוגרייטען אַלס אַן אַנטרינונגס־פּלאַץ פאַר דער מענשהייט".

אָט זיינען איינִיגע ציטאַטען פון צייטונגען און פּריוואַטע בריף, וועלכע גיבען אַ שטיקעל באַגריף פון דעם מערקווירדיגען פוראַר וואָס דער פּאַמפלעט האָט אָנגעמאַכט אין אַמעריקא. דעם 6טען פעברואַר, 1776, שרייבט „דער פענסילוויינִיער איוונינג פּאָסט": „אויב איר ווייסט ווער דער פאַרפאַסער פון „קאָמאָן סענס" איז זאָגט אים, אַז ער האָט אויפגעטאָן וואונדער, אַז ער האָט באַוויזען נסים. ער האָט פון לאָיאַליסטען געמאַכט רעוואָלוציאָנערען, ער האָט פון שוואַרצע געמאַכט ווייסע". אַ צייטונג אין סאוט קאַראָליינאַ שרייבט דעם 14טען פעברואַר: „ווער איז דער פאַרפאַסער פון „קאָמאָן סענס"? איך קען זיך ניט צוריקהאַלטען פון פאַרגעטערען אים. ער פאַרדינט אַ סטאַטוע פון גאָלד". אין אַ בריף דעם ערשטען אַפּריל שרייבט דזשאָרדזש וואַשינגטאָן: „איך ווייס, אַז אין מיין קאָלאָניע אין ווירדזשיניאַ וועט דער געדאַנק פון אומאָפּהענגִיגקייט ניט אַזוי גיך אָנגענומען ווערען. אָבער פון פּריוואַטע בריף וואָס איך באַקום זע איך, אַז דער פּאַמפלעט „קאָמאָן סענס" האָט דאָרטען פאַראורזאַכט אַן איבערקערעניש אין די מוחות פון מענשען". דעם 8טען אַפּריל שרייבט דער „ניו יאָרק גאַזעט": „די טעמע פון געשפּרעך אין גאַנץ אַמעריקא אין די לעצטע עטליכע וואָכען איז דער פּאַמפלעט „קאָמאָן סענס". דעם 12טען אַפּריל שרייבט אַ צווייטע ניו יאָרקער צייטונג: „אַ פּאַמפלעט מיט'ן נאָמען „קאָמאָן סענס" האָט אַריבערגעוואָונען צום געדאַנק פון אומאָפּהענגִיגקייט טויזענדע מענשען וועלכע האָבען פריער פון דעם ניט געוואָלט הערען".

דער פּאַמפלעט איז איבערזעצט געוואָרען אויף דייטש און פראַנצויזיש. אין פראַנקרייך איז ער געלעזען געוואָרען נאָך מער ווי אין אַמעריקא. אין ענגלאַנד האָט ער אַרויסגערופען אַזוי פיל אינ־

טערעס, אַז מען דערציילט, אַז די קעניגין האָט איין טאָג געפונען דעם קרוין־פּרינץ באַהאַלטען אין אַ ווינקעל לעזענדיג דעם ביכעל. דער פּרינץ האָט געוואוסט, אַז דער פּאמפלעט איז טריף־פּסול, ער האָט אָבער ניט געקענטביישטיין דעם נסיון אים ניט צו לעזען. *)

אלס באַלוינונג פאר דעם ווערק האָט טאָמאַס פּעין באקומען בלויז מאָראַלע באַפרידיגונג. די פארלעגער זיינען פון דעם ביכעל רייך געוואָרען. פּעין האָט אָבער קיין האָנאָראר ניט באַקומען. ער האָט זיך באנוגענט מיט א קליינער סומע, וואָס די פארלעגער האָבען אים באצאָלט פאר דעם מאנוסקריפּט. די לאָיאַליסטישע פּרעסע האָט אים באשולדיגט, אז ער האָט דעם פּאמפלעט געשריבען צו־ליב געלט און אז ער איז דורך דעם פאראט צו ענגלאנד רייך גע־וואָרען. דער אמת איז, אז ער האָט פון זיינע שריפטען קיינמאָל ניט געזוכט צו פאַרדינען קיין געלט. ער האָט שפּעטער געשריבען נאָך פּאמפלעטען, וועלכע האָבען זיך גוט פארקויפט. ער האָט אָבער דאָס רעכט אויף זיי אוועקגעשאָנקען דער רעוואָלוציאָנערער רעגי־רונג. ווען די רעוואָלוציע האָט זיך געענדיגט איז ער געווען אַ בלוּ־טיגער אָרימאַן. ווען ער וואָלט זיך ווירקליך געיאָגט נאָך געלט, וואָלט ער פון זיינע פּאמפלעטען לייכט געקענט מאכען א פערטעל מיליאָן דאלאר. *)

---

*) אין די שול־ביכער ווערט טאָמאַס פּעין כמעט גאָרניט דערמאָנט. דאָס איז דערפאר וואָס ער איז שפּעטער געוואָרען אן אפּיקורוס און האָט געשריבען א ווערק „אײדזש אָוו ריזאָן“ געגען אמונה. דאָס האָט געגען אים ארויסגערופען דעם צאָרן פון דער קירכע און פון אלע פרומאקעס. ער איז כמעט ווי אין חרם אַריינגעלייגט געוואָרען. ער האָט אויך אטאַ־קירט דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, ווען ער איז געווען פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען. די צוויי זאַכען האָבען געשאַפען אזא ביטערען פאָראורטייל געגען אים, אַז ביז היינטיגען טאָג ווערט ער כמעט איגנאָ־רירט.

*) עס ווערט דערציילט, אַז דער פאַרלאַג וואָס האָט אַרויסגעגעבען „קאמאָן סענס“ האָט נאָך אַריינגעשיקט טאָמאַס פּעין׳ען אַ חשבון, אַז ער איז שולדיג 30 פונט פאר קאָפּיעס, וואָס פּעין האָט גענומען פאנאנדער־צוטיילען צווישען זיינע פערזענליכע פריינט.

18.

# די „דעקלערײשאָן אָװ אינדעפּענדענס“

די ערשטע קאָלאָניע װאָס איז אַרויסגעטראָטען פאַר אומאָפּ־הענגיגקײט איז געװען נאָרט קאַראָליינאַ. אין מאָנאַט פעברואַר, 1776, איז דאָרטען פאָרגעקומען אַ בלוטיגער צוזאַמענשטויס צװי־שען אַן אַרמײ פון רעװאָלוציאָנערען און אַן אַרמײ פון לאָיאַליסטען. די רעװאָלוציאָנערען האָבען געהאַט אַ פאָלשטענדיגען זיג. קורץ נאָך דער שלאַכט איז אָנגעקומען אין האַפען אַן ענגלישע אַרמײ פון צװײ טױזענט מאַן. די אַרמײ האָט אָבער ניט געװאָגט צו לאַנדען. די פּאַסירונג האָט געשאַפען אַ פײערדיגע רעװאָלוציאָנערע שטימונג אין דער קאָלאָניע. אַ נײע רעװאָלוציאָנערע רעגירונג איז גלײך דאָרטען אָרגאַניזירט געװאָרען. און די רעגירונג האָט אַם דעם 12טען אַפּריל אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, װעלכע האָט באַפאָלמעכ־טיגט די דעלעגאַטען פון דער קאָלאָניע בײם קאָנגרעס אין פילאַ־דעלפיא צו שטימען פאַר אומאָפּהענגיגקײט.

נאָך נאָרט קאַראָליינאַ איז געקומען װירדזשיניאַ מיט אַזאַ רע־זאָלוציע. זי האָט אין די װינטער מאָנאַטען געהאַט נאָך אַ פיל טרויעריגערע ערפאַרונג װי נאָרט קאַראָליינאַ. אין דעצעמבער איז דאָרטען פאָרגעקומען אַ שלאַכט צװישען רעװאָלוציאָנערער מיליץ און לאָיאַלע סאָלדאַטען אונטער דער פירערשאַפט פון גאָװערנאָר דאַנמאָר. די רעװאָלוציאָנערען האָבען געזיגט און דער גאָװערנאָר האָט געמוזט אַנטלױפען אױף אַן ענגלישער שיף אין דעם האַפען פון נאָרפאָלק. די האַפען־שטאָט איז דאַן געװען די װיכטיגסטע אין דער קאָלאָניע. זי האָט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון נײן טױ־זענט. דעם ערשטען יאַנואַר, 1776, האָט דער גאָװערנאָר באָמ־באַרדירט די שטאָט און זי אונטערגעצונדען. דרײ מעת לעת האָט

דער פייער געבושעווועט און פון דער שטאט איז קיין זכר ניט גע־בליבען. די גאנצע באפעלקערונג איז אין מיטען ווינטער געבליבען אן א דאך איבער'ן קאפּ.

די גרויזאמע אטאקע האט פון פיל טויזענטער לאיאלע קאלא־ניסטען אין ווירדזשיניא געמאכט פייערדיגע רעוואלוציאנערען. די רעוואלוציאנערע שטימונג האט דערגרייכט אזוי ווייט, אז א קאנ־ווענשאן איז פאררופען געווארען צו באשטימען די פראגע וועגען אפּרייסען זיך אינגאנצען פון ענגלאנד. דעם 14טען מאי האט די קאנווענשאן איינשטימיג באשלאסען צו אינסטרואירען די דעלע־גאטען פון דער קאלאניע ביים קאנגרעס זיי זאלען מאכען א פאר־שלאג אז די קאלאניעס זאלען זיך ערקלערען פאר פרייע און אומ־אפּהענגיגע שטאטען. די ווירדזשיניער רעזאלוציע איז געווען מער באשטימט, מער אויסגעשפּראכען, ווי די רעזאלוצע פון נארט קא־ראליינא. דערפאר קריגט ווירדזשיניא אין דער געשיכטע די אנער־קענונג, אז זי איז געווען די ערשטע קאלאניע, וואס האט רעקאמענ־דירט צום קאנגרעס פאלשטענדיגע אומאפּהענגיגקייט.

אין פארלויף פון מאנאט מאי זיינען ענליכע רעזאלוציעס אנ־גענומען געווארען ביי אסיפות אין פיל שטעט און שטעטלאך אין מאסאטשוסעטס און ראד איילענד. א זייער שארפע רעזאלוציע איז צום קאנגרעס צוגעשיקט געווארען פון באסטאן.

דעם 17טען יוני האט ריטשארד הענרי ליע, איינער פון די ווירדזשיניער דעלעגאטען, דורכגעפירט די אינסטרוקציע פון זיין קאלאניע און האט פארגעשלאגען פאר'ן קאנגרעס א רעזאלוציע, אז די „פאראייניגטע קאלאניעס זיינען און דארפען מיט רעכט זיין פרייע און אומאפּהענגיגע שטאטען; אז זיי האבען ניט מער קיין פליכטען צום ענגלישען טראן און אז אלע פאליטישע פארבינדונגען צווישען די קאלאניעס און ענגלאנד זיינען אינגאנצען אפּגעשאפט".

דער פארשלאג איז אונטערשטיצט געווארען פון דזשאן אדעמס פון מאסאטשוסעטס. א דעבאטע האט זיך באלד פאנאנדערגעפלא־קערט. זי האט אנגעהאלטען עטליכע טעג. די הויפּט געגנער פון דעם פארשלאג זיינען געווען דיקינסאן און ווילסאן פון פענסיל־

ווירגיניא און ליווינגסטאָן פון ניו יאָרק. אין פאַרלויף פון דער דע־באַטע איז קלאָר געוואָרען, אַז אַ גרויסע מאַיאָריטעט פון די דעלע־גאַטען זיינען גרייט דעם פאָרשלאַג צו שטיצען. דאָך איז באַשלאָ־סען געוואָרען אָפּצולייגען די פראַגע אויף דריי וואָכען צייט, אום צו געבען די איבעריגע קאָלאָניעס אַ געלעגענהייט אויסצודריקען זייערע מיינונגען. עס איז אָבער אין דערזעלבער צייט באַשטימט געוואָרען אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל אין פאַרלויף פון די דריי וואָכען אויפשרייבען אַ דעקלאַראַציע, אַן ערקלערונג פאַר דער וועלט, וועלכע זאָל באַגרינדען דעם באַשלוס פון די קאָלאָניעס זיך אָפּצו־רייסען פון ענגלאַנד. אין דער קאָמיטע זיינען אַריין די פאָלגענדע דעלעגאַטען: ראָבערט שערמאָן פון קאָנעטיקוט, ראָבערט ליווינג־סטאָן פון ניו יאָרק, בענדזשאַמין פרענקלין פון פענסילווייניא, דזשאָן עדעמס פון מאַסאַטשוסעטס און טאָמאַס דזשעפערסאָן פון ווירדזשיניאַ. די קאָמיטע איז אויסגעקליבען געוואָרען דורך אַ באַ־לאָט און די גרעסטע צאָל שטימען האָט באַקומען טאָמאַס דזשע־פערסאָן.

די קאָמיטע האָט אָנפאַרטרויט דזשעפערסאָנען די אַרבייט פון אויפשרייבען די ערקלערונג *). ער איז געווען איינער פון די יינג־סטע דעלעגאַטען, אינגאַנצען 33 יאָר אַלט. אין קאָנגרעס איז ער דעמאָלט נאָך געווען אַ קורצע צייט, פיל ווייניגער ווי די איבעריגע מיטגלידער פון דער קאָמיטע, אָבער ער האָט זיך ערוואָרבען אַ גרויסען נאָמען פאַר זיין בילדונג און טאַלאַנט אַלס שרייבער. ער איז באמת געווען אַ העכסט געבילדעטער מענש, איז געווען גרינד־ליך באַקאַנט מיט דער פילאָזאָפישער ליטעראַטור פון פראַנקרייך.

*) אין אַ פּריוואַטען בריף וואָס דזשאָן עדעמס האָט מיט עטליכע און פערציג יאָר שפּעטער געשריבען צו זיינעם אַ פריינט דערציילט ער דאָס פאָלגענדע: „די קאָמיטע האָט זיך פאַרזאַמעלט. דזשעפערסאָן האָט פאָרגעשלאָגען, אַז איך זאָל שרייבען די ערקלערונג“. איך האָב געזאָגט: „איך וויל ניט, איר דאַרפט דאָס טאָן“. האָט ער געענטפערט: „אָה ניין, פאַרוואָס ניט איר?“ „פאַר אַ סך אורזאַכען“. „וואָס זיינען די אורזאַכען?“ „די ערשטע אורזאַכע איז — וואָס איר זייט פון ווירדזשיניא, און אַ ווירדזשיניער מוז שטיין בראש פון דער גאַנצער אַנגעלעגענהייט. די צווייטע אורזאַך איז — מיך האָט מען ניט ליב. איך בין ניט פּאָפּולער. די דריטע אורזאַך — איר קענט שרייבען צען מאָל בעסער ווי איך.“

האט געהאט פעסטע איבערצייגונגען אן פאליטישע און עקאנאמישע פראגען. ער איז געווען באגייסטערט פאר די פראגרעסיווע געדאנקען פון די נייע פראנצויזישע פילאזאפען וועגען גלייכהייט און פרייהייט און וועגען „די רעכט פון מענשען“. טייל היסטאריקער פארצייכענען נאך א מעלה וואס דזשעפערסאן האט געהאט לגבי די אנדערע דעלעגאטען. ער איז ניט געווען קיין רעדנער און דערפאר האט ער זעלטען דעבאטירט אין קאנגרעס און האט ווייניג געלעגענהייטען געהאט צו קריגען זיך מיט געגנער און זיי אויפצורייצען געגען זיך. כמעט אלע האבען צו אים געהאט דעם פולסטען צוטרויען און דעם העכסטען רעספעקט.

אין די דריי וואכען האבען כמעט אלע איבעריגע קאלאניעס גענומען א שטעלונג פאר אומאפהענגיגקייט. דעם 14טען יוני האט קאנעטיקוט אנגענומען א רעזאלוציע. דעם 15טען יוני האט ניו העמשיר נאכגעטאן איר ביישפיל. אין ניו דזשערזי איז געווען א היבש ביסעל שוועריגקייט. דער דארטיגער גאווערנאר איז געווען וויליאם פרענקלין, בענדזשאמין פרענקלין'ס א זון; און ער האט אנגעפירט א הייסען קאמף, אז די קאלאניעס זאלען בלייבען געטריי צו ענגלאנד. דעם 16טען יוני האט זיך די ניו דזשערזי'ער אסעמבלי אנטזאגט דעם גאווערנאר צו פאלגען. האט ער די אסעמבלי פאנאנדערגעלאזען. די רעוואלוציאנערען האבען גלייך צונויפגערופען א קאנפערענץ, געגרינדעט אן אייגענע רעגירונג און אויסגעוויילט נייע רעוואלוציאנערע דעלעגאטען צום קאנגרעס. דעם לאיאלען גאווערנאר פרענקלין האבען זיי ארעסטירט. אפילו פענסילוויניא, דעלעווער און מערילענד האבען דורכגעפירט רעזאלוציעס צו באפאלמעכטיגען זייערע דעלעגאטען צו שטימען פאר אומאפהענגיגקייט. די איינציגע אויסנאם איז געווען ניו יארק.

די לאגע אין ניו יארק איז געווען אן אויסערגעוויינליכע. ניו יארק איז געשטאנען אין דער גרעסטער סכנה אטאקירט צו ווערען פון די ענגלענדער פון ים און פון דער יבשה. דער האפען איז געווען אפען און אומבאשיצט געגען אן אנפאל פון דער ענגלישער פלאטע. די ענגלענדער האבען אויך לייכט געקענט אראפשיקען אן ארמיי פון קענעדע אדער אויפרייצען די אינדיאנער ביים גרענעץ. די ניו

יאָרקער האָבען זיך געשראָקען. עס האָט זיי דאָריבער גענומען ליינגער צו באַשליסען אַרויסצוטרעטען אָפען פאַר אַ רעוואָלוציע, ווי די איבעריגע קאָלאָניעס.

דעם ערשטען יולי האָט דער קאָנגרעס ווידער אויפגענומען ליע'ס פאָרשלאָג. אַזוי ווי ליע איז יענעם טאָג ביי דער זיצונג ניט געווען האָט דזשאָן עדעמס געהאַלטען די פאַרטיידיגונגס רעדע. געענטפערט אים האָט דיקינסאָן. קיינע פון די רעדעס אין דער וויכטיגער דעבאַטע איז ניט פאַרשריבען געוואָרען. אָבער פון די מיינונגען וואָס זיינען אויסגעדריקט געוואָרען פון די וואָס זיינען ביי יענער זיצונג געווען איז קלאָר, אַז עדעמס'עס רעדע איז געווען אַ מייסטערווערק.

דעמזעלבען טאָג וואָס די פראַגע איז דעבאַטירט געוואָרען אין קאָנגרעס איז אַ פלאָטע פון איבער הונדערט שיפען מיט ענגלישע סאָלדאַטען צוגעפאָרען צו ניו יאָרק און פון וואַשינגטאָן'ען איז אָנגעקומען אַ באַריכט צום קאָנגרעס, אַז ער ריכט זיך אויף אַן אַטאַקע און אַז אין פאַל דאָס וועט געשען וועט ער קיין אַנדער ברירה ניט האָבען ווי צוריקציען זיך. די נייעס האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג. „אַזוינע אַרגומענטען, שרייבט ענגלישער היסטאָריקער, געווינען אַ סך שטימען ביי אַנגלאָ־זאַקסען“. ענגלענדער, הייסט עס, ווערען פעסטער, בראַווער, מער איינגע'עקשנ'ט ווען מען סטראַשעט זיי מיט אַן אַטאַקע.

ביי דער ערשטער אָפּשטימונג האָבען בלויז ניין קאָלאָניעס געשטימט פאַר'ן פאָרשלאָג. די ניו יאָרקער דעלעגאַטען האָבען ניט געשטימט, ערקלערענדיג אַז זיי האָבען ניט קיין אינסטרוקציעס פון דער קאָלאָניע ווי אַזוי צו שטימען. פון די דריי דעלעגאַטען פון דעלעווער האָט איינער געפעלט איינער האָט געשטימט דאַפיר, און איינער געגען. פענסילווייניא האָט געשטימט געגען (פיר שטימען געגען דריי), סאַוט קאַראָליינא האָט געשטימט געגען. די איבעריגע ניין האָבען געשטימט דערפאַר. די רעזאָלוציע איז אַלזאָ דורכגעגאַנגען מיט אַ מאַיאָריטעט פון צוויי דריטעל.

אויף מאָרגען איז דער פאָרשלאָג פאָרמעל געשטימט געוואָרען. און דאָס מאָל האָבען שוין צוועלף קאָלאָניעס געשטימט דער־

פאר. *) די איינציגע אויסנאם איז געווען ניו יארק. אירע דעלעגאטען האבען זיך אינגאנצען צוריקגעהאלטען פון שטימען. דער קאנגרעס האט דאן גענומען פארהאנדלען דזשעפערסאנ'ס דעקלאריישאן אוו אינדעפענדענס" (די דעקלאראציע פון אומאפהענגיגקייט). צוויי טעג איז דער דאקומענט גענוי דיסקוטירט געווארען. עס זיינען אין אים געמאכט געווארען געוויסע ענדערונגען. און דעם פערטען יולי איז ער ענדליך גוטגעהייסען געווארען פון קאנגרעס. ניו יארק האט געגעבן איר צושטימונג דעם 9טען יולי, און זי האט די געלעגענהייט געפייערט דערמיט, וואס זי האט ארונטערגעשלעפט א פראכטפולע סטאטוע פון קעניג געארג דעם דריטען, וואס איז געשטאנען נעבען דער בעטערי, און זי צושמאלצען אויף קוילען פאר דער רעוואלוציאנערער ארמיי.**).

דאס אנקומען פון דער ענגלישער פלאטע אין ניו יארקער האפען האט געבראכט די נייע שטעלונג פון די ניו יארקער דעלעגאטען און פון דער גאנצער ניו יארקער קאלאניע.

---

*) דיקינסאן און מאריס האבען זיך צוריקגעהאלטען פון שטימען. דאס האט געגעבען א מאיאריטעט פון דער פענסילווייניער דעלעגאציע פאר דער רעזאלוציע. איין דעלעגאט פון דעלעווער וועלכער האט מיט א טאג פריער געפעלט איז געקומען שטימען דערפאר. סאוט קאראליינא האט זיך איבערנאכט איבערגעקוליעט.

**) בשעת די דעקלעריישאן אוו אינדעפענדענס איז אנגענומען געווארען אין קאנגרעס, איז קיינעם ניט איינגעפאלען, אז די דעלעגאטען דארפען זיך אויף איר אונטערשרייבען. זי איז אפגעדרוקט געווארען אין דער נאכט פון יולי דעם פערטען און איז פאנאנדערגעשיקט געווארען צו די סטייט רעגירונגען, צו די רעוואלוציאנערע קאמיטעס, צו דער ארמיי, אלס א באשלוס פון דעם קאנגרעס, אן אונטערשריפטען פון נעמען. ערשט אין צוויי וואכען ארום, דעם 19טען יולי, האט דער קאנגרעס דורכגעפירט א באשלוס, אז א ספעציעלע קאפיע פון דער דעקלעריישאן זאל אויפגעשריבען ווערען אויף פארמעט און אז יעדער מיטגליד פון קאנגרעס זאל זיך אויף איר חתמ'ענען. געטאן האט מען עס אלס א מיטעל אויסצוגעפינען אויב אין קאנגרעס זיינען ניט פאראן פאררעטער אדער שפיאנען. ניט אלע וואס האבען געשטימט פאר דער „דעקלעריישאן" האבען זיך אויף איר אונטערגעשריבען, און ניט אלע וואס זיינען אויף איר אונטערגעשריבען האבען פאר איר געשטימט. צווישען די אונטערגעשריבענע זיינען דא אזוינע, וועלכע זיינען גארניט אנוועזענד געווען ביי דער זיצונג פון דעם פערטען יולי. אייניגע פון די אונטערגעשריבענע האבען ביי יענער זיצונג געשטימט געגען אפרייסען זיך פון ענגלאנד. די אונטערשריפטען זיינען געזאמעלט געווארען אין פארלויף פון אייניגע מא־

די „דעקלערײשאָן אָוו אינדעפּענדענס“ קען אײנגעטײלט װערען אין דרײ טײלען: דער ערשטער טײל איז אַ פּרינציפּען־ערקלערונג װעגען די רעכט פֿון דעם אײנצעלנעם אין דער געזעלשאַפֿט, װעגען די אױפֿגאַבען פֿון רעגירונגען און װעגען דעם רעכט פֿון אַ פֿאָלק אַרונטערצװאַרפֿען אַן עקזיסטירענדע רעגירונג און שאַפֿען אַ נײע. דער צװײטער טײל רעכענט אױס אַלע קריװדעס װאָס די קאָלאָניעס האָבען געהאַט געגען דעם ענגלישען קעניג און פֿאַרדאַמט דעם ענגלישען קעניג אַלס טיראַן. דער דריטער טײל איז אַן ערקלערונג װעגען דער שטעלונג פֿון די קאָלאָניעס צו ענגלאַנד. די ערקלערונג זאָגט, אַז די קאָלאָניעס װערען איצטער פֿרײ און אומאָפּהענגיג, אַז זײ נעמען זיך דאָס פֿולע רעכט אַלײן צו פֿאַרװאַלטען זײערע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אַנגעלעגענהײטען, און אַז זײ פֿאַרפּליכטען זיך צו קעמפֿען דערפֿאַר מיט זײערע לעבענס, פֿאַרמעגענס און כבוד.

די „דעקלערײשאָן אָוו אינדעפּענדענס“ איז אײנער פֿון די באַרימסטע פּאָליטישע דאָקומענטען אין דער געשיכטע פֿון דער װעלט. „דאָס אַמעריקאַנער פֿאָלק האָט אים אױפֿגענומען װי אַ געטליכען באַפֿעל“, שרײבט אײנער פֿון די דעלעגאַטען פֿון דעם קאָנגרעס. „דזשעפֿערסאָן האָט אין דעם „דעקלערײשאָן“ אַרײנגעבלאָזען די נשמה פֿון דעם גאַנצען קאָנטינענט“, האָט ערקלערט אַ צװײטער דעלעגאַט. אין יעדער קאָלאָניע, אָדער װי מען האָט זי איצט גערופֿען — סטײט, װאו מען האָט די „דעקלערײשאָן“ פֿאַרעפֿענטליכט, האָט זי אַרױסגערופֿען די גרעסטע באַגײסטערונג. אין מאַסאַטשוסעטס איז זי פֿאַרגעלעזען געװאָרען אין יעדער קירכע, און איז אַרײנגעשריבען געװאָרען אין די פּנקס'ן פֿון יעדער שטאָט. דער פֿערטער יולי איז געװאָרען דער ערשטער נאַציאָנאַלער יום־

נאַטען, פֿון דעם 12טען אױגוסט ביז ענדע יאָר 1776. די פֿאַקטען זײנען אינטערעסאַנט, װײל דער אַלגעמײנער אײנדרוק איז, אַז די דעקלערײשאָן איז אונטערגעשריבען געװאָרען דעם פֿערטען יולי, און װײל די קינדסקינדער פֿון די אונטערשרײבער האַלטען זיך פֿאַר די גרעסטע יחסנים אין לאַנד. זײערע עלטער־זײדעס, הײסט דאָס, זײנען געװען די הײסטע און פֿײערדיגסטע פּאַטריאָטען. דער פֿאַקט, אַז די נעמען זײנען אונטערגעשריבען אױף דעם דאָקומענט באַװײזט אין דער אמת'ן גאָרנים.

טוב פון דער ניי־געבארענער אמעריקאנער נאציע. מיט דער צייט איז געווארען א מנהג, אז ביי דער פייערונג פון דעם יום־טוב זאל די „דעקלערייטשאן אוו אינדעפענדענס“ פארגעלעזען ווערען. דער מנהג איז פארבליבען אזוי ווי א געזעץ ביז היינטיגען טאג. די „דעקלערייטשאן אוו אינדעפענדענס“ איז שוין דורך דעם אליין באקאנט צו יעדען אמעריקאנער. מען קען זאגען, אז יעדער אמע־ריקאנער געבארענער ווערט אויפגעהאדעוועט מיט דער „דעקלע־רייטשאן אוו אינדעפענדענס“.

און ניט בלויז אין אמעריקא האט זי אזא טיפען איינדרוק געמאכט. זי האט ארויסגערופען באגייסטערונג אויך אין איירא‌פא, איבערהויפט אין פראנקרייך. עס איז א סברה, אז זי האט פיל ביי־געשטייערט צו וועקען דעם פראנצויזישען פאלק צו דער רעוואלו־ציע פון 1789.

דער רעוואלוציאנערער דור איז באגייסטערט געווען פאר דעם גאנצען דאקומענט. פאר אים איז יעדער ווארט אין דער דעקלא־ראציע געווען א לעבעדיגער פאקט. אבער די שפעטערדיגע דורות האבען אין די צוויי לעצטע טיילען פון דעם דאקומענט קיין גרויסען אינטערעס ניט געקענט געפינען. פאר זיי איז די טיראנישע האנדלונג פון ענגלאנד שוין געווען א טויטע זאך. פאר זיי איז דער דאקומענט געבליבען א קוואל פון לעבעדיגער באגייסטערונג בלויז צוליב די ערהאבענע געדאנקען וואס ווערען אויסגעדריקט אין דעם ערשטען טייל. די געדאנקען זיינען געבליבען אן אידעאל, פון וועלכע די מענשהייט שטייט היינט נאך פילייכט ווייטער אפגע־רוקט ווי אין דער צייט פון דער רעוואלוציע. די געדאנקען בא־גייסטערען די גרויסע מאסען פון דעם אמעריקאנער פאלק היינט פונקט אזוי ווי דעמאלט, ווייל זיי זיינען די עסענץ פון די גרויסע מענשליכע חלומות און שטרעבונגען אין אלע צייטען.

אט זיינען איינינע פון די אידייען וואס די „דעקלערייטשאן“ פראקלאמירט אין די ערשטע פאראגראפען: אלע מענשען ווערען געבארען גלייכע; אלע מענשען באזיצען רעכט, וואס קענען פון זיי ניט אפגענומען ווערען. צווישען די דאזיגע רעכט זיינען: דאס רעכט אויף לעבען, דאס רעכט אויף פרייהייט, דאס רעכט אויף

גליק. רעגירונגען ווערען געגרינדעט כדי צו זיכער מאכען די דאזיגע רעכט פאר אלע מענשען. ווען א רעגירונג פארפעלט דאס צו טאן, האט דאס פאלק א רעכט זי אומצואווארפען, זי אפּצושאפען און גרינדען אן אנדער רעגירונג אויף איר פּלאץ.

אט דער טייל פון דעם דאקומענט, וועלכער פּראקלאמירט אבסאלוטע גלייכהייט און פרייהייט פאר אלע מענשען און דאס רעכט צו מאכען רעוואלוציעס, האט די „דעקלערײשאן“ באליבט געמאכט ביי די גרויסע מאסען פון אלע לענדער און זי פאראייביגט אין די הערצער פון אמעריקאנישען פאלק.

קיין אטאקעס און קריטיקען אויף דע ר„דעקלערײשאן און אינדעפּענדענס“ האבען ניט געפעלט. עס האבען זי אטאקירט געגנער פון אמעריקאנער אומאפּהענגיגקייט אין אמעריקא און אין ענגלאנד. עס האבען זי אויך קריטיקירט הייסע אמעריקאנער פּאטריאטען. עס פארשטייט זיך, אז די אורזאכען און מאטיווען פון די קריטיקען זיינען געווען פארשידענע. טייל האבען געזוכט צו באווייזען, אז די „דעקלערײשאן“ איבערטרייבט שטארק די עולות פון ענגלאנד געגען אמעריקא. אנדערע האבען גע׳טענה׳ט, אז ווען אפילו די אויסגערעכענטע עולות וואלטען ווירקליך עקזיסטירט, זיינען זיי נאך אלץ ניט געווען קיין גענוגענדער גרונד צו באצייכענען דעם ענגלישען קעניג אלס טיראן. אזוינע עולות זיינען ניט קיין טיראנישע. אנדערע ווידער האבען חוזק געמאכט פון די שיינע פּרינציפּען וועגען גלייכהייט פון אלע מענשען וואס ווערען אין דער „דעקלערײשאן“ אויסגעדריקט. זיי האבען אנגעוויזען, אז אין א לאנד, אין וועלכער עס עקזיסטירט נעגער־שקלאפעריי, האט מען קיין מאראלע רעכט ניט צו דרש׳ענען וועגען גלייכהייט פאר אלע מענשען. דזשעפערסאן אליין, דער פארפאסער פון דער „דעקלערײשאן“, האט געהאלטען שקלאפען בשעת ער האט דעם דאקומענט געשריבען.

די קריטיק פון דעם אנדערען צד, דעם פּאטריאטישען, איז אויפ׳ן גרונד פון דעם ליטערעריש פילאזאפישען ווערט פון דער דעקלאראציע. דזשאן עדעמס, צום ביישפּיל, פארגינט ניט דזשעפערסאנ׳ען דעם גרויסען כבוד וואס ער האט באקומען, און ער ווייזט אן, אז אין דער „דעקלערײשאן“ איז ניטא קיין איין אריגי־

נעלער געדאנק, אז דזשעפערסאן האט בלויז אנגעשריבען דאס, וואס ער האט זיך אין פארלויף פון יארען אנגעהערט און אנגעלעזען אין פארבינדונג מיט רעוואלוציאנערער אגיטאציע. אנדערע קריטיקירען דעם סטיל. די שפראך איז ניט ליטעראריש גענוג. די זאצען און פאראגראפען זיינען צופיל צוצויגען; עס איז אין זיי צו פיל אנגערעדט. אנדערע ווילען האבען, אז די פילאזאפישע געדאנקען וועגען פרייהייט און רעוואלוציע זיינען ניט שטרייננ אויסגעהאלטען, ניט אמת פון א ריין פילאזאפישען שטאנדפונקט.

די אלע טענות געגען דער „דעקלעריישאן" לאזען זיך דעבאטירען. און א גאנץ היבשע ליטעראטור איז טאקע וועגען דעם שוין אנגעשריבען געווארען. דעם בעסטען ענטפער אויף די אלע אטאקעס גיט פראפעסאר טיילאר אין זיין גרויסען ווערק „די ליטעראריש געשיכטע פון דער אמעריקאנער רעוואלוציע". אט וואס ער שרייבט: „מיר דארפען אין זינען האבען, אז דאס וואס מיר רופען קריטיק איז ניט די איינציגע מאס צו באשטימען דאס ווערט פון א שריט, וואס האט א פראקטישען אינטערעס פאר דער מענשהייט. עס איז דא נאך א מאס: וואס פאר א נוצען, וואס פאר א דינסט האט דער שריט געבראכט דער מענשהייט? אונטער וואס פאר א באדינגונגען און אויף ווי לאנג? קיין שריט, וואס איז ניט געזונט און אמת, קען ניט אויסהאלטען אט די פראבע. און די „דעקלעריישאן אוו אינדעפענדענס" האט זיך ניט וואס צו שרעקען פאר אט דער פראבע. קיין פאלקס־דאקומענט האט נאך קיינמאל ניט אזוי פאלשטענדיג באפרידיגט דעם גוואלדיגען צוועק, צוליב וועלכען ער איז געשאפען געווארען, ווי די „דעקלעריישאן אוו אינדעפענדענס". פון איין עק לאנד צום צווייטען, אזוי שנעל ווי עס איז נאר מעגליך געווען זי צו פארשפרייטען צווישען פאלק, איז זי, פריוואט און עפענטליך, באגריסט געווארען מיט יעדען אויסדרוק פון צושטימונג און פון פרייד. זי האט אויפגעמונטערט די פריינט פון דער רעוואלוציע, זיי דערמוטיגט אין זייער גרויסער אונטערנעמונג ביז זייער א הויכען גראד. נאך מער, אין די 125 יאר פון נאך דער רעוואלוציע, איז דער איינפלוס פון דער „דעקלעריישאן אוו אינדעפענדענס" אויף דעם פאליטישען לעבען פון אמעריקאני־

שען פאָלק געווען און איז אזוי גרויס, אז עס איז גאָרניט אָפּצושאַצען“. *)

*) צווישען אַמעריקאַנעם פאָלק איז פאַרשפּרייט אַ לעגענדע, אַז דעם פערטען יולי, גלייך נאָכדעם ווי די דעקלערײשאָן אָוו אינדעפּענדענס איז אָנגענומען געוואָרען אין קאָנגרעס, האָט מען גענומען קלינגען דעם גלאָק וואָס איז געהאַנגען אויף דעם טורעם פון דער שטאַט־הויז אין פילאַדעלפיע, וואו דער קאָנגרעס איז געזעסען. מען האָט אים געקלונגען לכבוד די גרויסע פאַסירונג אַזוי שטאַרק און אַזוי לאַנג, ביז וואַנען ער איז צושפּאָלטען געוואָרען. דער גלאָק איז פאַרבליבען אַלס אַ זכר פון דער רעוואָלוציע. ער געפינט זיך ביז היינטיגען טאָג אין פילאַדעלפיע, און טראָגט דעם נאָמען „די ליבערטי בעל“ (דער פרייהייטס־גלאָק).

מאָדערנע היסטאָריקער דערקלערען, דאַס די געשיכטע מיט'ן „ליבערטי בעל“ איז ניט מער ווי אַ לעגענדע. אפשר איז אין דעם טורעם פון דער שטאַטס־הויז געהאַנגען דעמאָלט אַ גלאָק. עס ווערט אָבער ערגעץ ניט דערמאָנט, אַז מען האָט דעם גלאָק געקלונגען, אָדער אַ עס זיינען איבערהויפּט געמאַכט געוואָרען אירגענד וועלכע פאַראַדען אָדער דעמאָנסטראַציעס ביים אָננעמען פון דער דעקלערײשאָן אָוו אינדעפּענדענס. צום ערשטען מאָל ווערט די לעגענדע דערציילט אין אַ בוך, וואָס אַ געוועזער דזשאָרדזש ליפּערט האָט געשריבען פופציג יאָר נאָך דער רעוואָלוציע. דער בוך רופט זיך „לעגענדען פון דער רעוואָלוציע“, און ער איז פול מיט אויסגעטראַכטע מעשות. דער שרייבער, דזשאָרדזש ליפּערט, איז ניט געווען קיין היסטאָריקער. ער האָט זיין קאַריערע אָנגעפאַנגען מיט שרייבען ראָמאַנען. שפּעטער האָט ער זיך גענומען צו היסטאָריע. אָבער די היסטאָריע זיינע איז געווען ניט ווייניגער אויסגעטראַכט ווי זיינע ראָמאַנען. דער שרייבער ליפּערט איז שוין לאַנג פאַרגעסען געוואָרען. זיינע ביכער לייענט איצטער קיינער ניט, כאָטש ביים לעבען איז ער געווען זייער פּאָפּולער. די „ליבערטי בעל“ לעגענדע איז אָבער פאַרבליבען. זי איז אַריין אין דער געשיכטע. ביז די לעצטע צייט האָבען מאַנכע פון די אנערקענטסטע היסטאָריקער געגלויבט, אַז די מעשה איז אמת.

ניט דזשעפערסאָן און ניט דער קאָנגרעס האָבען באַטראַכט די דעקלערײשאָן אָוו אינדעפּענדענס פאַר אַ וויכטיגען דאָקומענט. וויכטיג איז געווען בלויז דער באַשלוס פון דעם צווייטען יולי, אַז אַמעריקא ערקלערט זיך אומאָפּהענגיג פון ענגלאַנד. די באַגרינדונג אָבער וואָס דזשעפערסאָן האָט אָנגעגעבען אין דער דעקלערײשאָן איז באַטראַכט געוואָרען אַלס אַ שטיק פּראָפּאַגאַנדע. פיל דעלעגאַטען פון קאָנגרעס זיינען געווען געגען די ערקלערונגען אין דעם דאָקומענט. די דעבאַטע איבער אים איז געווען אַ שאַרפע און אַ ביטערע, און דזשעפערסאָן האָט זיך וועגען דעם שטאַרק געערגערט.

פאַר די נעקסטע פופציג יאָר האָט קיינער אין לאַנד ניט באַטראַכט די דעקלערײשאָן אָוו אינדעפּענדענס פאַר וויכטיג. פאַר הייליג, אודאי ניט. מען האָט וועגען איר כמעט אינגאַנצען פאַרגעסען. דורך אַ צופאַל איז זי פלוצלונג אויפגעלעבט געוואָרען. דאָס האָט פאַסירט אין יאָר 1817, קורץ נאָך דער צווייטער מלחמה מיט ענגלאַנד. צוויי פאַרלעגער איז דאַן איינגעפאַלען, אַז עס וואָלט געווען אַ גוטער געשעפט אָפּצודרוקען קאָפּיעס פון דער דעקלערײשאָן און זיי פאַרקויפען. דער גרויסער עולם איז דאַן גע־

וועו פאטריאטיש געשטימט און שטארק פארביטערט געגען ענגלאנד. די ציים פאר דער אונטערנעמונג איז אלזא געווען גינסטיג. די פארלעגער האבען זייער פלאן דורכגעפירט, און אזוי ווי עס זיינען געווען צוויי קאנקורענטען אויפ'ן פעלד, האט זיך צווישען זיי אנגעפאנגען א קריגריי ווער עס האט א בעסערע און א ריכטיגערע קאפיע. דער סכסוך האט געווירקט, אז די דעקלערשייאן זאל קריגען א סך פובליסיטי.

אין 1823 איז ווידער אין דער עפענטליכקייט ארויסגעקומען א סכסוך וועגען דער דעקלעריישאן. דעם מאל צווישען דזשעפערסאנ'ען און עדעמס'ן. דזשאן עדעמס האט געמאכט געוויסע באהויפטונגען וועגען זיין בייטראג אין דער פארפאסונג פון דעם דאקומענט. דזשעפערסאן האט די באהויפטונג אפגעלייקענט. דער צווייטער סכסוך האט געווירקט נאך מער ווי דער ערשטער די דעקלעריישאן צו אדווערטייזען.

פון דאן אן וואקסט די בארימטקייט פון דער דעקלעריישאן אוו אינדעפענדענס. איצט איז דער דאקומענט א הייליגטום ביי די אמעריקאנער. דזשעפערסאן האט ביים לעבען זיך ניט פארגעשטעלט, אז ער וועט ווערען אין דער געשיכטע פון אמעריקא אומשטערבליך אלס דער פארפאסער פון דער דעקלעריישאן אוו אינדעפענדענס.

19.

# ענגלישע אַרמיי אַרויסגעטריבען פון באָסטאָן

אין אָקטאָבער, 1775, איז גענעראל גיידזש אראָפּגעזעצט געװאָרען, און די הויפּט קאָמאַנדע פון דער ענגלישער אַרמיי אין באָסטאָן איז איבערגעגעבען געװאָרען צו זיין געהילף, גענעראל האָוזינט דער שלאַכט פון באַנקער היל איז באָסטאָן געװען בּאַלאַגערט פון די אמעריקאנער. די מיליטערישע לאַגע איז געװען א מאָדנע. פאר די ענגלענדער איז שוין דאן קלאָר געװען, אַז עס איז א מיליטערישער טעות פאר זייער ארמיי צו פארבלייבען אין באָסטאָן. די שטאָט האָט קיין שום מיליטערישע באדייטונג ניט געהאט. אין ענגלאנד האָט דער קאבינעט געװאוסט, אז די סטראטעגיקע פאָדערט, אז די ענגלישע ארמיי זאָל װאָס שנעלער פארלאָזען באָסטאָן און זאָל זיך אריבערקלייבען קיין ניו יאָרק. פון ניו יאָרק װאָלט זי געקענט איר ליניע אויסשפּרייטען איבער דער ליינג פון דעם האָדסאָן און די װאסערען װאָס ציען זיך ביז קענעדע. די דאָזיגע ליניע װאָלט אָפּגעשניטען די ניו ענגלאנד קאָלאָניעס פון די איבעריגע קאָלאָניעס, און די רעװאָלוציאָנערע כחות װאָלטען צושפּאָלטען געװאָרען אויף צװיי העלפטען. װי עס װייזט אויס, האָט דער קאבינעט געלאָזט װיסען גענעראל האָו װעגען דעם פּלאן. ער האָט אָבער געענטפערט, אז ער האָט ניט די מעגליכקייטען זיך ארויסצוקלייבען פון באָסטאָן, װייל אים פעלען שיפען. ער איז אלזאָ פארבליבען דעם װינטער אין באָסטאָן.

די גרויס פון די צװיי ארמייען איז געװען אומגעפער דיזעלבע. פון אָנפאנג האָט די אמעריקאנער ארמיי געהאט 16 טויזענט סאָלדאטען. אין פארלויף פון די װינטער מאָנאטען איז אָבער די ארמיי ביסלעכװייז צוקראָכען געװאָרען. פון די 16 טויזענט זיינען פאר-

בליבען בלויז צען טויזענט. די ענגלענדער האבען געהאט אן ארמיי פון אומגעפער דיזעלבע צאל.

עס פארשטייט זיך, אז אין אלע אנדערע פרטים איז די ענגלי־שע ארמיי געווען אין א בעסערען צושטאנד ווי די אמעריקאנישע. זי איז געווען בעסער באוואפענט, בעסער דיסציפלינירט, מיט מער ערפארונג. דאך האט גענעראל האו די גאנצע צייט ניט געמאכט די קלענסטע פראבע אפצוטרייבען די אמעריקאנער און באפרייען באסטאן פון איר באלאגערטען צושטאנד. וואשינגטאן אליין האט עס ניט געקענט באגרייפען. ער האט זיין איבעראשונג אויסגע־דריקט אין די פאלגענדע שורות: „בלעטערט די בענדער פון דער געשיכטע און איך צווייפעל צי איר וועט דארטען געפינען אזא פאל ווי אונזערען. מיר האלטען א פאזיציע געגען די בעסטע רעגימענ־טען פון דער ענגלישער ארמיי מאנאטען נאכאנאנד; אין דער דא־זיגער צייט האבען מיר פאקטיש איין ארמיי פאנאנדערגעלאזען און צונויפגעשטעלט א צווייטע, בשעת דער פיינט האט זיינע רייען די גאנצע צייט פארשטארקט".

ביז היינטיגען טאג דיסקוטירען היסטאריקער אט דעם וואונ־דער. פארוואס האט גענעראל האו אזוי געהאנדעלט? טייל זיינען מיט דער מיינונג, אז ער האט סימפאטיזירט מיט די קאלאניסטען און האט קיין הארץ ניט געהאט זיי צו טשעפען. אז ער איז געווען א פריינט פון די קאלאניעס איז באוואוסט. איידער ער איז אהער געקומען אלס גענעראל, האט ער די קאלאניעס פארטיידיגט אין ענגלישען פארלאמענט.

א צווייטע מיינונג איז, אז ער האט די רעוואלוציע ניט גע־נומען ערנסט. ער האט געגלויבט, אז זי וועט זיך פון זיך אליין אויסוועבען, און אז דערפאר וועט עס זיין געזינטער פאר שפעטער די קאלאניסטען איצט צורו לאזען. ער האט געמיינט, אז וואס רוהיגער עס וועט זיין אין לאנד, וואס וויניגער מען וועט זיך שלא־גען, אלץ שנעלער וועט זיך דער רעוואלוציאנערער פייער אויס־לעשען.

א דריטע מיינונג וויל האבען, אז גענעראל האו האט אין באס־טאן אזוי געהולטאיעוועט, אז ער האט זיך אינגאנצען פארגעסען

אָן זײנע פּליכטען. ער איז געװען אַ לײדענשאַפטליכער קאָרטענ־שפּילער. אין באָסטאָן האָט ער זיך אױך לײדענשאַפטליך פאַרליבט אין אַ געװיסער מרס. לאָרינג, די פרױ פון אַ באָסטאָנער לאָיאַליסט. דעם מאַן האָט ער געגעבען אַ שטעלע אלס מעקלער צו קױפען פּראָװיאַנט פאַר דער אַרמײ, און בשעת מר. לאָרינג איז געװען פאַרנומען מיט מאַכען געלט, האָט מרס. לאָרינג אונטערהאַלטען דעם גענעראַל. זי איז געװען אַזאַ פאַרקאָכטע קאָרטען־שפּילערין װי ער. מען זאָגט אַז זי פלעגט אין אײן אָװענט קענען פאַרשפּילען פופצען הונדערט דאָלאַר. זי האָט דעם גענעראַל געהאָלפען אין זײן געמבלערײ. ער איז געװען אַזױ פאַרקאָכט אין איר, אַז ער האָט זי שפּעטער מיטגענומען אױף אַלע זײנע מיליטערישע קאַמפּאַניעס. די גאַנצע דרײ יאָר װאָס איז געװען אין אַמעריקא האָט ער געהאַט מרס. לאָרינג פאַר זײן באַגלײטערין.

װי די מעשה איז, דעם גאַנצען װינטער פון 1775 און 1776 איז באָסטאָן געװען אָפּגעשניטען פון דעם אַרומיגען לאַנד. די שטאָט האָט פון דער באַלאַגערונג שרעקליך געליטען. די ערשטע צײט איז עס ערלױבט געװען פאַר די אײנװאױנער אַרױסצופאָרען פון שטאָט אין די אַרומיגע דערפער און שטעטלאַך און דאָרטען האַנדלען. שפּעטער אָבער האָט מען זיך גענומען שרעקען פאַר רעװאָלוציאָנערע שפּיאָנען. עס האָט זיך פאַרשפּרײט אַ קלאַנג, אַז די פרײנט פון דער רעװאָלוציע פירען אַלץ אַרױס פון שטאָט און זײ פּלאַנעװען אַלײן אַרױסצופאָרען נאָכדעם װי זײ װעלען די שטאָט אױסלײדיגען, און אַז גלײך נאָכדעם װעט די רעװאָלוציאָנערע אַרמײ אָנפאַנגען די שטאָט צו באָמבאַרדירען. אַלס רעזולטאַט פון די קלאַנגען איז פאַרבאָטען געװאָרען אַרױסצופירען זאַכען פון שטאָדט. די מיליטערישע רעגירונג האָט זיך אױך אָנטזאָגט צו ערלױבען די אײנװאױנער אַרױסצופאָרען אין דער אַרומיגער געגענט.

די שטאָט האָט גענומען הונגערען. אפילו די מיליטער באַאַמטע האָבען זעלטען געקראָגען אַ גוטען מאָלצײט אָפּצועסען. די אָרימע פאַמיליעס האָבען פשוט ניט געהאַט װאָס צו עסען. אין מאָנאַט דעצעמבער איז אין שטאָדט ניט געװען קײן מעל, קײן גרינ־

סען. פון אזוינע מאכלים ווי אייער און פלייש איז געווען אפגע־רעט. אין א בריף, וואס אן איינוואוינער האט דעמאלט געשיקט, געפינט זיך די מעלדונג: „די נויט פון די סאלדאטען און איינוואוי־נער איז אזוי גרויס, אז עס איז אומעגליך זי צו שילדערען".

עס איז אויך ניט געווען קיין האלץ אויף צו הייצען. דער עולם האט שרעקליך געליטען פון קעלט. מען האט ארומגעריסען די גא־ניקעס, די טירען, די פלויטען, און דערמיט געהייצט. מען האט אויך ניט געשאנעוועט די קירכעס. יעדע שטיקעל האלץ וואס מען האט נאר געקענט דארטען אראפרייסען האט מען גענומען. דאס אלץ האט אבער ניט געקלעקט אויף אנצואווארימען די גאנצע שטאט.

דער הונגער און די קעלט האבען געבראכט דעם אומפארמייד־ליכען רעזולטאט: קראנקהייט. יעדען טאג פלעגען זיין עטליכע צענדליג לויות. מען האט אויפגעהערט צו קלינגען אין די גלאקען ביי לויות, כדי דער עולם זאל וואס ווייניגער וויסען פון דער געפאר. פון ענגלאנד איז קיין הילף ניט געקומען. אין א בריף וואס אן אפיציר האט געשריבען אהיים דערציילט ער, אז די מיליטער באַ־אמטע גיבען טעאטער פארשטעלונגען און קלייבען געלט אויף א מאסקאראד, און ער מאכט דערביי די פאלגענדע באמערקונג: „ענגלאנד האט אונז פארגעסען, זובען מיר מיטלען ווי זיך אליין אויך צו פארגעסען".

וואשינגטאן האט דעם גאנצען ווינטער געזוכט א געלעגענ־הייט צו מאכען אן אטאקע. ער האט אבער געהאט צו פיל צו טאן מיט ארגאניזירען די ארמיי, מיט איינשטעלען אביסעל דיסציפלין אין די רייען. אין מאנאט מערץ האט ער ענדליך באשלאסען אנ־צופאנגען די אטאקע. די נאכט פון 4טען מערץ, 1776, האט ער באפוילען אז אלע קאנאנען איבער דער גאנצער לייגג פון דער ליניע זאלען אנהויבען באמבארדירען באסטאן. די שיסעריי איז געווען א מיטעל אפצוציען די אויפמערקזאמקייט פון די ענגלענדער פון דעם האלב־אינזעל דארטשעסטער האיטס, וועלכער ליגט אנטקעגען באסטאן. אין דער צייט וואס דא האבען סאלדאטען באמבארדירט באסטאן, האט א טייל פון וואשינגטאנ'ס ארמיי פארנומען דאר־

טשעסטער הייטס און זיך דארטען אנגעפאנגען צו באפעסטיגען. ווען גענעראל האו האט זיך געכאפט וואס עס איז געשען, האט ער באפוילען די שיפען און די ארמיי ארויסצוטרייבען די אמעריקאנער פון זייער נייער פאזיציע. האט אבער דער מזל צוגעשפילט די אמעריקאנער. א רעגענשטורם איז פלוצלונג אנגעקומען. צוויי טעג נאכאנאנד האט עס גערעגענט און געשטורמט. די ענגלישע שיפען האבען מורא געהאט ארויסצופארען. דאס האט געגעבען וואשינגטאנ׳ען די געלעגענהייט אריבערצופירען אזוי פיל קאנאנען אויף דארטשעסטער הייטס, און אזוי דארט צו באפעסטיגען זיין ארמיי, אז האו האט געמוזט איינזען, אז זיין פארזוך ארויסצוטרייבען די אמעריקאנער פון דארטען וועט זיך ענדיגען מיט א מיאוס׳ער מפלה.

האו האט דעריבער באשלאסען צו פארלאזען באסטאן. בלייבען דארטען ווען די אמעריקאנער זיינען געשטאנען פונקט אנטקעגען אויף דארטשעסטער הייטס וואלט געהייסען שטעלען זיין ארמיי אין סכנה, ענטוועדער פארניכטעט צו ווערען אדער געפאנגען צו ווערען. ער האט צונויפגעקליבען אזוי פיל שיפען און שיפלאד, ווי ער האט נאר געקענט קריגען. ער האט געלאזט וויסען וואשינגטאנ׳ען, אז אויב די אמעריקאנער וועלען אים און זיין ארמיי ניט שטערען, וועלען זיי פארלאזען באסטאן גאנץ, און ניט אנמאכען קיין שאדען. (געוויינליך, ווען אן ארמיי פארלאזט א וויכטיגע שטאט וויסענדיג אז דער שונא וועט גלייך אהין אריינמארשירען פארניכטעט זי די שטאט). וואשינגטאן האט צוגעשטימט. דעם 17טען מערץ, 1776, האבען די ענגלענדער פארלאזען באסטאן מיטנעמענדיג ארום צוויי טויזענד לאיאלע אמעריקאנער. אפגעפארען זיינען זיי ניט קיין ניו יארק, ווי מען האט גערעכענט, נאר קיין קענעדע. האו האט ערקלערט, אז ער האט מורא געהאט צו פארען קיין לאנג איילאנד, אדער סטעטען איילאנד, טאמער וועט ער דארטען ניט קריגען גענוג שפייז פאר זיין ארמיי. דאס מערקווירדיגסטע אין האו׳ס מערקווירדיגער האנדלונג איז געווען דאס, וואס ער האט אין באסטאן איבערגעלאזען א מאסע אמוניציע, איבער 200 קאנאנען, טאנען מיט פולווער, טויזענטער ביקסען, און אנ־

דערע מיליטערישע זאכען. ער האט אויך ניט געמאכט קיין הכנות אז די טראנספארט שיפען, וועלכער ער האט ערווארט פון ענגלאנד זאלען ניט אריינפאלען אין וואשינגטאנ'ס הענט. ער האט די שיפען ניט געווארנט, אז באסטאן איז איצט א רעוואלוציאנערער האפען. אין די מיליטערישע קרייזען פון דער רעוואלוציע האט מען א לאנגע צייט נאך דער „אויסליידיזונג" פון באסטאן געטרונקען טאסטען צו גענעראל האו. זיין גאנצע האנדלונג אין באסטאן איז געווען מער ווי פון א פריינט ווי פון א פיינט.

וואשינגטאן האט אין באסטאן אריינגעשיקט א קליינע טייל פון זיין ארמיי. די איבעריגע האט ער אפגעשיקט קיין ניו יארק. ער אליין האט זיין הויפט קווארטיר אריבערגעפירט קיין ניו יארק דעם 4טען אפריל. פון דעמאלט ביז'ן סוף פון קריג זיינען די וויכטיגע מיליטערישע פאסירונגען פארגעקומען אויסער די גרעניצען פון ניו ענגלאנד. באסטאן האט פון א מיליטערישען שטאנדפונקט מער קיין ראלע ניט געשפילט אין דעם רעוואלוציאנערען קאמף.

.20

# ענגלאַנד קויפט סאָלדאַטען אין דייטשלאַנד צו אונטערדריקען די רעוואָלוציע

עס איז ענגלאַנד אַנגעקומען זייער שווער צו קריגען אַן אַרמיי צו שיקען געגען די רעוואָלוציאָנערען אין אַמעריקאַ. איר אייגענע אַרמיי איז געווען זייער קליין. זי איז באַשטאַנען אינגאַנצען פון 18 טויזענט מאַן. די רעגירונג האָט געוואָלט דינגען רעקרוטען אין סקאָטלאַנד און אין אירלאַנד, אָבער די רעזולטאַטען זיינען געווען ניט קיין גינסטיגע. גראַד איז יענעם יאָר אין אירלאַנד געווען אַ נערעטעניש אויף די פעלדער און עס האָט זיך ניט געלוינט פאַר די פויערים זיך צו פאַרדינגען פאַר סאָלדאַטען. אין סקאָטלאַנד איז יאָ געלונגען צונויפצוקלייבען עטליכע רעגימענטען, אָבער ווייט ניט אַזוי פיל ווי מען האָט געדאַרפט. עס איז געבליבען איין איינציגע ברירה: צו קויפען אָדער דינגען סאָלדאַטען אין אַנדערע לענדער.

צוערשט האָט די רעגירונג אַ שמועס געטאָן מיט רוסלאַנד. דאָרטען האָט דעמאָלט געהערשט יעקאַטערינאַ די גרויסע. דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר אין איר הויף איז געווען אירער אַ ליבלינג. ער האָט ביי איר גע'פועל'ט זי זאָל איינוויליגען צו שיקען קיין ענגלאַנד צוואַנציג טויזענט דיסציפלינירטע סאָלדאַטען. אַזוי שנעל אָבער ווי מען האָט זיך וועגען דעם דערוואוסט אין די קעניגליכע פאַלאַצען פון אייראָפּאַ האָבען זיך גענומען שיטען צו יעקאַטערינאַ'ן בקשות און פראַטעסטען געגען איר צוזאָג. איבערהויפּט האָבען פראַנקרייך און שפּאַניען געאַרבייט זי זאָל ענגלאַנד ניט העלפען. איבערגערעדט האָט זי ענדליך קעניג פרידריך דער גרויסער פון פרייסען. ער האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט געוויסע

פערזאנען אין יעקאטערינא'ס הויף, צו וועמען זי האט זיך שטענ־
דיג צוגעהערט, און זיי האבען ביי איר גע'פועל'ט זי זאל צוריקציען
איר הבטחה צו ענגלאנד. אין איר ענטפער צו דעם ענגלישען קעניג
האט זי אים גראטען ער זאל זיך באנוצען בעסער מיט פרידליכע
מיטלען און זאל זיך זען באגיין אן אן ארמיי און אן גוואלד. דער
בריף האט דעם ענגלישען קעניג זייער אויפגערעגט. אט וואס ער
האט וועגען דעם געשריבען זיין פרעמיער: דער בריף פון דער קייר
סערינע איז א קלארער אפזאג אויף מיין בקשה און איז געשריבען
אין אזא העפליכען טאן ווי מען האט פון איר געקענט ערווארטען.
זי האט ניט געהאט די איידעלקייט צו שרייבען מיט איר אייגענער
האנט. איינינע פון אירע אויסדריקען וועלען פיליכט קלינגען העפ־
ליך פאר א רוסישען אויער, אבער זיכער ניט פאר ציוויליזירטע
אויערען".

עס איז געבליבען אז מען זאל זוכען סאלדאטען אין דייטש־
לאנד. אין 18טען יארהונדערט איז דייטשלאנד געווען צוברעקעלט
אין קליינע, אומאפהענגיגע שטאטען, יעדער שטאט מיט אן אייגע־
נעם הערשער, וועלכער האט געטראגען דעם טיטעל ענטוועדער פון
קעניג, פרינץ, אדער גראף. די קליינע דייטשע קעניגרייכלאך האר
בען שטענדיג געליפערט סאלדאטען צו יעדען לאנד וואס האט בא־
צאלט א רעכטען פרייז.

דער ערשטער דייטשער הערשער וואס האט „געטאן געשעפט"
מיט ענגלאנד איז געווען קארל, דער פירשט פון בראנשווייג. ער
האט זיך אונטערגענומען צוצושטעלען פיר טויזענט סאלדאטען,
פוסגייער, און דריי הונדערט דראגונער. ענגלאנד האט געדארפט
צאלען די סאלדאטען געהאלט און דעם פירשט — 15 טויזענט
פונט א יאר. צוויי יאר נאכדעם ווי די ארמיי וועט צוריקגעבראכט
ווערען אהיים, האט דער פירשט געדארפט קריגען דאפעלט די סומע,
דאס הייסט צו 30 טויזענט פונט א יאר. כדי צונויפצוקלייבען
די צאל סאלדאטען האט דער פירשט איינגעפירט געצוואונגענע
מיליטער דינסט. מען האט אריינגעצוואונגען אין דער ארמיי וועד
מען מען האט נאר געכאפט, אלט און יונג. א סך פון זיי האבען
נאר ניט געהאט קיין כח פאר מיליטער דינסט. פיל אנדערע זייר

נען געווען שכורים, וואַגאַבונדען און אויסוואורפען. *)

א פיל גרעסערע אַרמיי האָט ענגלאַנד געקויפט ביי אַ צוויי־טען דייטשישען הערשער, גראַף קאַרל פון העסען. ער האָט זיך אונטערגענומען צוצושטעלען 12 טויזענט סאָלדאַטען און 32 קאַנאָנען. דער פּרייז איז געווען 110 טויזענט פונט אַ יאָר אין דעם גראַפ׳ס קאַסע. די צאָלונגען האָבען געדאַרפט אָנהאַלטען ביז אַ יאָר נאָכדעם ווי די אַרמיי וועט צוריקגעבראַכט ווערען אַהיים. עס פאַרשטייט זיך, אַז די הוצאות פון אויפהאַלטען און באַוואָפענען די אַרמיי האָבען געדאַרפט געדעקט ווערען פון ענגלאַנד.

אויף אַזעלכע באַדינגונגען האָט ענגלאַנד געקראָגען סאָלדאַטען אין נאָך אַ פּאָר דייטשע שטאַטען. די גאַנצע אַרמיי וואָס איז אַהער געקומען פון דייטשלאַנד איז דאָ געקרוינט געוואָרען מיט דעם נאָמען „העסיענס“, ווייל פון דעם שטאַט העסען איז געקומען די גרעסטע צאָל און דער גראַף פון העסען האָט באַקומען אַזאַ ריזיגע סומע פאַר זיינע סאָלדאַטען. דער גראַף האָט זיינע 12 טויזענט מאַן צונויפגעקליבען אויף דעמזעלבען אופן ווי זיין קאָלעגע, דער פירשט פון בראַנשווייג. ער האָט איינגעפירט אַ ספּעציעלען פּריזיוו פאַר דעם צוועק. פון יעדע פיר דערוואַקסענע מענער אין זיין שטאַט האָט איינער געמוזט דינען אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

דער מסחר מיט די דייטשע שטאַטען איז געשלאָסען געוואָרען אין די לעצטע מאָנאַטען פון 1775. ווען די נייעס וועגען דעם איז

*) דער קאָנטראַקט מיט דעם פירשט פון בראַנשווייג האָט אַנטהאַלטען די פאָלגענדע פּונקטען:

דער ענגלישער קעניג דאַרף באַצאָלען פאַר יעדען סאָלדאַט 7 פונט און 4 שילינג. דער פירשט דאַרף אויך קריגען 11 טויזענט 517 פונט אַ יאָר פאַר דער צייט וואָס די אַרמיי וועט זיין אין דינסט. נאָכדעם ווי זי וועט צוריקגעבראַכט ווערען אַהיים זאָל דער פירשט צוויי יאָר צייט קריגען דאָפּעלט די סומע. פאַר יעדען סאָלדאַט וואָס וועט דער׳הרג׳עט ווערען קריגט דער פירשט ווידער די סומע פון 7 פונט און 4 שילינג. פאַר יעדען סאָלדאַט וואָס וועט פאַרקריפּעלט ווערען זאָל דער פירשט קריגען אַ דריטעל פון דער סומע. די סאָלדאַטען מוזען באַקומען דיזעלבע שכירות און דיזעלבע שפּייז ווי די ענגלישע סאָלדאַטען.

דערזעלבער קאָנטראַקט איז געמאַכט געוואָרען מיט דעם גראַף פון העסען. דער גראַף האָט זיך אויך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט צו צווינגען דעם ענגלישען קעניג אים צו באַצאָלען אַן אַלטען חוב פון 41 טויזענט פונט.

אנגעקומען אין די קאלאניעס איז זי אויפגענומען געווארען מיט פארדרוס און אויפרעגונג. מען האט אויף די דייטשען געקוקט ווי אויף געהארכזאמע, אומוויסענדע שקלאפען. די קאלאניסטען האבען ערווארט, אז די דייטשע סאלדאטען וועלען אין די קאלאניעס אפטאן דיזעלבע בארבארייען ווי די אינדיאנער. דער ענגלישער היסטאריקער לעקי שרייבט וועגען דעם:

„ענגלאנד'ס האנדלונג, איר דינגען דייטשע סאלדאטען צו אונטערדריקען אן ענגלישע באפעלקערונג אויף יענער זייט ים — דאס האט א סוף געמאכט צו אלע האפנונגען אויף א פרידליכען אויסגלייך און האט אומפארמיידליך געמאכט די „דעקלערייישאן אוו אינדעפענדענס". די אמעריקאנער, ווידער, האבען זיך מער ניט געראכטעט שלאגען מיט דער דעה, צי זיי זאלען זיך ווענדען צו אנדערע פעלקער נאך הילף אדער ניט. ענגלאנד אליין האט זיי געוויזען דעם וועג".

ווי גרויס די ארמייען פון ביידע צדדים אין דער רעוואלוציע זיינען געווען איז אומעגליך צו באשטימען. עס איז אבער זיכער, אז אין קיין איינער פון די באדייטענדע שלאכטען האבען זיך ניט באטייליגט מער ווי צען טויזענט מאן אויף יעדען צד. די ארמייען זיינען געווען צוטיילט און זיינען געשטאנען אויף פארשידענע פונקטען. קיינמאל איז די ארמיי פון די ענגלענדער אדער די אמעריקאנער ניט געווען קאנצענטרירט אויף איין פונקט. און דערפאר וואס די ארמייען זיינען געווען אזוי צוברעקעלט און אזוי קליין איז אין פארלויף פון דעם גאנצען רעוואלוציאנערען קאמף ניט פארגעקומען קיין איין וויכטיגע מיליטערישע קאמפאניע.

וואשינגטאן איז אין באסטאן פארבליבען בלויז עטליכע וואכען. גלייך נאכדעם ווי ער האט די שטאט איינגענומען האט ער אנגעפאנגען צו טראנספארטירען די ארמיי קיין ניו יארק. ער אליין איז אנגעקומען אהין דעם 13טען אפריל. וואשינגטאן האט פארשטאנען, אז דער ערשטער שריט פון די ענגלענדער וועט זיין צו פארנעמען ניו יארק און די גאנצע ליינג פון דעם האדסאן, כדי אפצושניידען ניו ענגלאנד פון די איבעריגע קאלאניעס. און ער האט באשלאסען דעם פלאן צו צושטערען.

.21

# וואַשינגטאָן פאַרלירט אין ניו יאָרק און זיגט אין ניו דזשוירזי

וואשינגטאַנ׳ס ארמיי איז געווען קליין, שוואך און אן דיסציר פּלין. אנפאַנג יולי האָט זי געציילט ניט מער ווי אכט טויזענט מאַן. באַלד אָבער זיינען אָנגעקומען מיליץ רעגימענטען פון די אַרומיגע קאָלאָניעס: פון קאָנעטיקוט, פּענסילווייניא, דעלעווער, מערילענד און די ווייטע געגענדען פון ניו יאָרק. אין אויגוסט האָט וואשינגטאָן געהאַט אַ גרעסערע אַרמיי ווי ווען עס איז פריער אָדער ווי ווען עס איז שפּעטער אין אַלע יאָרען פון דער רעוואָלוציע — אַן ערך פון צוואַנציג טויזענט מאַן. די ענגלענדער האָבען ענדע מאַנאַט יולי אָנגעהויבען קאָנצענטרירען זייערע קרעפטען פאַר אַן אַטאַקע. גענעראַל האַו איז אָנגעקומען מיט זיין אַרמיי פון האַלי־ פאַקס, קענעדע, און זיך אָפּגעשטעלט אין סטעטאָן איילאַנד. דעם 12טען יולי איז פון ענגלאַנד אָנגעקומען אַדמיראַל האַו (גענעראַל האַו׳ס אַ ברודער) מיט אַ גרויסער פלאָטע און אַן אַרמיי פון 12 טויזענט דייטשע סאָלדאַטען. קורץ נאָכדעם האָבען זיך אַן זיי אָנ־ געשלאָסען אַרום 12 טויזענט ענגלישע סאָלדאַטען אונטער גענע־ ראַל קאָרנוואַליס, וועלכע האָבען אַטאַקירט סאַוט קאַראָליינא און זיינען דאָרט צוריקגעשטויסען געוואָרען. אַרום און אַרום האָבען די ענגלענדער געהאַט אַן אַרמיי פון איבער 30 טויזענט און אַלע זיינען זיי געווען פּראָפעסיאָנעלע סאָלדאַטען, גוט דיסציפּלינירט, גוט באַוואָפענט. האַו האָט אויך געהאַט אַ פלאָטע פון 52 קריגס שיפען.

וואַלט האַו זיין אַטאַקע געמאַכט גלייך אין יולי וואַלט העכסט

ווארשיינליך פון וואשינגטאנ'ס ארמיי קיין זכר ניט געבליבען. האו האט אבער זיין אטאקע אפגעלייגט ביז דער פערטער וואך אין אויגוסט. זיין ברודער, דער אדמיראל, האט פריער געוואלטווירקען אויף וואשינגטאנ'ען ער זאל זיך אונטערגעבען מיט גוטען.

די ענגלישע ארמיי טרייבט וואשינגטאנ'ן פון ברוקלין אריבער דעם איסט ריווער אין ניו יארק.

ער האט אים געשיקט א בריף מיט דעם אנבאט, אז די וואס וועלען זיך גלייך אונטערגעבען וועלען פון קעניג באגנאדיגט ווערען, טראץ דעם וואס לויט'ן געזעץ פארדינען זיי דעם טויט אלס רעוואלוציא־נערען. וואשינגטאן האט זיך אנטזאגט דעם בריף אפילו אנצונע־

מען, ווייל ער איז געווען אַדרעסירט צו „הער וואַשינגטאָן" און ניט צו „גענעראַל וואַשינגטאָן". ווען דער קוריער האָט אים דערקלערט מינדליך דעם אינהאַלט פון דעם בריף האָט וואַשינגטאָן געענטפערט, אַז ער, וואַשינגטאָן האָט קיין רעכט ניט ווענגן אַזוינע פראַגען צו האַנדלען און האָט געהייסען האָו'ן ער זאָל זיך ווענדען מיט זיין פאָרשלאַג צום „קאָנטינענטעל קאָנגרעס".

דערווייל האָט וואַשינגטאָן זיך צוגעגרייט צו דער אַטאַקע. ער האָט אַריינגעשיקט אַכט טויזענט פון זיינע סאָלדאַטען אין לאָנג איילאַנד, אויף דער אַנדערער זייט איסט ריווער, און זיי האָבען זיך באַפעסטיגט אויף ברוקלין הייטס. מיט די איבעריגע סאָלדאַטען האָט ער באַפעסטיגט די גאַסען פון ניו יאָרק (די גאַנצע שטאָט האָט זיך דאַן געצויגען פון דער בעטערי ביז טשעטהעם סטריט). די שטאַרקסטע באַריקאַדען האָט מען אויפגעשטעלט אויף דעם פונקט, וואו קאַנעל סטריט געפינט זיך איצטער. ער האָט אויך אויפגע־בויט צוויי פעסטונגען אויפ'ן האַדסאָן טייך, איינעם אויף דער ניו יאָרקער זייט, פאָרט וואַשינגטאָן, און איינעם אויף דער ניו דזשערזי זייט, פאָרט ליע.

דעם 22טען אויגוסט האָט גענעראַל האָו געלאַנדעט 20 טוי־זענט סאָלדאַטען אויף לאָנג איילאַנד, ביי גראַווסענד בעי. די אַמע־ריקאַנער האָבען אַרויסגעשיקט פינף טויזענט פון די באַפעסטיגטע הייטס צו באַגעגענען די ענגלישע אַרמיי. די שלאַכט איז פאָרגע־קומען דעם 27טען אויגוסט. די ענגלענדער האָבען איין פליגעל פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי אינגאַנצען פאַרניכטעט, אַ טייל אויס־גע'הרג'עט און אַ טייל געפאַנגען. דעם אַנדערען פליגעל האָבען די ענגלענדער אויך צושלאַגען, אַ טייל פון אים האָט אָבער באַווי־זען זיך צוריקציען הינטער די באַריקאַדען אויף די הייטס.

די צוויי אַמעריקאַנער גענעראַלען סאָליוואַן און סטאַירלינג, וועלכע האָבען געפירט ביידע פליגלען, זיינען אַריינגעפאַלען אין גע־פאַנגענשאַפט.

וואָלט גענעראַל האָו גלייך פאָרגעזעצט זיין אַטאַקע אויף דעם הייפעלע אַמעריקאַנער וואָס זיינען געלעגען אויף די הייטס וואָלט

אים ניט שווער אנגעקומען זיי אלע צו פאנגען. זיינע לוטענאנטען האבען אים געראטען דאס צו טאן. ער האט אבער זייער עצה ניט געפאלגט. זיין פלאן איז געווען אן אנדערער. ער האט באשלאסען צו שיקען זיין ברודער'ס פלאטע אין דעם איסט ריווער, אפצושניידען לאנג איילאנד פון ניו יארק און אומעגליך מאכען פאר די אמעריקאנער אויף די האיטס צו קריגען שטיצע פון וואשינגטאנ'ען אין ניו יארק אדער זיך צוריקציען קיין ניו יארק. ער האט געוואלט ארייננכאפען די רעוואלוציאנערען אין א פאסטקע און זיי צווינגען זיך אונטערצוגעבען אן א שלאכט. די דורכפירונג פון דעם פלאן האט ער אפגעלייגט אויפ'ן נעקסטען טאג.

אבער דא האט זיך דער שיקזאל אריינגעמישט. אין יענע יארען זיינען שיפען געווען ביי „גאט אין די הענט". זיי האבען געמוזטווארטען אויף א גינסטיגען ווינט. די נעקסטע צוויי טעג האט גערעגענט און דער ווינט האט געבלאזען פונקט אין א פארקערטער ריכטונג. די שיפען האבען ניט געקענט צושווימען צום איסט ריווער. וואשינגטאן האט זיך באנוצט מיט דעם אומגעריכטען צופאל. אויף דער צווייטער נאכט האט ער צונויפגעקליבען רודער־שיפלאך און אריבערגעפירט די סאלדאטען פון די ברוקלין האיטס קיין ניו יארק. אויף אזא אופן האט ער געראטעוועט עטליכע טויזענט מאן פון זיכערער געפאנגענשאפט.

און ווידער אמאל האט גענעראל האו געהאנדעלט אומפארשטענדליך. ער האט די געשלאגענע אמעריקאנער ניט נאכגעפאלגט. צוויי וואכען איז ער פארבליבען מיט זיין ארמיי אין לאנג איילאנד. דאן האט ער געלאנדעט אן ארמיי פון איסט ריווער ביי דער 34טער סטריט. ער האט פארנומען די מארריי היל געגענט (צווישען 35טע און 38טע סטריטען, פון פינפטע ביז זעקסטע עוועניוס). וואשינגטאנ'ס ארמיי האט זיך שוין פריער צוריקגעצויגען צום הארלעם ריווער. אן אפטיילונג פון דער ארמיי, 4 טויזנט מאן, איז אבער געקומען אין צוזאמענשטויס מיט די ענגלענדער. דאס האט וואשינגטאן געמאכט א פארזוך די ענגלענדער אפצושטעלען. די אמעריקאנער סאלדאטען האבען זיך

אבער דערשראקענע און גענומען לויפען איידער די שלאכט האט זיך פאקטיש אנגעהויבען. לויט אלע אנגענומענע כללים פון מיליטערישער וויסענשאפט האבען די ענגלענדער געדארפט גלייך נעמען יאגען די אנטלאפענע. גענעראל האו האט עס ניט געטאן. ער האט געלאזען די אמעריקאנער לויפען און זיך אפגעשטעלט אין מאריי היל.

דערביי ווערט דערציילט די פאלגענדע מעשה'לע. די מאריי היל געגענד האט באלאנגט צו א געוויסער פרוי לינדלי מאריי, אן אנהענגערין פון דער רעוואלוציע. ווען די ענגלענדער זיינען אנגעקומען האט זי גלייך געשיקט אן איינלאדונג צו גענעראל האו און זיינע אפיצירען, זיי זאלען קומען אין איר פראכטפולען פאלאץ אויף אנבייסען און זיך דארטען אביסעל אויסרוען. זי האט עס געטאן בכיון, כדי צו געבען די אמעריקאנער א געלעגענהייט צו אנטלויפען. האו האט ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון פון א גוטען מאלצייט און ער האט די איינלאדונג אנגענומען. (צי די מעשה איז טאקע אמת איז אומעגליך אויף זיכער צו באשטימען).

פון איצט אן האט זיך פאר וואשינגטאנ'ען אנגעהויבען א סדרה פון אנטלויפען. נאך א קליינעם צוזאמענשטויס האט וואשינגטאן פארלאזען הארלעם און זיך צוריקגעצויגען ביז ווהייט פליינס. א טייל פון זיין ארמיי אין פארבליבען אין די צוויי פעסטונגען אויפ'ן האדסאן, פארט וואשינגטאן און פארט ליע.ביידע פעסטונגען זיינען אין מיטען מאנאט נאוועמבער איינגענומען געווארען פון די ענגלענדער. אין פארט וואשינגטאן האבען די ענגלענדער געפאנגען דריי טויזענט סאלדאטען מיט א סך אמוניציע. דער פארלוסט איז געווען דער גרעסטער קלאפ, וואס די אמעריקאנער ארמיי האט געליטען אין דעם גאנצען קריג. וואשינגטאן איז איצט אנטלאפען אויף יענער זייט האדסאן אין ניו דזשוירזי. ער האט מיט זיך געהאט ארום זעקס טויזענט מאן. דעם 20טען נאוועמבער איז פארט ליע געפאלען. די צוויי טויזענט אמעריקאנער סאלדאטען וואס זיינען דארטען געשטאנען האבען זיך אבער באצייטענס געראטעוועט און זיך אנגעשלאסען אן וואשינגטאנ'ס ארמיי. דעם

21טען נאוועמבער איז וואשינגטאן אריבער דעם פאסייק ריווער און אוועק קיין נוארק. דארטען איז ער געשטאנען פינף טעג. דעם 28טען זיינען די ענגלענדער אנגעקומען קיין נוארק, איז וואשינגטאן אנטלאפען קיין ניו בראנזוויק. פון ניו בראנזוויק איז ער דעם ערשטען דעצעמבער אנטלאפען קיין פרינסטאן. די ארמיי זיינע איז אויף דעם וועג, לויפענדיג פון איין שטאט אין דער צווייטער, צושמאלצען געווארען. טויזענטער סאלדאטען זיינען אוועק אהיים. זייער טערמין האט זיך ארום יענער צייט געענדיגט און זיי האבען זיך אנטזאגט אנצושליסען זיך אויף נאך א טערמין.

קיין פרינסטאן איז וואשינגטאן אנגעקומען מיט דריי טויזענט מאן. מיט אזא קליין הייפעלע סאלדאטען זיך שטעלען געגען די ענגלענדער איז, פארשטייט זיך, געווען אומעגליך. וואשינגטאן האט פאר זיך געהאט בלויז איין אויפגאבע — זען אז זיינע סאלדאטען זאלען ניט קומען אין צוזאמענשטויס מיט דעם שונא. דעם 8טען דעצעמבער האט ער זיי אריבערגעפירט דעם דעלעווער טייך ביי טרענטאן. דערנאך האט ער פארניכטעט אלע בריקען און אלע שיפלאך אין דער גאנצער געגענד, כדי די ענגלענדער זאלען אים ווייטער ניט קענען נאכיאגען. די ענגלענדער זיינען טאקע דעמזעלבען אווענט אנגעקומען קיין טרענטאן. האו האט ווידער געהאנדעלט לויט זיין אלטען פלאן פון מילדקייט. זיין הילפס-גענעראל, קארנוואליס, איז געווען מיט דער מיינונג, אז מען זאל גלייך קריגען שיפלאך און נאכיאגען די אמעריקאנער. האו האט אבער ערקלערט, אז דאס איז ניט נויטיג. מען קען ווארטען ביז וואנען דער טייך וועט פארפרארען ווערען און דאן וועט מען קענען אריבערמארשירען צו פוס און מען וועט פארשפארען די מי צו זוכען שיפלאך. דער „קאנטינענטעל קאנגרעס" וועלכער איז געזעסען אין פילאדעלפיא האט זיך אריבערגעקליבען קיין באלטימאר.

וואשינגטאנ'ס אנטלויפען און זיינע נידערלאגעס האבען שרעקליך דעמאראליזירט די רעוואלוציאנערע ארמיי און די גאנצע מאראל פון דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. ניו יארק און ניו דזשוירזי זיינען אימער געווען שטארק לאיאליסטיש. איצטער

האָבען פיל אָנהענגער פון דער רעוואָלוציע זיך גענומען אַריבערקו־לען. זיי זיינען געקומען טויזענטערווייז שווערען טריי־הייט דער ענ־גלישער רעגירונג. עס איז אַ סברא, אַז אַט די פריי־ליכע ערשיינונג האָט געווירקט אויף גענעראַל האַו ער זאָל זיינע אַטאַקעס אויף וואַשינגטאָנ׳ען אָפּשטעלען. ער האָט זיך געטראַכט, צו וואָס זיך שלאָגען, אַז די רעוואָלוציע צופאַלט סאַי ווי סאַי פון זיך אַליין. אָבער די לאַגע האָט אויך געווירקט אויף וואַשינגטאָנ׳ען. ער האָט איינגעזען, אַז עפּעס מוז געטאָן ווערען גלייך צו שטאַרקען די מאָ־ראַל פון דער אַרמיי און פון לאַנד. די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי מוז פאַרצייכענען אַ זיג, אויב ניט וועט פון איר גאָרניט בלייבען.

גענעראַל האַו אַליין האָט זיך באַזעצט אין ניו יאָרק, דאָרטען צו פאַרברייענגען דעם ווינטער אין דער געזעלשאַפט פון זיין געליב־טער מאַדאַם לאָרינג. דעם הויפּט טייל פון דער אַרמיי האָט ער אויך צוריקגעצויגען קיין ניו יאָרק. אין ניו דזשוירזי האָט ער אי־בערגעלאָזען גאַרניזאָנען פון אַ פּאָר טויזענט מאַן אין אַ ריי שטעט־לאַך צווישען ניו יאָרק און פילאַדעלפיא. איין גאַרניזאָן איז גע־שטאַנען אין פּאָרט עמבאַי, איינער אין ניו בראָנזוויק, איינער אין פרינסטאָן, איינער אין טרענטאָן, איינער אין באָרדענטאַון. אין די לעצטע צוויי שטעטלאַך זיינען געשטאַנען צו 15 הונדערט דייטשען. אין די איבעריגע זיינען געשטאַנען צו פּאָר טויזנט ענגלי־שע סאָלדאַטען. וואַשינגטאָן האָט באַשלאָסען אָנצופאַלען אויף די צוויי שטעטלאַך טרענטאָן און באָרדענטאַון. צו זיין קליינער אַרמיי זיינע איצטער צוגעקומען עטליכע טויזענט וועלכע זיינען פריער פאַרהאַלטען געוואָרען אין ניו יאָרק. אַרום און אַרום האָט ער איצט געהאַט זעקס טויזענט סאָלדאַטען. זיי זיינען געשטאַנען אויף דער אַנדערער זייט פון דער דעלעווער טייך, אַנטקעגען טרענטאָן. ער האָט זיין אַרמיי איינגעטיילט אין דריי טיילען. איין טייל האָט ער געשיקט צו אַטאַקירען באָרדענטאַון. די אַנדערע צוויי האָט ער גע־שיקט אָנצופאַלען אויף טרענטאָן פון צוויי זייטען.

ס׳איז געווען די נאַכט פון קריסטמעס, 1776, זייער אַ קאַלטע נאַכט. אַזייגער עלף האָט אָנגעהויבען צו בלאָזען אַ שטורם־ווינד.

דער טייך איז געווען האלב פארפרארען, שטיקער אייז זיינען אין אים ארומגעשוואומען. וואשינגטאן איז מיט זיין ארמיי אריבער־געשוואומען דעם טייך אין קליינע שיפלאך און איז אנגעפאלען אויף טרענטאן (די אנדערע צוויי אפטיילונגען פון דער ארמיי זיי־נען דורך די אייז פארהאלטען געווארען). די דייטשע סאלדאטען אין שטעטעל האבען זיך אויף דער אטאקע ניט געריכט און האבען געפראוועט יום טוב אין שיינקען און אין קרעטשמעס. דער הויפט קאמאנדיר איז געלעגען א שכור'ער. וואשינגטאן האט פאר זיך געהאט א לייכטע אויפגאבע. כמעט דער גאנצער גארניזאן האט זיך אונטערגעגעבען. וואשינגטאן האט זיי אפגעשיקט געפאנגענע קיין פילאדעלפיא.

א צווייטע אמעריקאנער דיוויזיע איז אריבער דעם דעלעווער אויף מארגען. זי האט מארשירט אויף בארדענטאון. די דייטשען דארטען אבען שוין אבער געהערט די נייעס פון טרענטאן און האבען זיך באצייטענס אפגעטראגען. טרענטאן און בארדענטאון זיי־נען איצטער געווען אין וואשינגטאנ'ס הענט.

ווען די נייעס איז אנגעקומען צו די ענגלענדער אין ניו יארק האט קארנוואלים גענומען אן ארמיי פון אכט טויזענט מאן און איז אוועק קיין טרענטאן. ער איז אהין אנגעקומען דעם צווייטען יא־נואר, 1777. וואשינגטאן האט זיך צוריקגעצויגען הינטער א קליין טייכעל צו דרום־צו פון טרענטאן. די ענגלענדער האבען ווידער אמאל באנוצט זייער אלטע טאקטיק פון גיין לאנגזאם און האבען זייער אטאקע אויף וואשינגטאנ'ען אפגעלייגט אויף מארגען. קארנ־וואלים איז געווען זיכער, אז דעם מאל וועט זיך וואשינגטאן פון אים ניט אויסדרייען. „ענדליך האבען מיר דעם אלטען פוקס אנגעיאגט" — האט קארנוואלים געזאגט צו זיינע לוטענאנטען, — „אין דערפרי וועלען מיר אים פאנגען".

אבער וואשינגטאן האט אויך אנגעווענדט זיין אלטע טאקטיק. ער האט געגעבען א באפעל, אז מען זאל אנצינדען אלע פייערען אין דעם לאגער און אז א קליינע גרופע סאלדאטען זאלען זיך נעמען גראבען און האקען און מאכען דעם אנשטעל, אז זיי בויען באריי־

קאַדען. בשעת די ענגלענדער האָבען געקוקט ווי די אַמעריקאַנער „באַפעסטיגען זיך" האָט וואַשינגטאָן ארויסגעפירט זיין אַרמיי הינטען אַרום, הינטער דער ענגלישער אַרמיי און איז מיט איר אוועק קיין פּרינסטאָן, וואו די ענגלענדער האָבען געהאַט אַ קליינעם גאַרניזאָן. ווען וואַשינגטאָן איז אָנגעקומען קיין פּרינסטאָן האָבען די ענגלענדער זיך געקליבען פון דאָרטען ארויסצומאַרשירען. זיי האָבען געהאַט באַקומען אַ באַפעל פון קאָרנוואַלים זיי זאָלען אים קומען העלפען אַטאַקירען וואַשינגטאָנ'ען אין טרענטאָן. אַ צוזאַמענשטויס אין די גאַסען פון פּרינסטאָן וואָס האָט געדויערט ניט מער ווי צוואַנציג מינוט האָט געבראַכט אַ נייעם זיג פאַר וואַשינגטאָנ'ס אַרמיי. די ענגלענדער האָבען פאַרלאָרען 200 טויטע און 300 געפאַנגענע. די אַמעריקאַנער האָבען פאַרלאָרען ניט מער ווי אַ הונדערט מאַן.*)

די ענגלענדער האָבען זיך איצט געמוזט צוריקציען פון טרענטאָן. אין דריי וואָכען צייט האָט זיך דאָס רעדעל אינגאַנצען איבערגעדרייט. מיט דער אויסנאַם פון פאָרט עמבאָי און ניו בראַנזוויק, וועלכע ליגען ניט ווייט פון ניו יאָרק, איז ניו דזשוירזי אריבער צו די אַמעריקאַנער. וואַשינגטאָן האָט מיט אַ קליין הייפעלע סאָלדאַטען אָפּגעהאַלטען צוויי נצחונות איבער די ענגלענדער, איינעם אין טרענטאָן און איינעם אין פּרינסטאָן. גענעראַל האָו האָט באַשלאָסען מער גאָרניט צו טאָן ביז נאָך ווינטער. וואַשינגטאָנ'ס הויפּט קוואַרטיר איז איצט געווען אין מאָריסטאָון, ניו דזשוירזי.

*) גענעראַל פּוטנעם, דער הויפּט קאָמאַנדיר פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי אין לאָנג איילאַנד, האָט מיט עטליכע טעג שפּעטער געשריבען דאָס פאָלגענדע צום גאָווערנאָר פון קאָנעקטיקוט: „גענעראַל האָו איז ענטוועדער אונזער פריינד אָדער ער איז ניט קיין גענעראַל. ער האָט געהאַט אין זיינע הענט אונזער גאַנצע אַרמיי אין לאָנג איילאַנד און האָט אונז ניט געשטערט צו אַנטלויפען. ניט נאָר האָט ער ניט געשטערט די סאָלדאַטען זיך צוריקצוציען נאָר ער האָט אונז אויך ערלויבט אַריבערצופירען די פאַרוואונדעטע, די אַרטילעריע, די פּראָוויאַנט און אַמוניציע. מיר זיינען איצט אויף דעם ניו יאָרקער אינזעל און די פּאַניק איז כמעט אין גאַנצען אַריבער. ער איז נאָך אַלץ מיט זיין אַרמיי אין לאָנג איילאַנד. פאַרוואָס ער זיצט דאָרטען איז אונז אַלעמען אַ וואונדער. ווען ער וואָלט אונז געווען גלייך נאָכגעיאָגט קיין ניו יאָרק וואָלטען די רעזולטאַטען פאַר'ן פרייהייטס־קאַמף געווען שרעקליכע."

די נצחונות אין טרענטאן און אין פרינסטאן האבען אריינגע־בראכט א נייעם גייסט אין וואשינגטאנ׳ס ארמיי און אין גאנצען אמעריקאנישען פאלק. אין די מאנאטען אקטאבער, נאוועמבער און דעצעמבער האט וואשינגטאן זיך געהאלטען אין איין באקלאגען, אז די סאלדאטען און די איינוואוינער אין די מלחמה געגענדען האנדלען ווי פארעטער. אט זיינען איניגע אויסצוגען פון זיינע בריף אין יענע מאנאטען: „די מיליץ איז א פארניכטענדער, קאסט־בארער, צוויושעטער המון“. „איך האב געזוכט צו קריגען פאר־שטארקונג פון דער מיליץ פון ניו דזשוירזי, כדי צו קענען אפשטע־לען דעם שונא, אבער איך בין גרויזאם אנטוישט. די איינוואוינער פון דעם סטייט, צי אויס מורא, צי אויס געגנערשאפט, האבען ווי איין מאן זיך אנטזאגט אונז צו הילף קומען“. „אנשטאט אונז צו העלפען געגען שונא האט די מיליץ זיך אנטזאגט צו פאלגען דעם קאנגרעס און די מיליטערישע באאמטע. מען זאגט מיר, אז די מי־ליץ פרייט זיך מיט דעם אנקומען פו דעם שונא און מיט אונזערע פארלוסטען“. „צווישען אונז גערעט, איז די לאגע זייער א שלעכ־טע, ניט צוליב דער געפאר פון האו׳ס ארמיי ווי צוליב דעם פאראט פון די קאלאניסטען אין ניו יארק, ניו דזשוירזי און פענסילוויניא. די אויפירונג פון ניו דזשוירזי איז נידערטרעכטיג. אנשטאט צו העלפען זייער לאנד גיבען זיי זיך אונטער צום שונא אזוי שנעל ווי מעגליך“. „אויב מיר וועלען ניט אנשטריינגען אלע נערוועז צו ארגאניזירען א נייע ארמיי אזוי שנעל ווי מעגליך איז דער שפיל א פארלארענער“. „דער פיינט ווערט מיט יעדען טאג שטארקער דורכ־דעם, וואס אמעריקאנער פארלאזען אונז און גייען איבער צו אים. איך צווייפעל ניט, אז גענעראל האו וועט נאך היינטיגען ווינטער פרואווען איינעמען פילאדעלפיא. אין צוויי וואכען ארום וועל איך מער קיין מיטלען ניט האבען אים אפצושטעלען“.

די נאציאנאלע ארמיי וואס דער קאנגרעס האט ארגאניזירט איז געווען קליין. עס איז שווער געווען פאר דער ארמיי צו קריי־גען רעקרוטען. וואשינגטאן האט זיך געמוזט פארלאזען אויף די מיליץ־סאלדאטען פון די פארשידענע סטייטס. אבער איבער זיי האט ער ניט געהאט קיין פאלשטענדיגע דעה. זיי פלעגען זיך אנ־

שליסען אויף קורצע טערמינען. זיי פלעגען קלייבען זייערע אייד־גענע אָפיצירען. זיי פלעגען דעזערטירען מאַסענווייז. צווישען דער מיליץ פון איין סטייט און דער מיליץ פון די אַנדערע סטייטס האָט געהערשט אַ שרעקליכע קנאה. וואשינגטאָן שרייבט: „די סטייטס קריגען זיך איבער דער באַשטימונג פון מיליטער באַאַמטע. זיי נאָמינירען פאַר אָפיצירען מענשען וואָס זיינען ניט פעהיג צו זיין אפילו שמידען. צווישען די דאָקטוירים אין די רעגימענטען זיינען פאַראַן אַ סך לומפּען. זיי ערלויבען די סאָלדאַטען זאָלען זיך מאַכען קראַנק. זיי נעמען כאַבאַר פאַר באַפרייען סאָלדאַטען פון דער אַרמיי. זיי קריגען זיך צווישען זיך נעבען די בעטען פון די קראַנקע. זיי גנב'ענען מעדיצינען פון דער אַרמיי".

די ציווילע באַפעלקערונג אין די מיטעלע קאָלאָניעס איז קיינ־מאָל ניט געווען באַגייסטערט פאַר דער רעוואָלוציע. איצט, אַז די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי האָט געליטען נידערלאַגעס, האָט זי זיך אָפּען געשטעלט אויף דער זייט פון ענגלאַנד. גענעראַל האַו האָט אַרויסגעלאָזען אַ פּראָקלאַמאַציע און אויפגעפאָדערט די איינוואוי־נער צו שווערען טרייהייט צו ענגלאַנד. אָט דאָס איז געווען די אורזאַך, פאַרוואָס וואַשינגטאָן האָט געשפּירט אַ גלייכגילטיגקייט און אַמאָל אַ פיינדשאַפט אין די קאָלאָניעס דורך וועלכע זיין אַרמיי איז געטריבען געוואָרען.

אָבער איצטער, אין אָנפאַנג פון יאָר 1777, האָט זיך די לאַגע געענדערט. טרענטאָן און פּרינסטאָן האָבען געווירקט ווי אַ כשוף אי אויף דער אַרמיי אי אויף דער באַפעלקערונג.

דער קאָנגרעס האָט זיך צוריק אַריבערגעקליבען קיין פילאַ־דעלפיא. גלייך האָט זיך אין פילאַדעלפיא אָרגאַניזירט אַ גרויסע מיליץ־אַרמיי און איז אַוועק צו וואַשינגטאָנ'ען אין לאַגער. פיל פון די סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געזאָלט פאַרלאָזען די אַרמיי דעם ערשטען יאַנואַר ווייל זייער טערמין האָט זיך דאַן געענדיגט, האָבען איצט איינגעוויליגט ווייטער צו פאַרבלייבען. וועגען דעם שרייבט וואַשינגטאָן אָט וואָס: „אַ העלפט פון די סאָלדאַטען האָבען איינגעוויליגט צו פאַרבלייבען נאָך זעקס וואָכען פאַר אַ באַ־

לוינונג פון צען דאלאר. פענסילווייניא גיט אויך אירע מיליץ־סאלדאטען אזא באלוינונג. די סאלדאטען ווייסען ווי וויכטיג זיי זיינען איצטער און זיי פאדערען זייער פרייז. איך וואונדער זיך נאר וואס זיי בעטען ניט מער. איך ווייס, אז דער פרייז איז א שרעקליך איבערטריבענער, נעמענדיג אין אנבאטראכט דעם קורצען טערמין פון דינסט. אבער איך האב זיך בארעכענט, אז איצטער איז ניט די צייט אפצושטעלען זיך אויף קלייניגקייטען. עס איז נויטיג צו האבען אלטע אויסגעלערנטע סאלדאטען צו פירען די רויע, ניט דיסציפלינירטע רעקרוטען".

די גאנצע פראגע וועגען דער ארמיי איז איצט איבערגעגעבען געווארען צום קאנגרעס. די אמת'ע סבה פארוואס וואשינגטאנ'ס ארמיי איז געווען אזא דיסארגאניזירטע, פארוואס זי איז געווען הויפטזעכליך צונויפגעשטוקעוועט פון קאמפאניעס מיליץ פון פארשידענע קאלאניעס, איז געווען דאס וואס דער קאנגרעס האט קיין חשק ניט געהאט צו ארגאניזירען א שטארקע, איינהייטליכע, גוט־דיסציפלינירטע נאציאנאלע ארמיי. אורזאכען דערפאר זיינען געווען עטליכע. ערשטענס, האבען פיל קאנגרעס־מיטגלידער פיינט געהאט מיליטעריזם און ארמייען. (די מיליץ איז ניט געווען קיין פראפעסיאנעלע ארמיי נאר א מין בירגער־וואך). צווייטענס, האט דער קאנגרעס מורא געהאט צו נעמען אויף זיך די הוצאות פון א גרויסער שטענדיגער ארמיי. דריטענס, זיינען פיל מיטגלידער פון קאנגרעס געווען אייפערזיכטיג אויף וואשינגטאנ'ען און פיינדליך צו זיינע פאדערונגען. דזשאן עדעמס האט אויסגעדריקט די מיינונג, אז אויב מען וועט אננעמען וואשינגטאנ'ס פאדערונג און מען וועט איינפירען די סיסטעם פון נעמען סאלדאטען אויף אן אומבאגרענעצטען טערמין, אויף אזוי לאנג ווי די מלחמה וועט דויערען, דאן וועלען אין דער ארמיי אריינטרעטען בלויז מענשען פון דעם נידעריגסטען סארט, און אז אזא ארמיי טאר די רעוואלוציע ניט ארגאניזירען.

וואשינגטאן האט געפאדערט הויפטזעכליך צוויי ענדערונגען: עס זאל ארגאניזירט ווערען א נאציאנאלע ארמיי, מען זאל ניט דארפען אנקומען צו דער מיליץ; און די סאלדאטען אין דער ארמיי זאלען

זיך פּאַרפּליכטעט צו דינען אַזוי לאַנג ווי די מלחמה וועט אַנהאַלטען. ער האָט אויך געפאָדערט קלענערע אויסבעסערונגען: די אָפיצירען זאָלען קריגען אַ סך אַ גרעסערען געהאַלט ווי די סאָלדאַטען, אַז די סאָלדאַטען זאָלען מער קיין רעה ניט האָבען ביים קלייבען די אָפי־צירען, און אַז די אָפיצירען זאָלען זיין דזשענטעלמען". *)

*) „דזשענטעלמען" זיינען עס געווען די רייכע אַריסטאָקראַטען. ריידענדיג וועגען דעם דאָזיגען פּונקט מאַכט דער ענגלישער היסטאָריקער לעקי די פאָלגענדע באַמערקונג: „עס איז מאָדנע צו זען ווי וויכטיג עס איז געווען ביי וואַשינגטאָנ׳ען, אַז די אָפיצירען און די סאָלדאַטען זאָ־לען ניט געהערען צו די זעלבע שיכטען אין דער געזעלשאַפט. און דאָס פּאַסירט ביים לייגען דעם פונדאַמענט פון דער גרויסער דעמאָקראַטיע."

.22

# דער טעראָר פון די אַרמייען

ביז היינטיגען טאָג איז ביי די אַמעריקאַנער געבליבען איינגע־פלאַנצט אין הארצען אַ ביטערער האַס געגען די דייטשישע סאָל־דאַטען וואָס ענגלאַנד האָט געדונגען זיי צו באַקעמפען אין דער רע־וואָלוציע. דער וואָרט „העשענס" (העסענ'ער) וועקט אויף צאָרן ביי יעדען אַמעריקאַנער, וואָס האָדעוועט זיך אויף אויף די ביכער איבער אַמעריקאַנער געשיכטע. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? אַביסעל קומט עס דערפון, וואָס די דייטשען זיינען אין דעם סכסוך געווען ווילד־פרעמדע. זיי האָבען צו די אַמעריקאַנער קיין טענות און קיין תביעות ניט געהאַט. די רעוואָלוציע איז געווען ניט זייער עסק. זיי זיינען געקומען שלאָגען די אַמעריקאַנער, ווייל מען האָט זיי דער־פאַר באַצאָלט. זיי זיינען דערפאַר באַטראַכט געוואָרען ווי געדונ־גענע באַנדיטען. אָבער דאָס איז ניט אַלץ. די אייביגע שנאה גע־גען די „העשענס" שטאַמט אויך דערפון, וואָס זיי האָבען זיך דאָ אויפגעפירט ניט ווי סאָלדאַטען, נאָר טאַקע ווי איינפאַכע באַנדי־טען. זיי האָבען די ציווילע באַפעלקערונג באַהאַנדעלט אויפ'ן שענדליכסטען, פאַרברעכערישסטען אופן.

נאָך אויפ'ן וועג קיין אַמעריקא, האָבען זיך די דייטשע סאָלדאַ־טען און זייערע אָפיצירען געמאָלען בילדער פון גאָלדענע גליקען אין דעם רייכען לאַנד. נאָך ביי זיך אין דער היים האָבען זיי זיך שוין אָנגעהערט וועגען דאָס רייכטום פון דער גאָלדענער מדינה, און זיי האָבען גע'חלומ'ט אָנצושאַרען גאָלד מיט פולע הויפענס. די באַפעלקערונג איז דאָך אין רעוואָלט, וועלען זיי, די סאָלדאַטען, קענען טאָן מיט די מענשען און מיט'ן אייגענטום וואָס זייער הארץ וועט גלוסטען.

און אַזוי שנעל ווי זיי זיינען אין אַמעריקאַ געקומען האָבען זיי זיך אַ נעם געטאָן זייערע חלומות צו פאַרווירקליכען. זיי האָבען געראַבירט די הייזער אין ניו יאָרק. זיי האָבען אפילו ניט געשאָנעוועט די היימען פון די לאָיאַליסטען. דאָס האָט צואוואַרימט זייער אַפּעטיט. און ווען זיי האָבען שפּעטער אַריינגעמאַרשירט אין ניו דזשוירזי האָבען זיי זיך אויפגעפירט ווי צווישעטע חיות. זיי האָבען געראַבירט, געברענט, פאַרניכטעט. קיינער און קיין זאַך איז פאַר זיי ניט געוועזען טייער אָדער הייליג. זיי האָבען אונטערגעצונדען קירכעס, צושמעטערט אוניווערסיטעטען, ביבליאָטעקען. אַ שרייבער פון יענער צייט האָט זיך אויסגעדריקט ווי פאָלגט: „זיי פירען מלחמה ניט געגען דער רעוואָלוציע, נאָר געגען דער גאַנצער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג, געגען רעליגיע, ליטעראַטור און וויסענשאַפט“.

ווען גענעראַל האַו האָט איינגענומען פּרינסטאָן דעם 7טען דעצעמבער, זיינען די סאָלדאַטען באַפאַלען דעם גרויסען פּרינסטאָן אוניווערסיטעט. זיי האָבען דאָרט פאַרניכטעט אַלע ביכער און אינסטרומענטען. זיי האָבען זיך אַריינגעריסען אין פּריוואַטע הייזער, אַרויסגעטראָגען פון דאָרטען די מעבעל. די זאַכען וואָס זיי האָבען ניט געקענט אַרויסנעמען, האָבען זיי צושמעטערט. פון די פאַרמס האָבען זיי צוגענומען די פערד און די בהמות. יעדער סאָלדאַט האָט אָנגעפּאַקט אויף זיין פערד די אָנגעראַבירטע זאַכען. הונדערטער פאַמיליעס זיינען רואינירט געוואָרען. עס איז געוועזען אין רעכטען מיטען ווינטער, און די אומגליקליכע זיינען געבליבען אָן קליידער אויפ'ן לייב.

אַט וואָס אַן איינוואוינער פון די פאַגראָמירטע שטעטלאַך האָט דערציילט: „איך האָב געזען ווי די סאָלדאַטען האָבען ראַבירט הייזער. די פרויען האָבען געציטערט פון שרעק און געוויינט. אַנדערע זיינען אַנטלאָפען מיט די קינדער אויף די הענט. אין איין פלאַץ איז אַ סאָלדאַט אַרויס פון אַ שטוב טראָגענדיג פאַנען און אַנדערע כלים. ער האָט עס אוועקגעלייגט נעבען די זאַכען, וועלכע ער האָט שוין פריער אַרויסגעטראָגען. טייל סאָל־

דאטען האבען געהאט מיט זיך זייערע פרויען. האבען די ווייבער געהאלפען ארויסטראגען די מעבעל פון די הייזער". *)

די איינוווינער פון ניו דזשוירזי זיינען קיינמאל ניט געווען קיין באגייסטערטע רעוואלוציאנערען. ווען די ענגלענדער זיינען אנגעקומען און האבען אויפגעפאדערט די איינוואוינער צו קומען שווערען טריישאפט צום ענגלישען קעניג, האבען א סך געפאלגט. דער ענגלישער גענעראל האט צוגעזאגט, אז די אלע וואס וועלען קומען שווערען וועלען באטראכט ווערען פאר לאיאלע ענגלענדער און וועלען די מינדסטע שטראף ניט קריגען. די סאלדאטען אבער האבען זיך דערמיט ווייניג וואס גערעכענט. זיי האבען צוגענומען אלץ וואס זיי האבען געפונען אין די הייזער וואו זיי זיינען איינגעשטאנען. זיי האבען אזוי פיל אנגעראבירט און אנגעפאקט אויף זייערע פערד, אז ווען זיי האבען געדארפט ארויסמארשירען פון שטאט האבען זיי זיך קוים געקענט רירען. דורך די רויבערייען איז די גאנצע מיליטערישע מאכט און באוועגליכקייט פון די ענגלענדער אין ניו דזשוירזי שרעקליך געשטערט געווארען.

דער מארש פון די סאלדאטען דורך ניו דזשוירזי איז געווען א מארש פון פאגראמשטשיקעס. ווען זיי זיינען ארויס פון א שטאט אדער א דארף זיינען די איינוואוינער דארט פארבליבען אן א העמד אויפ'ן לייב, אן א כלי אין שטוב, אן מעבעל, און אן א ביסען ברויט. די ענגלישע סאלדאטען האבען לכתחילה זיך צוריקגעהאלטען פון נאכטאן זייערע דייטשישע קאמעראדען. אבער מיט דער צייט האבען זיי זיך אויך אויסגעלערנט די מלאכה, און האבען זיך ארויסגעצייגט פאר דיזעלבע בריות ווי די „העשענס". די ענגלישע אפיצירען און גענעראלען האבען פון דעם אלעמען געוואוסט.

---

*) די דייטשישע און ענגלישע סאלדאטען זיינען באגאנגען שענדליכע פארברעכענס געגען די פרויען און די מיידלאך אויף די פארמס. פרויען זיינען געשענדט געווארען מאסענווייז. די אמעריקאנער פארמער זיינען געווען ווילד פון אויפרעגונג. זיי האבען ארגאניזירט א „זעלבסט-שוץ", וועלכע האט באוואכט די דערפער און די שטעטלאך. ווען אן ענגלישער אדער דייטשישער סאלדאט איז אריינגעפאלען אין די הענט פון דעם „זעלבסט-שוץ" איז ער אפט געלינטשט געווארען.

אָבער זיי האָבן געשוויגן. זיי האָבן דעם מינדסטן פאַרזוך ניט געמאַכט די פּאָגראָמען אָפּצושטעלן.

די נייעס וועגן די פּאָגראָמען איז צוטראָגן געוואָרן איבער אַלע קאָלאָניעס און האָט אַרויסגערופן איבער'ן גאַנצן לאַנד די גרעסטע פאַרביטערונג. עס איז קיין צווייפל ניט, אַז די גרויל־טאַטן האָבן געהאַט פּונקט די פאַרקערטע ווירקונג ווי די ענגלענ־דער האָבן גערעכנט. זיי האָבן טויזנטער גלייכגילטיגע און אַפילו לאָיאַל געשטימטע אַמעריקאַנער פאַרוואַנדלט אין הייסע אַנהענגער פון דער רעוואָלוציע.

עס מוז אָבער צוגעגעבן ווערן, אַז אויך די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן זיינען ניט ריין געווען פון פאַרברעכנס געגן דער ציווילער באַפעלקערונג. טייל פון זיי האָבן אויך געראַבירט און גע'גנב'עט. זיי האָבן אָבער דאָס ניט געטאָן פון וואוילטאָג, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט'ן שונא'ס סאָלדאַטן. זיי זיינען אָפט געטריבן געוואָרן דערצו דורך נויט און הונגער. זיי האָבן אויך געהאַט דעם תירוץ, אַז זיי באַראַבעווען בלויז פאַררעטער, לאָיאַליס־טן, כאָטש אין דער אמת'ן זיינען זיי אין דעם פּרט געווען „אומ־פּאַרטייאיש". נאָך אַ וויכטיגער אונטערשיד איז געווען: די ענגלישע גענעראַלן זיינען געווען גלייכגילטיג צו די פאַרברעכנס און שאַנדטאַטן פון זייערע סאָלדאַטן, בשעת וואַשינגטאָן האָט אָנגענומען אַלע מעגליכע מיטלען זיינע סאָלדאַטן איינצוהאַלטן. ער האָט זיך באַקלאָגט צום קאָנגרעס און געפאָדערט, אַז דער קאָנ־גרעס זאָל אים באַפולמעכטיגן צו געבן שווערע שטראָפן פאַר אַזוינע פאַרברעכנס. אָט זיינען אַ פּאָר ציטאַטן פון זיינע בריף: „דער הפקר'דיגער טייל פון אונזער אַרמיי האָט ניט קיין געפיל פון עהרע און טוגענד, און קימערט זיך ניט פאַר זיין לאַנד. אָט די סאָלדאַטן ראַבירן און פאַרשפּרייטן חורבן און שרעק וואו נאָר זיי קומען. זיי מאַכן, אַז מען זאָל פאַר זיי זיך פיל מער שרעקן ווי פאַר דעם שונא, וועלכן זיי דאַרפן באַקעמפן". אין אַ צוויי־טן בריף באַקלאָגט ער זיך, וואָס ער האָט ניט דאָס רעכט צו געבן אַ פאַרברעכערישן סאָלדאַט אַ שווערערע שטראָף ווי 39 שמיץ. „די אָפיצירן זיינען אין שותפות מיט די סאָלדאַטן, און די אָפי־

צירען פירען דורך די שטראף אויף די באשולדיגטע אויף אזא אופן, אז די שטראף ווערט גאר א שפיל". אין א צווייטען באריכט שרייבט ער: "קיין מענש איז ניט זיכער מיט זיין אייגענטום און מיט זיין לעבען". עס האבען אפילו פאסירט פעלען, ווען אמעריקאנער סאלדאטען האבען אונטערגעצונדען הייזער, כדי צו קענען זיי לייכטער בארויבען.

## 23.

# פילאדעלפיא פאלט — דער גרויסער זיג ביי סאראטאגא

דער ווינטער און דער פרילינג פון 1777 זיינען אפגעלאפען שטיל. וואשינגטאן איז מיט זיין אומבאדייטענד קליינע ארמיי געשטאנען אין מאריסטאון, נ. דזש. ער איז אימער געווען אין שרעק טאמער וועט האו זיך דערוויסען ווי שוואך זיין ארמיי איז, און וועט אים באפאלען. מער ווי דריי טויזענט סאלדאטען האט וואשינגטאן אין יענע מאנאטען ניט געהאט. אין א באריכט שרייבט ער: „דעם גאנצען ווינטער זיינען מיר געווען ביי די ענגלענדער אין די הענט. ווען זיי וואלטען זיך נאר באשלאסען אונז צו באפאלען, וואלטען זיי אונז זיכער פאנאנדער־געטריבען". וואשינגטאן האט אנגעווענדט מיטלען אפצונארען די ענגלענדער, און זיי מאכען צו גלויבען, אז זיין ארמיי איז גרויס. אויפ'ן וועג וואס פירט צו מאריסטאון האט ער אויף מיילען וועיט צושטעלט צו צוויי־דריי סאלדאטען אין יעדער פארם. די דארפסלייט האבען געדרונגען דערפון, אז די צאל מוז זיכער גרייכען ביז 40 טויזענט, און די לאיאלע פארמער האבען וועגען דעם (אין געהיים) געמאלדען דער ענגלישער מיליטערישער הויפט־קווארטיר. א צווייטען מיטעל האט וואשינגטאן'ס אדיוטאנט באנוצט. ער האט אין זיין שרייב־טיש אריינגעלייגט „א געהיימען דאקומענט", וואס האט כלומר'שט אנטהאלטען די אפיציעלע ציפער וועגען דער ארמיי. לויט דעם דאקומענט איז די צאל פון דער ארמיי געווען 12 טויזענט. דאן האט דער לייטענאנט איינגעלאדען צו זיך אן איינוואוינער פון שטאט, וואס ער האט געוואוסט, אז ער איז געווען אן ענגלישער

שפיאן. ער האט דעם שפיאן אויף א ווײלע איבערגעלאזען אליין אין זיין צימער. יענער „האט זיך באנוצט מיט דער געלעגענהייט" און האט דורכגעקוקט דעם דאקומענט. פון דעם שפיאן האט גענעראל האו געקראגען די „אבסאלוט זיכערע" אינפארמאציע, אז די רעוואלוציאנערע ארמיי באשטייט פון 12 טויזענט מאן.

צי צוליב די פארפירערישע באריכטען, צי פון אנדערע אורזאכען, סיי־ווי האט גענעראל האו די אמעריקאנער צורו געלאזען דעם ווינטער און דעם פרילינג. עס זיינען אין דער צייט פארגעקומען אייניגע אומוויכטיגע צוזאמענשטויסען אין ניו יארק, אין קאנעקטיקוט און אין לאנג איילאנד. אין איינעם פון זיי האט זיך בענעדיקט ארנאלד ווידער אויסגעצייכענט מיט זיין העלדישקייט. ער האט אליין געקעמפט געגען א גאנצער קאמפאניע ענגלישע סאלדאטען. זיין פערד איז אונטער אים געפאלען. ער האט דורכגעבראכען א וועג דורך זיינע אנגרייפער און האט זיך געראטעוועט.

בלויז צוויי וויכטיגע שטעט זיינען איצטער געווען ביי די ענגלענדער אין די הענט: ניו יארק און ניופארט, ביידע האפען־שטעט. דאס איבעריגע לאנד איז געווען אינגאנצען פריי, אונטער דער קאנטראל פון די רעוואלוציאנערען. די ענגלישע הערשאפט האט אין אמעריקא פאקטיש ניט עקזיסטירט. דאס לאנד האט זיך געפילט פריי און אומאפהענגיג. אט דאס גופא וואס די ענגלישע מאכט האט זיך אין ערגעץ כמעט מער ניט געפילט האט געשטארקט די רעוואלוציאנערע באוועגונג. די אמעריקאנער אומאפהענגיגקייט איז געווארען א ווירקליכקייט, א פאקט.

אין מיטען זומער פון 1777 האט גענעראל האו באשלאסען איינצונעמען פילאדעלפיא. וואשינגטאנ'ס ארמיי איז דעמאלט באשטאנען פון 6 טויזענט מאן. דאך האט גענעראל האו ניט געוואגט צו מאכען א דירעקטע אטאקע — אריבערשיקען אן ארמיי פון ניו יארק קיין ניו דזשוירזי, דורכברעכען א וועג דורך ניו דזשוירזי, אריבערגיין דעם דעלעווער טייך און נעמען פילאדעלפיא. ער האט דאס לייכט געקענט דורכפירען. זיין ארמיי האט געציילט צווישען 20 און 30 טויזענט מאן. וואשינגטאן האט זיך געריכט אויף אזא

מיט אטאקע, און האט פארנומען געוויסע פאזיציעס זיך צו פארטיידיגען. אבער גענעראל האו האט אויסגעארבייט א גאנץ אנדער סטראטעגיקע. ער האט זיין ארמיי ארויפגעזעצט אויף שיפען, און האט זי דורכ'ן ים געבראכט אין טשעספיק בעי. דעם 8טען סעפטעמבער האט ער געלאנדעט 18 טויזענט סאלדאטען און איז מיט זיי געגאנגען אויף פילאדעלפיא. צווישען דער ענגלישער ארמיי און פילאדעלפיא זיינען געלעגען צוויי טייכען: דער טייך ברענדיוויין און דער טייך סקיילקיל. וואשינגטאן האט באשלאסען די ביידע טייכען צו פארטיידיגען. ער האט זיין ארמיי צוגעפירט צום ערשטען טייך, צו ברענדיוויין. ער האט איצט שוין געהאט 11 טויזענט מאן. עס האט אויסגעוויזען, אז ער האט גוטע מעגליכקייטען די ענגלענדער צוריקצוהאלטען.

די שלאכט ביי ברענדיוויין איז פארגעקומען דעם 11טען סעפטעמבער. אין דער שלאכט האט גענעראל האו ארויסגעוויזען זיינע בעסטע פעהיגקייטען. וואשינגטאנ'ס פאזיציעס זיינען געווען שטארקע. פון אנפאנג האט עס אויסגעוויזען, אז דער זיג וועט געהערען די אמעריקאנער. גענעראל האו האט אבער אזוי קלוג געפירט די שלאכט, אז ער האט די אמעריקאנער צוריקגעטריבען מיט גרויסע פארלוסטען. לויט האו'ס באריכט האט ער דא פארלארען 90 טויטע און 488 פארוואונדעטע. די אמעריקאנער האבען פארלארען 1200 מאן אין טויטע און פארוואונדעטע.

גענעראל האו האט איצט ווידער געהאט א גלענצענדע געלעגענהייט די רעוואלוציאנערע ארמיי אינגאנצען צו פארניכטען, און ער האט זיין געלעגענהייט ווידער פארנאכלעסיגט. אנשטאט נאכצויאגען די געשלאגענע ארמיי און זי אינגאנצען צוקלאפען, האט ער איר ערלויבט זיך צוריקצוציען און זיך צו רעארגאניזירען. וואשינגטאן האט זיין ארמיי אוועקגעפירט צום צווייטען טייך און איז אריבער דעם סקיילקיל. גענעראל האו האט געווארט גאנצע דריי וואכען איידער ער האט ווידער אנגעהויבען זיין מארשרוט קיין פילאדעלפיא. וואשינגטאן האט זיך צוגעגרייט דעם צווייטען טייך צו פארטיידיגען, אבער גענעראל האו האט ווידער ארויסגעוויזען א בעסערע סטראטעגיקע. ער האט זיך אריבערגעכאפט דעם טייך

אומבאמערקט פאר וואשינגטאנ'ען, און וואשינגטאן האט זיך גע־מוזט צוריקציען. פילאדעלפיא איז געפאלען. די ענגלענדער זיי־נען דעם 26טען סעפטעמבער אריין אין שטאט מיט גרויס פאראד.

וואשינגטאן האט נאך א פאר מאל געפרואווט אטאקירען האו'ן. דעם 4טען אקטאבער האט ער מיט א גרויסער ארמיי געזוכט אריינ־צודרינגען אין דזשווירמענטאון, א שטעטעל 7 מייל פון פילאדעל־פיא. ער איז אבער צוריקגעשטויסען געווארען. די אמעריקאנער האבען אויך געהאט א פאר פעסטונגען הינטער פילאדעלפיא אויף דעם דעלעווער טייך. איינעם אויף דער דזשוירזי זייט פון דעם טייך, און דעם אנדערען אויף דער פענסילווייניא זייט. דער ערש־טער האט געהייסען פארט מוירסער; דער צווייטער פארט מיפלען אזוי ווי די ענגלענדער אין פילאדעלפיא האבען זייער שפייז און אמוניציע געקראגען פון ענגלאנד, איז פאר זיי געווען וויכטיג, אז דער טייך וואס פאראייניגט פילאדעלפיא מיטן ים זאל זיין פריי, כדי שיפען זאלען קענען אריינפארען קיין פילאדעלפיא. די צוויי פעסטונגען האבען אבער פארצאמט דעם וועג, און געשטעלט די ענגלענדער אין פילאדעלפיא אין געפאר פארהונגערט צו ווערען. גענעראל האו האט באשלאסען די צוויי פעסטונגען איינצונעמען. וואשינגטאן האט באשלאסען מיט אלע כחות זיי צו האלטען. דער קאמף איבער די פעסטונגען האט זיך געצויגען עטליכע וואכען. א גאנצע ריי מיט שלאכטען זיינען דארט פארגעקומען. ביידע צדדים האבען געקעמפט מיט ביטערסטער פארצווייפלונג. ענדליך האבען די ענגלענדער געזיגט. אין מאנאט דעצעמבער זיינען די ענגלענ־דער געווען די פאלשטענדיגע הערשער איבער פילאדעלפיא און פון דער גאנצער ארומיגער געגענד.

וואשינגטאן האט זיין צושלאגענע, אויסגעמוטשעטע ארמיי אוועקגעפירט אין וועלי פארדזש, ניט ווייט פון פילאדעלפיא. הינטער א בארג האט ער דארטען אויפגעשטעלט הייזלאך פון קלעצער. דעם בארג האט ער באפעסטיגט. דארטען האט די ארמיי פארבראכט דעם ווינטער פון 1778.

---

די וויכטיגסטע מיליטערישע געשענים פון יאר 1777 איז גע־

ווען די שלאכט ביי סאראטאגא, ניו יארק, וועלכע האט זיך געענדיגט מיט א גרויסע מפלה פאר די ענגלענדער. די דאזיגע מיליטערישע געשעענים האט געהאט העכסט וויכטיגע פאליטישע רעזולטאטען, וואס אז זיי וואלט די רעוואלציע זיך ווארשיינליך גע ווען געענדיגט מיט א דורכפאל.

די שלאכט איז געווען דער לעצטער אקט אין א מיליטערישען צוג וואס איז פארזיכטיג אויסגעארבייט געווארען פון די הויפט גענעראלען אין ענגלאנד. גלייך ווי די רעוואלוציע האט אויסגעבראכען, האבען די ענגלישע מיליטערישע עקספערטען איינגעזען, אז דער וויכטיגסטער שריט פאר זיי איז איינצונעמען דעם גאנצען וואסערוועג, וואס ציט זיך פון קענעדע ביז דער שטאט ניו יארק: לייק טשעמפלעין, לעיק דזשארדזש און דעם האדסאן ריווער. ווען די ענגלענדער וואלטען געהאט אט די גאנצע ליניע אונטער זייער קאנטראל, וואלטען די קאלאניעס פון ניו ענגלאנד אינגאנצען אפגעשניטען געווארען פון ניו יארק און פון די איבעריגע קאלאניעס צו דרום צו. מיט צוטיילטע קרעפטען וואלט פאר דער רעוואלוציע זיכער אוממעגליך געווען זייער קאמף לאנג אנצוהאלטען. דער פלאן איז אלזא געווען צו שיקען אן ארמיי פון קענעדע זי זאל אראפמארשירען צו דרום־צו, און אין דערזעלבער צייט ארויסצושיקען אן ארמיי פון ניו יארק זי זאל ארויפמארשירען צו צפון־צו. די צוויי ארמייען זאלען אפראמען די רעוואלוציאנערען פון די אלע פאזיציעס אויפ'ן וועג און זאלען זיך באגעגענען און פאראייניגען אין אלבאני. אין די זומער מאנאטען פון 1777 האבען די ענגלענדער אין קענעדע אנגעהויבען דורכצופירען זייער טייל פון דעם פראגראם, גלויבענדיג אז גענעראל האו אין ניו יארק וועט טאן זיין חלק אומגעפער אין דערזעלבער צייט. דער הויפט קאמאנדיר פון דער ענגלישער ארמיי אין קענעדע איז געווען גענעראל בורגאין.

די אמעריקאנער זיינען געשטאנען מיט א קליינער ארמיי פון 35 הונדערט מאן אין דער פעסטונג טייקאנדעראגא, נעבען לייק דזשארדזש. בורגאינ'ס ארמיי איז געווען איבער צוויי מאל אזוי גרויס: 8,000 דייטשען, ענגלענדער, קענעדער און אינדיאנער. אין אנהויב מאנאט יולי איז בורגאינ'ס ארמיי צוגעקומען נאענט

צו דער פעסטונג. די אַמעריקאַנער האָבען איינגעזען, אַז זיי זיינען צו שוואַך זיך אַנטקעגען צו שטעלען, און זיינען אַנטלאָפען, איבער־לאָזענדיג אַ סך אַמוניציע און פּראָוויאַנט. די ענגלענדער זיינען זיי נאָכגעלאָפען, האָבען פאַרזונקען אַ סך פון זייערע שיפלאַך און כמעט אינגאַנצען פאַרניכטעט אַ רעגימענט פון 1200 סאָלדאַטען.

די נידערלאַגע פון די אַמעריקאַנער האָט אַנגעוואָרפען אַ שרעק אויף די רעוואָלוציאָנערען אין גאַנצען לאַנד און איבערהויפּט אין ניו ענגלאַנד. זיי האָבען פאַרשטאַנען וואוהין די ענגלענדער צילען, און זיי האָבען געוואוסט, אַז אויב עס וועט זיי, די ענגלענדער, גע־לינגען צו פאַרנעמען דעם האַדסאָן טייך, וועט די רעוואָלוציע זיין געבראָכען. די ערשטע וואָכען נאָך דער מפּלה האָבען די אַמעריקאַ־נער זיך געפילט הילפלאָז. זיי האָבען נאָך דעמאָלט געמיינט, אַז גענעראַל האָו וועט זיכער שיקען אַן אַרמיי צו העלפען בוירגאָין׳ען. זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס פריער צו טאָן: צו פאַרשטאַרקען זייערע ליניעס אין ניו יאָרק, דאָרטען אָפּצושטעלען האָו׳ס אַרמיי, אָדער זיך גרייטען צו אַ צוזאַמענשטויס ערגעץ אין ניו ענגלאַנד, טאָמער וועט האָו זיין אַרמיי אַהין אַריינשיקען. שפּעטער אָבער איז קלאָר געוואָרען, אַז גענעראַל האָו האָט באַשלאָסען בוירגאָין׳ען אינגאַנצען ניט צו העלפען, וואָרום ער האָט גראָד דעמאָלט אונטער־גענומען זיין מאַרש אויף פילאַדעלפיא. איצטער איז פאַר די רע־וואָלוציאָנערען קלאָר געוואָרען וואָס זייער אויפגאַבע דאַרף זיין. זיי האָבען באַשלאָסען אָפּצושטעלען בוירגאָין׳ס מאַרשרוט. צו דעם צוועק האָבען זיי גענומען אָרגאַניזירען אַ גרויסע אַרמיי. אין ניו ענגלאַנד האָבען זיך שנעל אָרגאַניזירט נייע מיליץ רעגימענטען, וועלכע האָבען אַוועקגעמאַרשירט קיין ניו יאָרק. וואַשינגטאָן האָט אַריבערגעשיקט אַזוי פיל סאָלדאַטען פון זיין אַרמיי וויפיל ער האָט נאָר געקענט אָפּשפּאָרען. די קאָמאַנדע איז איבערגעגעבען געוואָ־רען צו גענעראַל געיטס. זיינע הילפס־גענעראַלען זיינען געווען צוויי אָפיצירען, וועלכע האָבען זיך שוין פריער אויסגעצייכענט אויפ׳ן שלאַכטפעלד: בענעדיקט אַרנאָלד און דעניעל מאָרגאַן.

די לאַגע האָט זיך איצט אינגאַנצען געענדערט. נעגען בויג־אָין׳ס 8 טויזענט סאָלדאַטען האָבען די אַמעריקאַנער אַרויסגע־

שטעלט אַן אַרמיי פון 11 טויזענט. די ענגלישע אַרמיי איז געווען הונדערטער מיילען ווייט פון זייער מיליטערישער באַזע אין קענע־דע. זיי זיינען דאַריבער געצוואונגען געווען צו באַוואַכען דעם גאַנ־צען וועג הינטער זיך, כדי צו קריגען פון דאָרט די נויטיגע פּראָ־וויאַנט און אַמוניציע.

אין מיטען אויגוסט האָט גענעראַל בוירגאַין געשיקט 600 סאָל־דאַטען — 50 דייטשען און 100 אינדיאַנער — צו באַפאַלען די שפּייכלער מיט שפּייז וואָס די רעוואָלוציאָנערען האָבען אָנגעגרייט אין דעם שטעטעל בענינגטאָן, ווערמאָנט. די מיליץ פון ווערמאָנט האָט זיך דערוואוסט באַצייטענס און זי איז געקומען די שפּייכלער צו פאַרטיידיגען. דעם 16טען אויגוסט איז פאָרגעקומען אַ צוזאַ־מענשטויס. די ענגלענדער זיינען כמעט אינגאַנצען אויסגע׳הרג׳עט געוואָרען. בלויז געציילטע סאָלדאַטען איז געלונגען זיך צו ראַטע־ווען מיט׳ן לעבען. אַט דער צוזאַמענשטויס ביי בענינגטאָן האָט באַוויזען דייטליך, אַז דאָס רעדעל האָט זיך אינגאַנצען איבערגע־דרייט.

בוירגאַינ׳ס אַרמיי האָט איצט גענומען פאַנאַנדערצוקריכען. די אינדיאַנער האָבען דעזערטירט מאַסענווייז. פון די 8 טויזענט זיינען אים איצט פאַרבליבען נים מער ווי אַ 4־5 טויזענט. מיט אַט דעם רעשטעל פון דער אַרמיי איז ער אַריבער דעם האָדסאָן ביי סאַ־ראַטאָגאַ, און זיך גענומען גרייטען פאַרצוזעצען זיין מאַרשרוט קיין אַלבאַני, האָפענדיג נאָך אַלץ, אַז ער וועט קריגען הילף פון זיינע קאַמעראַדען אין ניו יאָרק. דעם 19טען סעפּטעמבער איז פאָרגע־קומען די ערשטע שלאַכט אַרום סאַראַטאָגאַ. אַ גאַנצען טאָג האָט די שלאַכט אָנגעהאַלטען. פון ביידע זייטען זיינען געפאַלען צו עטליכע הונדערט מאַן. די ענגלענדער זיינען ניט צוריקגעשטויסען געוואָרען, אָבער די אַמעריקאַנער האָבען זיי איבערצייגט מיט דער דאָזיגער שלאַכט, אַז זיי קענען ניט האָפען דורכצוברעכען אַ וועג קיין אַלבאַני. דעם 7טען אָקטאָבער איז פאָרגעקומען אַ צווייטע שלאַכט ביי סאַראַטאָגאַ. דאָס מאָל איז בוירגאַין צוריקגעטריבען געוואָרען מיט גרויסע פאַרלוסטען. די אַמעריקאַנער האָבען אים אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען און אים פאַרשפּאַרט אין סאַ־

ראטאגא. דעם 17טען אקטאבער האט ער זיך מיט זיין גאנצער אר־מיי אונטערגעגעבען. די צאל פון די געפאנגענע איז ניט געווען קיין גרויסע, איינגאנצען ארום 5 טויזענט מאן, אבער דער פאקט, אז אן ענגלישע ארמיי האט זיך אונטערגעגעבען צו די רעוואלוציא־נערען, איז געווען פון גרעסטער באדייטונג. ענגלאנד האט דעם גענעראל בורגאין קיינמאל ניט מוחל געווען די שאנדע וואס ער האט געבראכט דעם פאטערלאנד. ער איז פארשטויסען געווארען פון דער רעגירונג און פון די אריסטאקראטישע קרייזען. אין איי־ראפא האט מען ענדליך אנערקענט די רעוואלוציאנערען אלס א מאכט, מיט וועלכער מען מוז זיך רעכענען. די רעוואלוציאנערען אליין האבען איצטער באקומען גאר אן אנדער מוט, אן אנדער אנטשלאסענקייט.

דער נאמען בענעדיקט ארנאלד איז אייננ פארבונדען מיט די צוויי שלאכטען פון סאראטאגא. דער הויפט קאמאנדיר פון דער אמעריקאנער ארמיי איז געווען גענעראל געיטס. אבער בענעדיקט ארנאלד האט זיך אין דער שלאכט זייער שטארק אויסגעצייכענט. היסטאריקער זיינען צוטיילט אין זייערע מיינונגען וועגען זיין ראלע אין דעם זיג. דער ענגלישער היסטאריקער לעקי גיט אר־נאלד'ן דם גאנצען קרעדיט. ער זאגט, אז אין דער צווייטער שלאכט פון 7טען אקטאבער וואלט ארנאלד געווען איינגענומען די ענגלישע ארמיי ווען ער וואלט אינמיטען שלאכט ניט געפאלען א פארוואונ־דעטער (ער האט געקראגען א קויל אין פוס). טייל אמעריקא־נישע היסטאריקער גיבען אים א סך ווייניגער קרעדיט. זיי זאגען, אז אין דער ערשטער שלאכט האט ער ווירקליך א סך אויפגעטאן. אין דער צווייטער אבער האט ער קיין ראלע ניט געשפילט. ער איז גאר דעמאלט געווען שכור און זיין העלדישקייט אויפ'ן שלאכט־פעלד איז באשטאנען אין דעם, וואס ער האט זיך אליין געווארפען אין פייער. זיין קאמאנדעווען דעמאלט האט ניט געהאלפען, נאר געשטערט.

צווישען דער ערשטער און דער צווייטער שלאכט ביי סארא־טאגא האט זיך ארנאלד צוקריגט מיט דעם הויפט גענעראל געיטס. געיטס האט אים דערפאר ניט געוואלט שיקען אין דער צווייטער

שלאַכט. אַרנאַלד האָט אים אָבער ניט געפאָלגט און איז אַליין אַריינגעשפּרונגען אין פראָנט. געיטס האָט אים געשיקט אַ באַפעל ער זאָל צוריקקומען. אָבער אַרנאָלד האָט ניט געפאָלגט. ער האָט געקעמפט ביז וואַנען ער איז געפאַלען אַ פאַרוואונדעטער.

ווען בענעדיקט אַרנאָלד וואָלט אין דער שלאַכט דער'הרג'עט געוואָרען, וואָלט ער פאַרבליבען אין דער געשיכטע אָלס איינער פון די גרויסע העלדען פון דער רעוואָלוציע. דאָס גאַנצע לאַנד האָט אים דעמאָלט באַגריסט אָלס דעם העלד פון סאַראַטאָגאַ. אפילו אין די שפּעטערדיגע יאָרען ווען ער האָט פאַראַטען די רעוואָלוציע און אַלע האָבען אים געשאָלטען און פאַראַכט האָט מען מיט דאַנק־באַרקייט דערמאָנט די גרויסע דינסט פאַר דער רעוואָלוציע וואָס ער האָט געגעבען אין סאַראַטאָגאַ. אַ רעוואָלוציאָנער האָט זיך דעמאָלט אויסגעדריקט אַזוי: „שניידט אָפּ די פוס וואָס איז פאַר־וואונדעט געוואָרען ביי סאַראַטאָגאַ, און באַערדיגט זי מיט מיליטעֶ־רישער ערע. און דערנאָך הייננגט אויף דעם איבעריגען טייל פון קערפּער אויפ'ן העכסטען בוים".

## .24

# „וועלי פאָרדזש“

דער ווינטער פון 1777 און 1778 איז געווען דער טרויעריגסטער אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציע. וואַשינגטאָנ׳ס געשלאָגענע אַרמיי איז דעם ווינטער געשטאַנען אין וועלי פאָרדזש, צוואַנציג מייל פון פילאַדעלפיא. ביז היינטיגען טאָג איז דער נאָמען וועלי פאָרדזש אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע פאַרבליבען דער סימבאָל פון פּאַטריאָטישען מארטירערטום. ווען וואַשינגטאָן האָט זיך אין וועלי פאָרדזש אַריינגעקליבען אין אָקטאָבער האָט זיין אַרמיי געציילט אַרום 9 טויזענט מאַן. אין די פרילינג מאָנאַטען פון נעקסטען יאָר איז פון די 9 טויזענט פאַרבלייבען ניט מער ווי 4. אַרום 3 טויזענט זיינען דורך הונגער און קעלט געטריבען געוואָרען צו דעזערטירען. זיי זיינען אַוועק צום שונא און זיך אַליין איבערגעגעבען. אַ פּאָר טויזענט זיינען געלעגען קראַנק אין די האָספּיטאַלס.

עס זיינען געווען צייטען ווען די סאָלדאַטען האָבען דריי טעג נאָכאַנאַנד קיין ברויט ניט געהאַט. „זיי האָבען ניט געהאַט קיין רעק, היט, העמדער, שיך. זיי זיינען געזעסען און האָבען געציטערט פון קעלט אַרום די פייערען אין זייערע ביידלאַך, די פיס צו־פראָרענע“. אין זיין באַריכט שרייבט וואַשינגטאָן אין איין אָרט: „היינט געפינען זיך ביי אונז 2898 סאָלדאַטען, וואָס קענען ניט טאָן זייער מיליטערישע אַרבייט, ווייל זיי זיינען באָרוועס אָדער נאַקעט. אין די קאַלטע דעצעמבער נעכט זיינען פיל סאָלדאַטען געזעסען ביז אין דער פרי אַרום די פייערען, ווייל זיי האָבען ניט געהאַט מיט וואָס זיך צוצודעקען און האָבען דערפאַר ניט געקענט איינ־שלאָפען. אזוי פיל סאָלדאַטען גייען אַרום באָרוועס, אַז מען קען

נאָכשפּירען דעם מאַרשרוט פון דער אַרמיי נאָך די בלוטצייכענס וואָס זייערע טריט לאָזען איבער אויפ'ן אייז און שניי“.

דעם גאַנצען ווינטער האָט זיך געצויגען אַ שטראָם פון דע־זערטירער פון וועלי פאָרדזש קיין פילאַדעלפיע. זיי פלעגען אַנקו־מען אין גרופּען פון צען ביז פופציג, באָרוועסע, נאַקעטע, מיט צו־ריסענע קאָלדרעס אַרומגעבונדען אַרום די לענדען. די ערשטע זאַך וואָס זיי פלעגען טאָן אַריינקומענדיג אין שטאָט איז געווען צו פאַרקויפען זייערע ביקסען, כדי צו קענען קריגען עפּעס אָפּצו־עסען. עס האָט אויסגעזען, אַז די אַרמיי וועט ענטוועדער אויס־שטאַרבען אָדער וועט אינגאַנצען צופאַלען. אין פעברואַר, 1778, האָט וואַשינגטאָן אין זיין באַריכט געשריבען: „שוין עטליכע טעג אַז עס הערשט כמעט אַ הונגער ביי אונז. אַ טייל פון דער אַרמיי האָט אַ גאַנצע וואָך קיין שטיקעל פלייש ניט געגעסען. די איבעריגע האָבען ניט געהאַט קיין פלייש דריי אָדער פיר טעג. זיי זיינען נאַקעט און פאַרהונגערט. מען מוז באַוואונדערען דעם גע־דולד און דעם צוטרויען פון די סאָלדאַטען. מען מוז באַוואונדערען דאָס, וואָס זיי מאַכען ניט קיין אויפשטאַנד און גייען אינגאַנצען ניט אַוועק. צייכענס פון אומצופרידענקייט באַווייזען זיך אָבער, און אויב עפּעס וועט ניט געטאָן ווערען, וועט די קאַטאַסטראָפע לאַנג ניט אויסגעמידען ווערען“.

געבליבען מיט וואַשינגטאָנ'ען זיינען טאַקע די באַגייסטער־טע, די איבערגעבענסטע רעוואָלוציאָנערען. די שוואַכע אין גייסט זיינען אַוועק ענטוועדער צום שונא אָדער אַהיים. איבערהויפּט האָבען דעזערטירט פיל פון די אָפיצירען.

ווער איז געווען שולדיג אין דעם צושטאַנד? דער גרויסער אַמעריקאַנער היסטאָריקער דזשאָן פיסק ערקלערט, אַז שולדיג אין דעם איז געווען ניט די אָרימקייט פון לאַנד, נאָר די שלעכטע פאַר־וואַלטונג אין דעם קאָנגרעס. אין דערזעלבער צייט וואָס די סאָל־דאַטען זיינען אַרומגעגאַנגען באָרוועסע אין שניי, זיינען אין פאַר־שידענע פלעצער געלעגען גאַנצע פּעק מיט שיך, זאָקען און קליידער, און געפוילט, ווייל עס זיינען ניט געווען קיין פערד און וועגען די

פעק אריבערצופירען צו דער ארמיי, אדער ווייל עס איז קיין געלט ניט געווען צו באצאלען די פורלייט.

דער קאנגרעס האט געשפילט פאליטיק און האט אפט באשטימט אומערליכע און אומפייאיגע באאמטע פאר דער ארמיי. אויסערדעם האט דער קאנגרעס טאקע ווייניג געלט געהאט. אליין ארויפצולייגען א שטייער אויפ'ן פאלק האט ער די מאכט ניט געהאט. ער האט בלויז געקענט בעטען ביי די איינצעלנע סטייטס זיי זאלען זאמלען שטייערן פאר אים אנצופירען די רעוואלוציע. צווינגען די סטייטס דאס צו טאן האט דער קאנגרעס קיין מאכט און קיין רעכט ניט געהאט. איז טאקע ווייניג געלט אריינגעקומען. די סטייטס האבען געזארגט בעסער פאר זייער אייגענער מיליץ ווי פאר דער נאציאנאלער רעוואלוציאנערער ארמיי.

אין וואשינגטאנ'ס ליידען אין וועלי פארדזש האט א גרויסען חלק געהאט די ציווילע באפעלקערונג פון פענסילווייניא און ניו דזשוירזי, צווישען וועלכער די רעוואלוציאנערע ארמיי האט געלעבט. די באפעלקערונג איז געווען ניט פריינדליך געשטימט צו די רעוואלוציאנערען. די פארמער האבען בעסער פארקויפט עסענווארג צו האו'ס ארמיי אין פילאדעלפיע, ווייל האו האט געקענט צאלען בעסערע פרייזען. וואשינגטאן האט זיך אפט באקלאגט, אז ער פילט זיך ווי ביי א שונא אין לאנד. מיר האבען שוין אין א פריערדיגען קאפיטעל אנגעוויזען אויף דעם, אז אין די מיטעלע קאלאניעס איז די רעוואלוציאנערע שטימונג געווען פיל שוואכער ווי אין ניו ענגלאנד און אין די סאוט.

וואשינגטאנ'ען האט אבער געשפילט דער מזל. גענעראל האו איז אין פילאדעלפיע געשטאנען מיט אן ארמיי פון 20 טויזענט און אים וואלט לייכט געווען די אויסגעהונגערטע, צופראנע ארמיי פון וועלי פארדזש צו פארניכטען. אבער ווי אימער האט ער דאס אפגעלייגט אויף שפעטער, אדער אפשר האט ער זיך ניט געקענט אוועקרייסען פון דער לוסטיגער געזעלשאפט, אין וועלכער ער האט אין פילאדעלפיע פארבראכט. די ענגלישע און דייטשישע אפיצירען אין האו'ס ארמיי האבען אין דער רייכער פילאדעלפיא געהוליעט און געהולטאיעוועט אויף וואס די וועלט שטייט. איין

דייטשישער אָפיציר האָט געגרינדעט אַ געמבלינג־הויז ספּעציעל
פאַר די אָפיצירען און ער האָט דעם ווינטער געמאַכט אַ ריזיגען
פאַרמעגען. יעדער אָפיציר האָט געהאַט זיין געליבטע, מיט וועל־
כער ער פלעגט ארומפאָרען שפּאַצירען אין אָפענע קאַרעטען, און
וועלכע ער פלעגט ברייננגען צו פירען אַלס גאַסט ביים מושטירען
די סאָלדאַטען. איינע פון די געליבטע האָט זיך געלאָזט אויפנייען
אַ מיליטערישען קאָסטיום ענליך צו דעם קאָסטיום פון איר אָפיציר
און איז אין דעם ארומגעפאָרען מאַכען רעוויזיעס.

די ענגלענדער אין פילאַדעלפיע האָבען געלעבט און געהוליעט,
זיך געבאָדען אין אַלדאָס גוטס, בשעת די אַמעריקאַנער אין וועלי
פאָרדזש, בלויז 20 מייל פון פילאַדעלפיע, זיינען געשטאָרבען פון
הונגער און קעלט. אין דער געדיכטער פינסטערניש וואָס האָט
ארומגערינגעלט די אַמעריקאַנער דעם ווינטער האָט דורכגעבראָ־
כען דער שטראַל פון דעם זיג אין סאַראַטאָגאַ. דער זיג האָט גע־
בראַכט נייעם מוט, נייע כחות פאַר דער רעוואָלוציע און האָט גע־
עפענט פאַר זיי די טירען אין וועלכע זיי האָבען ביז דעמאָלט גע־
קלאַפּט אומזיסט, די טירען פון די אייראָפּעאישע רעגירונגען, וועל־
כע האָבען מיט זיי סימפּאַטיזירט אָבער וועלכע האָבען ניט גע־
גלויבט אין זייערע מעגליכקייטען, אין זייערע קרעפטען צו קעמפען
געגען ענגלאַנד. סאַראַטאָגאַ האָט יענע רעגירונגען איבערצייגט,
אַז די רעוואָלוציע איז אַ מאַכט מיט וועלכער מען מעג זיך רעכע־
נען, אויף וועלכער מען קען בויען. און זיי האָבען גענומען מיט די
רעוואָלוציאָנערען פאַרהאַנדלען וועגען פאַרבינדונגען, וועגען פי־
נאַנציעלער און מיליטערישער שטיצע.

וואַשינגטאָנ׳ס פּערזענליכע לאַגע אין די ערשטע עטליכע יאָר
פון דער רעוואָלוציע איז געווען זייער אַ שווערע. זיין שטאַנד־
פּונקט אין מיליטערישע אַנגעלעגענהייטען איז געווען דער שטאַנד־
פּונקט פון אַ מיליטערישען מענשען. ער האָט געפאָדערט עס זאָל
ארגאַניזירט ווערען אַ גרויסע רעגעלמעסיגע אַרמיי מיט אַ שטריינ־
גער דיסציפּלין. ער האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל זיך וואָס ווייני־
גער פאַרלאָזען אויף דעם פּאַטריאָטיזם, אויף דער רעוואָלוציאָ־

נערער באגייסטערונג פון די סאלדאטען און מען זאל אנווענדען אייראפעאישע מעטאדען פון אויפבויען אן ארמיי.

דער קאנגרעס האט אויף זיינע פאדערונגען געקוקט קרום. די אידעאליסטישע פירער פון דער רעוואלוציע האבען מורא געהאט פאר א שטארקער ארמיי. זיי האבען באטראכט פראפעסיאנעלע סאלדאטען אלס א ווערקצייג פון דעספאטען און טיראנען און האבען ניט געוואלט דערלאזען אזא ארמיי זאל דא ארגאניזירט ווערען. זיי האבען געהאלטען, אז עס איז זיכערער זיך צו פארלאזען אויף דער מיליץ פון בירגער, פון מענשען, הייסט עס, וואס האבען אליין פיינט מיליטאריזם און נעמען געווער אין די הענט בלויז אין א קאמף פאר אידעאלען און פרינציפען. וואשינגטאן האט יארען לאנג פראטעסטירט אין צענדליגע בריף און באריכטען צום קאנגרעס. ער האט אנגעוויזען פון זיינע ערפארונגען ווי פאלש די טאקטיק פון קאנגרעס איז. ער האט אט צו דער טאקטיק צוגעשריבען די מפלות וואס זיין ארמיי האט געליטען. ביסלעכווייז האט ער געוואונען דעם קאנגרעס נאכצוגעבען זיינע פאדערונגען איינע נאך דער אנדערער, אויב ניט אינגאנצען איז כאטש טיילווייז. עס איז ארגאניזירט געווארען אן איינהייטליכע רעגולערע ארמיי מיט א שטארקער דיסציפלין. אפיצירען האבען באקומען פענסיע, ניט אויפ'ן גאנצען לעבען, אבער אויף זיבען יאר נאך דער רעוואלוציע. אין די לעצטע יארען פון דער רעוואלוציע איז די רעוואלוציאנערע ארמיי געווען ארגאניזירט לויט אלע מיליטערישע כללים און מעטאדען פון יענער צייט.

די ערגסטע צייט האט וואשינגטאן דורכגעלעבט אין די לעצטע מאנאטען פון 1777, בשעת ער איז מיט זיין ארמיי געשטאנען אין וועלי פארדזש. זיינע געגנער אין קאנגרעס און אין דער ארמיי האבען זיך דעמאלט פאראייניגט אין א געהיימען בונד אים ארונטערצוואווארפען פון זיין אמט. אין דער פארשווערונג זיינען געווען פארמישט הילפס־גענעראלען און קלענערע אפיצירען פון וואשינגטאנ'ס ארמיי און אייניגע פון די איינפלוסרייכסטע מיטגלידער פון קאנגרעס. אין דער געשיכטע ווערט די פארשווערונג באצייכענט מיט'ן נאמען „קאנוויי'ס קאבאל" (קאנוויי'ס אינטריגע).

קאָנוויי איז געווען אַן איירישמאַן, וועלכער האָט געדינט פריער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי און איז אַהער געקומען העלפען דער רעוואָלוציע. ער איז דאָ געוואָרען אַן אָפיציר. די אינטריגע גע־גען וואַשינגטאָנ׳ען גייט אויף זיין נאָמען, ווייל ער איז געווען דער טיכטיגסטער אָנפירער און ווייל ער האָט געוואָגט מער ווי די אַנ־דערע.

דער פּלאַן איז געווען אַראָצוזעצען וואַשינגטאָנ׳ען און אויף זיין פּלאַץ אַרויפזעצען גענעראַל געיטס. געיטס איז געווען דער הויפּט קאָמאַנדיר אין סאַראַטאָגאַ. ער האָט געוואונען אַ ריזיגען זיג פאַר דער רעוואָלוציע אין דערזעלבער צייט, וואָס וואַשינגטאָן האָט געליטען זיין נידערלאַגע אין פילאַדעלפיע. וואַשינגטאָנ׳ס געגנער האָבען אָנגעפירט פּראָפּאַגאַנדע, געזוכט צו שאַפען שטימונג צו גונסטען געיטס׳ן. עס איז אַ סברא, אַז אין קאָנגרעס האָבען די צוויי עדעמס׳עס, דזשאָן און סעמיועל, געשטיצט די באַוועגונג. דער קאָנגרעס האָט געיטס׳ן דערהויבען צום אַמט פון פּרעזידענט פון קריגס־ראַט און קאָנוויי איז באַשטימט געוואָרען אַלס הויפּט אינ־ספּעקטאָר פון דער אַרמיי. דאָס האָט די צוויי אינטריגאַנטען גע־געבען שטאַרקע פּאָזיציעס, פון וועלכע זיי האָבען וואַשינגטאָנ׳ען געקענט שטענדיג באַאָבאַכטען און אַטאַקירען. וואַשינגטאָנ׳ס שונאים האָבען געהאָפט, אַז די צוויי באַשטימונגען וועלען וואַשינג־טאָנ׳ען אַזוי אויפרעגען אַז ער וועט אַליין רעזיגנירען.

וואַשינגטאָן האָט עס ניט געטאָן. זיין אויפפירונג די גאַנצע צייט פון דעם סקאַנדאַל איז באמת געווען צו באַוואונדערען. ער האָט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג וועגן געוויסע פאַקטען וועגען די אינטריגעס זיינע אים באַקאַנט געוואָרען האָט ער זיי בלויז פאַר־עפענטליכט. אָבער ער האָט קיין זאַך געגען די אינטריגאַנטען ניט געטאָן. ער האָט אפילו קיין פאַרדרוס ניט אַרויסגעוויזען. אָט די קאַמפּס־מעטאָדע האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַן ערפאָלג. יעדעס מאָל וואָס אַ גיפטיגער בריף פון די אינטריגאַנטען איז אַרויס אין דער עפענטליכקייט איז וואַשינגטאָנ׳ס פּאָזיציע פאַרשטאַרקט געוואָרען. דער סוף איז געווען אַז די פאַרשווערונג האָט צוזאַמענ־געבראָכען. קאָנוויי האָט רעזיגנירט און אַביסעל שפּעטער האָט ער

פארלאזען אמעריקא. געיטס איז אראפגענעצט געווארען פון זיין הויכען אמט און האט געקראגען א ניט וויכטיגען פאסטען. וואשינגטאנ'ס פאזיציע איז געווארען שטארקער פון טאג צו טאג. פון נאך דער פארשווערונג שטייגט וואשינגטאן אין איינפלוס און רום, ביז וואנען ער ווערט דער „ערשטער בירגער אין לאנד" און דער „פאטער פון לאנד".

דער איינפלוס פון דעם „קאנטינענטעל קאנגרעס" הויבט איצט אן צו פאלען. קיין ווירקליכע מאכט האט דער קאנגרעס קיינמאל ניט געהאט. ער האט ניט געקענט צווינגען די קאלאניעס צו טאן זיין ווילען. ווען ער האט זיך געגויטיגט אין געלט אנצופירען די רעוואלוציע האט ער זיך געמוזט ווענדען צו די סטייטס און זיי האבען געהאט די ברירה צו געבען אדער ניט. ער האט געבארגט געלט און געדרוקט פאפירענע געלט, וואס איז געפאלען אין ווערט און האט געבראכט א יקרות אין לאנד. די וויכטיגסטע מיטגלידער האבען דעם קאנגרעס פארלאזען, ווייל ביי זיך אין דער היים אין זייערע סטייטס האבען זיי געקענט טאן וויכטיגערע ארבייט און דארטען איז פאר זיי פארגעשטאנען א גרעסערע קאריערע. אלע האבען דעם קאנגרעס באטראכט אלס א צייטווייליגע קערפערשאפט, וועלכע וועט אויפגעלייזט ווערען אזוי שנעל ווי די רעוואלוציע וועט זיך ענדיגען. אפט פלעגען ביי די מיטינגען פון קאנגרעס ניט זיצען מער ווי א צען מיטגלידער.

.25

# טאָמאַס פּעינ׳ס פּאַמפּלעטען „דער קריזיס“

אין מאָנאַט דעצעמבער, 1776, ווען וואַשינגטאָנ׳ס אַרמיי איז אַ פאַרצווייפעלטע און אַ געשלאָגענע געטריבען געוואָרען אַלץ ווייטער און טיפער אין ניו דזשוירזי אַריין, האָט טאָמאַס פּעין ווידער גענומען זיין מעכטיגע פעדער אין האַנט, ווידער צו וועקען דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט, דעם רעוואָלוציאָנערען מוט אין די הערצער פון דעם פאָלק און דער אַרמיי. ער איז דעמאָלט אַליין געווען אַן אָפיציר אין דער געטריבענער אַרמיי. ער האָט אויף אַ ווײַלע אוועקגעלייגט זיין שווערד און זיך גענומען צו דער פעדער. און דאָס מאָל איז מקוים געוואָרען דער אַלטער פסוק, אַז די פעדער איז מעכטיגער ווי דער שווערד.

פּעין האָט אָנגעהויבען שרייבען אַ סעריע פּאַמפּלעטען אונטער׳ן נאָמען „דער קריזיס“, וועלכע ער האָט פאָרגעזעצט אַזוי לאַנג ווי די מלחמה האָט אָנגעהאַלטען. יעדעס מאָל ווען אַ נייע סכנה האָט געסטראַשעט דער רעוואָלוציע איז ער אַרויסגעקומען מיט אַ פרישען פּאַמפּלעט אין וועלכען ער האָט געוואָרענט געגען דער געפאַר און זי געזוכט אָפּצושאַפען. און יעדעס מאָל האָט זיין פּאַמפּלעט געבראַכט וואונדערבאַרע רעזולטאַטען. אין זעקס יאָר פון דער רעוואָלוציע האָט ער אָנגעשריבען זעכצען אַזוינע פּאַמפּלעטען. די אומשטענדען אונטער וועלכע ער האָט די ליטעראַרישע אַרבייט זיינען געווען שרעקליך שווערע. ער האָט די גאַנצע צייט געטאָן אַקטיווע אַרבייט ענטוועדער אַלס סאָלדאַט אויפ׳ן שלאַכטפעלד אָדער אַלס באַאַמטער פון קאָנגרעס. דערצו איז ער געווען שרעקליך אָרים. ער האָט אָפט ניט געהאַט גענוג

געלט צו קויפען א פאר שיך. דאס האט אבער זיין באגייסטערונג און ענטוזיאזם אויף א האר ניט אפגעשוואכט.

דער ערשטער פאמפלעט פון דער סעריע „דער קרייזיס", וואס איז ערשינען אין פילאדעלפיע דעם 19טען דעצעמבער, 1776, האט אויפגעטרייסעלט דאס לאנד. די פראזע, מיט וועלכער דער פאמפלעט הויבט זיך אן, איז אריין אין דער פאלקס־שפראך. ביז היינטיגען טאג ווערט די פראזע אפט באנוצט אין רעדעס און אין שריפטען. זי לייענט זיך אזוי: „די איצטיגע צייט פרואווט אויס די נשמות פון די מענשען".

דער קרויס איז באשטאנען הויפטזעכליך אין דעם, וואס די סאלדאטען האבען מאסענווייז פארלאזען וואשינגטאן'ס ארמיי. אט געגען דעם האט פעין אין זיין פאמפלעט אמשטארקסטען געקעמפט. „דער זומערדיגער סאלדאט און דער זומערדיגער פאטריאט, שרייבט ער, וועט אין דעם איצטיגען קריזיס זיך אנטזאגען צו דינען זיין לאנד. אבער דער יעניגער וואס וועט איצט בלייבען שטיין אויף זיין פאסטען, פארדינט די ליבע און דעם דאנק פון יעדען מאן און יעדער פרוי... טיראניי איז פונקט ווי דער גיהנם, זיי לאזען זיך לייכט ניט באזיגען. מיר האבען אבער די טרייסט: וואס שווערער דער קאמף אלץ הערליכער דער זיג". מיט גליענדיגע פראזען שילדערט ער ווייטער די שרעקען פון א מפלה, דעם שרעקליכען פרייז וואס דאס לאנד וועט באצאלען אויב די רעוואלוציע וועט דורכפאלען. ער שליסט דעם פאמפלעט מיט א קאמפסרוף: „ערוואכט און העלפט אונז! לייגט צו אייערע אקסעל צום ראד! בעסער צו פיל כחות ווי צו ווייניג, ווייל גרויס איז דער ציל וואס שטייט אין קאן. זאל דערציילט ווערען צו די צוקונפטיגע דורות, אז אין מיטען ווינטער, ווען אלץ, אויסער האפנונג און מוטיגענד, איז טויט געווען, האט די שטאט און דער דארף דערזען די געפאר און זיינען ארויסגעטראטען געגען איר און האבען איר צוריקגעשטויסען... יענע הערצער וואס פילען ניט איצטער זיינען טויט. דאס בלוט פון זיינע קינדער וועט פארשעלטען אלס פייגלינג דעם יעניגען וואס בלייבט גלייכגילטיג אין א צייט ווען א קליין ביסעל הילף קען אלעם ענדערען און זיי ברייגגען גליק. געלויבט איז יער

מענש וואָס קען שמייכלען ווען ער איז אַרומגערינגעלט פון צרות, וועלכער קען שעפּען כחות פון נויט... בלויז מענשען מיט קליינע מחות האָבען מורא. דער יעניגער ביי וועמען דאָס הארץ איז פעסט און וועמענס געוויסען איז אין איינקלאַנג מיט זיינע מעשים, וועט פאַרזעצען דעם קאַמף פאַר זיין פּרינציפּ ביז׳ן טויט“.

אין וואָס איז באַשטאַנען פעינ׳ס מערקווירדיגע קראַפט? דעם בעסטען ענטפער אויף דער פראַגע גיט פּראָפעסאָר טיילאָר אין זיין ווערק „די ליטעראַרישע געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע“. ער שרייבט פאָלגענדעס:

„די וואונדערבאַרע קראַפט מיט וועלכער דער דאָזיגער אַרי־מער שרייבער האָט באַאיינפלוסט די מחות פון מענשען און גע־ווירקט אויפ׳ן גאַנג פון פּאַסירונגען אין די אַלע יאָרען פון דער רעוואָלוציע, איז אין גרונט געווען די קראַפט פון גרויסען פּובלי־ציסט. ער האָט געהאַט דעם זשורנאַליסטישען טעמפּעראַמענט — דעם חוש, דעם געשמאַק און די באַגרענצונגען פון דעם זשורנאַליסט. אים האָט די פאַרגאַנגענהייט ניט אינטערעסירט סיידען ער האָט פון איר געקענט ציען אַ מוסר השכל פאַר דעם איצט. ער האָט געלעבט מיט׳ן היינט. ער איז יעדען אין דערפרי אויפגעשטאַנען מיט דער פראַגע, וואָס איז דער וויכטיגסטער געדאַנק, די שאַרפסטע נויטווענדיגקייט, די גרעסטע פּאַסירונג פון אָט דעם טאָג. ביכער זיינען פאַר אים ניט געווען קיין לעבעדיגע וויכטיגקייט. זיין ביב־ליאָטעק איז באַשטאַנען פון אַ הייפעל פאַמפלעטען און אַ קעשענע אָנגעשטאָפּט מיט צייטונגען. אַלץ וואָס ער האָט געשריבען איז גע־ווען אַן ענטפער אויף געוויסע באַדערפענישען. ער האָט געוואוסט וואָס דאָס פאָלק דיינקט, וויל, ליבט און האַסט. ער האָט עס גע־וואוסט בעסער ווי דאָס פאָלק אַליין. דער סוד פון זיין איינפלוס איז באַשטאַנען אין זיין פייאיגקייט צו פאַרטייטשען פאַר׳ן פאָלק זיין געוויסען און זיין באַוואוסטזיין, און צו טאָן עס אין אַ שפּראַך, וואָס איז צייטענווייז געווען ווי ריידענדיגע דונערען און בליצען. די געשיכטע פון דער לאַנגער מלחמה קען געלייענט ווערען אין דעם פלאַמענדיגען ליכט פון די פאַמפלעטען, אין וועלכע ער האָט מיט אַ פעסטער שטימע פון אַ געבאָרענעם פירער צוריקגערופען

דאַס פאָלק אין דער שטונדע פון מורא און נידערלאַגע, אפּעלירט צו איהם, איהם גע'מוסר'ט, איהם באַגייסטערט און איהם געוויזען דעם וועג פון פליכט און נצחון".

וואשינגטאָן איז אַזוי באַגייסטערט געווען פון פּעין'ס „קריזיס", אַז ער האָט באַפוילען מען זאָל דאָס ווערק פאָרלעזען פאַר זיינע נידערשלאַגענע סאָלדאַטען. דער קאָנגרעס אין פילאַדעלפיע האָט אַלס אַנערקענונג אויסגעקליבען פּעין'ען פאַר סעקרעטער פון דער קאָמיטע פון אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען. ער האָט דעם אַמט געהאַלטען צוויי יאָהר.

26.

# ענגלענדער פארלאזען פילאדעלפיא

אין מאנאט מאי, 1778, האבעןביידע ארמייען, וואשינג־טאנ׳ס אין וועלי פארדזש און האו׳ס אין פילאדעלפיא, געמאכט יום־טוב. אין וואשינגטאנ׳ס לאגער האט מען זיך משמח געווען איבער די נייעס, אז עס איז געשלאסען געווארען אן אפמאך מיט פראנקרייך און אז אין קורצען וועט אנקומען א פלאטע און אן אר־מיי פון פראנקרייך צו העלפען דער רעוואלוציע. וואשינגטאן האט אליין באקאנט געמאכט די פרייליכע נייעס צו זיין ארמיי דעם 6טען מאי און די סאלדאטען האבען געשריען „הורא!“ און „לעבען זאל דער קעניג פון פראנקרייך!“ די קאנאנען האבען געשאסען און די רעגימענטען האבען פאראדירט. דערנאך האט וואשינגטאן איינגעלאדען אלע אפיצירען צו א סעודה, ביי וועלכער עס האט גע־שפילט מוזיק.

אין פילאדעלפיא איז די שמחה פארגעקומען מיט צען טעג שפעטער, דעם 16טען מאי. דארטען האט די ארמיי און די אריסטא־קראטיע פון שטאט געגעבען אן אפשידס־באנקעט דעם גענעראל האו, וועמענס רעזיגנאציע די ענגלישע רעגירונג האט ענדליך אנגענומען. וועגען דעם יום־טוב איז פיל געשריבען געווארען פון מענשען, וואס זיינען ביי אים אנוועזענד געווען. די שמחה איז געפראוועט גע־ווארען א גאנצען טאג און א גאנצע נאכט. זי האט זיך אנגעפאנגען מיט א פאראד פון אויסגעפוצטע שיפלאך אויף דעם דעלעווער טייך. דערנאך האט מען מארשירט אין די גאסען. ביינאכט איז פארגע־קומען א גרויסארטיגער באל און א פראכטפולער באנקעט. אלץ איז דורכגעפירט געווארען מיט גרויס פאמפ. די אריסטאקראטישע

דאמען האבען געשפילט די הויפט ראלע. א היסטאריקער באַמערקט, אז יענעם אווענט איז פארנוצט געווארען מער פייערווערק ווי עס וואלט נויטיג געווען צו באזיגען די רעוואלוציאנערע ארמיי. מיט'ן געלט וואס איז דארט פארשווענדט געווארען וואלט מען געקענט שפייזען די גאנצע רעוואלוציאנערע ארמיי א פול יאר. דער ארטיסטישער טייל פון פראגראם איז דורכגעפירט געווארען פון דעם ענגלישען אפיציר אנדרע, וועלכער איז געווען א זון פון פראנצויזישע עלטערען (מיר וועלען זיין נאמען באגעגענען אין פארבינדונג מיט א גאנץ אנדער געשיכטע).

גענעראל האו איז פארבליבען אין פילאדעלפיע ביז'ן 18טען יוני. יענעם טאג האבען די ענגלענדער אפגעליידיגט די שטאט. אזוי שנעל ווי די ענגלענדער האבען באקומען די נאכריכט, אז די פראנצויזען האבען ארויסגעשיקט א פלאטע צו העלפען די רעוואלוציאנערען האבען זיי באשלאסען ארויסצוגיין פון פילאדעלפיע. פאר דער פראנצויזישער פלאטע וואלט לייכט געווען צו מאכען א בלאקאדע אויף דעם פילאדעלפיער האפען און דאן וואלט די ענגלישע ארמיי אין דער שטאט זיין ווי אין א פאסטקע. די רעוואלוציאנערע ארמיי וואלט זיי געקענט אטאקירען פון לאנד אין דערזעלבער צייט וואס די פראנצויזישע פלאטע וואלט אויף זיי געקענט שיסען פון ים. די ענגלענדער האבען קיין אנדער ברירה ניט געהאט ווי באצייטענס צו אנטלויפען. דעם 18טען יוני האט די ענגלישע ארמיי ארויסגעמארשירט פון דער שטאט און גענומען גיין קיין ניו יארק. די קאמאנדע האט אבערגענומען גענעראל קלינטאן. גענעראל האו איז אפגעפארען צוריק קיין ענגלאנד, מיטנעמענדיג א דריי טויזענט אמעריקאנער לאיאליסטען פון פילאדעלפיע, וועלכע האבען ניט געוואגט צו פארבלייבען אין דער שטאט, וואוהין די אמעריקאנער ארמיי האט געדארפט אריינקומען.

גענעראל האו'ס מיליטערישע פירערשאפט אין אמעריקא איז אונטערזוכט געווארען אין ענגלישען פארלאמענט. קיינער האט אים דארטען ניט אטאקירט אדער באשולדיגט. נאר אזוי ווי עס האבען זיך ארומגעטראגען אלערליי קלאנגען האט ער אליין געפאדערט אז אונטערזוכונג. עדות זיינען אויפגעטראטען אי פאר אים

אי געגען אים. די געגנער האבען באוויזען, אז ער האט ביי עטליכע געלעגענהייטען געקענט לייכט צושמעטערען די רעוואלוציאנערע ארמיי און אז ער האט פארנאכלעסיגט דאס צו טאן. ער איז אויך אטאקירט געווארען פאר ניט שיקען קיין הילף צו גענעראל בורגאין ביי סאראטאגא. די אונטערזוכונג האט זיך אבער קיינמאל ניט געענדיגט. דער פארלאמענט האט די זאך דערשטיקט. האו האט פארנומען זיין אלטען פלאץ אין פארלאמענט, אין וועלכען ער איז געוועזן א מיטגליד איידער ער איז געפארען קיין אמעריקא. זייענדיג דעם קעניג'ס א קאזין האט ער אויך שנעל צוריקגעקראגען זיין פלאץ אין דער הויכער געזעלשאפט. אין לאנד אבער האט מען אויף אים גערעדט אלץ דאס ביזז. מען האט געזאגט, אז ער האט בכיון ניט אונטערדריקט די רעוואלוציע, ווייל ער האט פון איר געמאכט געלט. מען האט אנגעוויזען אויף דעם פאקט, וואס ער איז פון אמעריקא צוריקגעקומען א פיל רייכערער מאן ווי ער איז קיין אמעריקא אוועקגעפארען. קיין באווייזען זיינען אבער ניט געבראכט געווארען צו באשטעטיגען אט די און ענליכע באשולדיגונגען.

אין יוני פון 1778 ווען גענעראל קלינטאן האט איבערגענומען האו'ס אמט איז די ענגלישע ארמיי ניט געוועזן שטארקער ווי די אמעריקאנער. די ענגלענדער האבען דעמאלט געהאט ארום און ארום אן ערך פון 18 טויזענט מאן: צוויי טויזענט אין ניופארט, ראוד איילאנד; פיר טויזענט אין ניו יארק און צען טויזענט אין פילאדעלפיא. די אמעריקאנער האבען געהאט עלף טויזענט אין וועלי פארדזש און פינף טויזענט אין אנדערע פונקטען.

קלינטאנ'ס ערשטער באשלוס איז געוועזן גלייך אפצולייזיגען פילאדעלפיע. זיין פלאן איז געוועזן דורכצוגיין דורך ניו דזשוירזי און אריבערשווימען דעם האדסאן. טראנספארטירען שיפען דירעקט קיין ניו יארק האט ער מורא געהאט, ווייל דאס וואלט געדויערט לאנג און דערווייל וואלטען די פראנצויזישע שיפען געקענט אונטערקומען און פאנגען די ענגלישע טראנספארטען אין מיטען וועג.

ווען וואשינגטאן האט זיך דערוואוסט, אז קלינטאנ'ס ארמיי

מארשירט דורך ניו דזשוירזי האט ער גענומען טראכטען וועגען אטאקירען זי. ער האט פאררופען א בעראטונג פון אלע זיינע אד־יוטאנטען, שטאב גענעראלען מיט זיי זיך מיישב צו זיין. די מער־סטע פון זיי האבען געשטימט געגען אן אטאקע. אט דער שטאנד־פונקט איז פארטיידיגט געווארען הויפטזעכליך פון גענעראל טשארלס ליע. א מינאריטעט האט אבער געהאלטען מיט וואשינג־טאנ׳ען, אז מען דארף יע אטאקרען. וואשינגטאן האט אפגעווארט אביסעל. און נאך א צווייטער בעראטונג, אין וועלכער די מאיא־ריטעט האט ווידער געשטימט געגען זיין מיינונג, האט ער ארויס־געשיקט עטליכע רעגימענטען „צו שטערען" קלינטאנ׳ס מארשרוט.

פון דעם שטערען איז ביסלאכווייז געקומען צו אן אלגעמיינער שלאכט צווישען די צוויי ארמייען. די שלאכט איז פארגעקומען אין מאנמאוט, ניו דזשוירזי. די שלאכט האט זיך געענדיגט אזוי, אז יעדער צד האט זי פארצייכענט אלס א זיג פאר זיך. זיין הויפט ציל האט וואשינגטאן ניט דערגרייכט. אים איז ניט געלונגען קלינ־טאנ׳ס ארמיי אפצושטעלען. קלינטאן איז אנגעקומען קיין ניו יארק דעם 16טען יולי. ער האט פארלארען אויפ׳ן וועג בלויז עטליכע הונדערט מאן.

די שלאכט האט אבער געהאט אן אנדער רעזולטאט, צוליב וועל־כען זי איז בארימט געווארען אין דער אמעריקאנער געשיכטע. זי האט געפירט צו א קריג צווישען די צוויי גענעראלען, וואשינגטאן און ליע. אין פארלויף פון דער שלאכט האט וואשינגטאן באשול־דיגט ליע׳ן, אז ער האט ניט דורכגעפירט זיינע באפעלען. זיי הא־בען זיך ביידע איבערגערעדט אויפ׳ן שלאכטפעלד און וואשינגטאן האט ליע׳ן שטארק באליידיגט. נאך דער שלאכט האט ליע גע־שיקט א שארפען בריף צו וואשינגטאנ׳ען. ליע איז געשטעלט גע־ווארען צו א קריגס־געריכט. ליע איז געפונען געווארען שולדיג. אלס שטראף אז ער סוספענדירט געווארען פון דער ארמיי אויף א יאר צייט. נאכ׳ן יאר האט ער ווידער געשריבען באליידיגענדע בריף און דער קאנגרעס האט אים דאן פון דער ארמיי אינגאנצען אויסגעשלאסען.

די געשיכטע מיט גענעראל ליע האט פאראורזאכט א שטורם

אין דער צייט ווען זי האט פאסירט, אבער ביז היינטיגען טאג זיינען היסטאריקער צוטיילט אין זייערע מיינונגען. טייל האלטען, אז ליע איז געווען אן איינפאכער פאררעטער, אז ער האט געוואלט אז וואשינגטאן זאל די שלאכט פון מאנמאוט פארלירען, מיט דער האפנונג, אז דעמאלט וועט וואשינגטאן ארונטערגעזעצט ווערען און ער, ליע, וועט פארנעמען זיין פלאץ, און דעמאלט ערשט וועט ער קענען די רעוואלוציע פארקויפען צו ענגלאנד. אנדערע היסטאריקער גלויבען אבער פארקערט, אז ליע איז געווען א קרבן, אז ער האט זיינע רעגימענטען געפירט לויט די בעסטע מיליטערישע געזעצען און אז וואשינגטאן האט אים אומזיסט חושד געווען און אומזיסט באליידיגט.

ליע איז געווען אן ענגלענדער. ער האט אהער אימיגרירט. ווען די רעוואלוציאנערע באוועגונג האט זיך ארגאניזירט איז ער געווארען איינער פון די ערשטע וואס האבען אגיטירט פאר דעם, אז אמעריקא זאל זיך אפרייסען פון ענגלאנד. ווען די רעוואלוציע האט אויסגעבראכען און וואשינגטאן איז באשטימט געווארען אלס הויפט קאמאנדיר האט זיך ליע געפילט שטארק באליידיגט. ער איז ווירקליך געווען א מער ערפארענער, א מער געלערנטער אין מיליטערישע אנגעלעגענהייטען ווי וואשינגטאן און ער האט גע־גלויבט, אז דער אמט קומט אים. ער איז באשטימט געווארען אלס צווייטער אין ראנג צו וואשינגטאנ׳ען.

אין דער ערשטער שלאכט אין לאנג איילאנד און אין ניו יארק האט ליע ארויסגעוויזען גרויס פייאיגקייט. עס איז א סברא, אז ווען ניט ער וואלט וואשינגטאן דאן זיין גאנצע ארמיי פארלא־ען. אבער ווען וואשינגטאן איז אריבער אין ניו דזשוירזי איז פארגעקומען דער ערשטער צוזאמענשטויס צווישען אים און ליע. וואשינגטאן האט באפוילען ליע׳ן ער זאל ברייננען די רעגימענטען וואס זיינען געשטאנען אינטער זיין, ליע׳ס, קאמאנדע פון ניו יארק קיין ניו דזשוירזי. ליע האט א שטיקט צייט זיך ניט וויסענדיג געמאכט און דעם באפעל ניט דורכגעפירט. ווען ליע איז ענדליך אנגעקימען קיין ניו דזשוירזי האבען די ענגלענדער אים געפאנגען. ער איז פארבליבען אין געפאנגענשאפט ביז׳ן פרילינג פון 1778. דאן האט

וואשינגטאן אים אויסגעביטען פאר אן ענגלישען געפאנגענעם אפי־ציר און ליע איז צוריקגעקומען אין דער אמעריקאנער ארמיי און האט צוריקגעקראגען זיין הויכען אמט אלס גענעראל. ליע'ס פריינט וויזען אן אויף דעם פאקט, וואס ווען ליע איז געקומען פון גע־פאנגענשאפט איז וואשינגטאן ארויסגעפארען אים באגעגענען און האט פאר אים געמאכט א גרויסען פאראד. דער טאג וואס ליע איז געבראכט געווארען אין לאגער אין וועלי פארדזש איז געפייערט געווארען אלס א יום טוב. דאס באווייזט, אז וואשינגטאן האט פון אים זייער פיל געהאלטען און אז ער האט אים קיינמאל ניט פאר־דעכטיגט אין אומטרייקייט צו דער רעוואלוציע.

איינס אבער גיבען אלע צו, אפילו ליע'ס פריינט, אז ער האט געהאט א שלעכטען כאראקטער. ער איז געווען א גרויסער בעל גאוה, זייער אמביציעז. ער האט אימער געפילט אז ער קריגט ניט גענוג אנערקענונג און באלוינונג. דערצו האט ער דא אין אמעריקא געקוקט אויף אלעמען פון אויבען אראפ. ער איז געווען אן אריס־טאקראט און האט באטראכט די אמעריקאנער רעוואלוציאנערען פאר א וואולגארער מאסע. ער איז געווען שמאלקעפיג, איינגהער־ציג און אימער ארויינגעטאן אין זיין אייגענעם איך.

## 27.

# פראַנקרייך שליסט אַ בונד מיט די רעוואָלוציאָנערן

אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע האָט ענגלאנד ניט געהאַט קיין פריינט אין אייראָפּא. קיינער האָט איר ניט פאַרגונען איר גרויסע ים מאַכט און איר מאָנאָפּאָליזירטען האַנדעל אין די קאָלאָניעס אין אַמעריקא און אין אַנדערע וועלט טיילען. די פיינדליכסטע געפילען צו איר האָט געטראָגען פראַנקרייך. ביי פראַנקרייך זיינען נאָך פריש געוועזן די וואונדען פון דער פאַרלאָרענער מלחמה אין אַמעריקא און אין אינדיען. אַלע פעלקער אין אייראָפּא האָבען געוואַרט אויף אַ געלעגענהייט צו נעמען ראַכע פון ענגלאַנד, און פראַנקרייך מער ווי אַלע איבעריגע. די געלעגענהייט איז איצטער ענדליך געקומען.

גלייך ווי עס איז קלאָר געוואָרען, אַז עס גייט צו אַ רעוואָלוציע האָט פראַנקרייך געשיקט אַגענטען קיין ענגלאַנד און אַמעריקאַ, זיי זאָלען באָאַבאַכטען די לאַגע און מעלדען אַלץ וואָס עס קומט פאָר. די פראַנצויזישע רעגירונג איז געווען גענוי אינפאָרמירט וועגען אַלע געשעעניסען און האָט איר פּאָליטיק באַשטימט לויט די פאַקטען. די רעוואָלוציאָנערן אין אַמעריקא האָבען אויך פאַרשטאַנען דעם סענטימענט אין פראַנקרייך און האָבען נאָך גאַנץ פרי אָנגענומען מיטלען אים אויסצונוצען. אין יולי, 1776, איז אין פראַנקרייך אָנגעקומען דער ערשטער געהיימער אַגענט פון די אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָנערן. סיילעס דיען האָט ער געהייסען. אין סעפּטעמבער פון זעלבען יאָר זיינען אָנגעקומען נאָך צוויי אַגענטען, בענדזשאַמין פרענקלין און אַרטור ליע. אין אַ יאָר אַרום איז ליע צו־

ריקגערופען געווארען און זיין פלאץ האט פארנומען דזשאן עדעמס. די אלע דעלעגאטען זיינען געשטאנען אין די איינגסטע פארבינדונ־גען מיט די פראנצויזישע מיניסטארען און זיינען אויפגענומען גע־ווארען ווי אנגעלייגטע געסט אין דעם קעניגליכען הויף און אין די העכסטע אריסטאקראטישע קרייזען.

אין פראנקרייך האבען דעמאלט געהערשט דער קעניג לודוויג דער זעכצענטער און זיין פרוי מארי אנטואנעט, וועלכע האבען מיט פופצען יאר שפעטער פארלארען זייערע קעפ אין דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע. די דעספאטישע און טיראנישע הער־שער האבען ווייניג־וואס סימפאטיזירט מיט די פרייהייטס־פראקלא־מאציעס פון די אמעריקאנער רעוואלוציאנערען. ביי זיי האט זיך אבער געהאנדעלט וועגען פראקטישער פאליטיק, און פון אט דעם שטאנדפונקט האבען זיי אין דער רעוואלוציע געזען א גליק פאר פראנקרייך.

ניט אלע מיניסטארען אין פראנצויזישען קאבינעט זיינען גע־ווען איניג אין דער פראגע. פאר דעם, אז מען דארף שטיצען די רעוואלוציע איז געשטאנען ווערזשאן, דער מיניסטער פון אויסלענ־דישע אנגעלעגענהייטען. געגען דעם איז געשטאנען טורגא, דער פינאנץ מיניסטער.ביידע האבען צוגעשטעלט זייערע ארגומענ־טען צום קעניג. ווערזשאן האט גע'טענה'ט אזוי: פראנקרייך מוז אנווענדען אלע אירע כחות צו ווירקען, אז די אמעריקאנער קאלא־ניעס זאלען זיך אפרייסען פון ענגלאנד. אויב ענגלאנד וועט די קא־לאניעס באזיגען אדער די קאלאניעס וועלען זיך אליין אונטערגעבען און שליסען פרידען מיט ענגלאנד, וועט עס זיין אן אומגליק פאר פראנקרייך. ערשטענס, וועט דער אמעריקאנער מארק אויף אייביג בלייבען פארשלאסען פאר פראנקרייך. צווייטענס, וועט די פאר־אייניגטע מאכט פון ענגלאנד און די אמעריקאנער לייכט קענען אוועקנעמען פון פראנקרייך אירע צוקער־אינזלען אין די וועסט אינ־דיעס, וועלכע האבען אריינגעטראגען דער פראנצויזישער רעגירונג דרייסיג מיליאן פראנק א יאר אין צינזען. דריטענס, וועט פראנק־רייך אויף אייביג פארלירען די האפנונג צוצוברעכען ענגלאנד'ס ים מאכט. מיט דער הילף פון די אמעריקאנער קאלאניעס וועט

ענגלאַנד'ס פּלאַנען זיין אומבאַזיגבאַר. אויב אָבער די רעוואָלוציע וועט זיגען און די באַפרייטע קאָלאָניעס וועלען זיך פאַראייניגען מיט פראַנקרייך וועט דער אַמעריקאַנער מאַרק זיך עפענען פאַר'ן פראַנצויזישען האַנדעל. די פראַנצויזישע אינזלען אין די וועסט אינדיעס וועלען זיין גזיכערט און ענגלאַנד'ס ים מאַכט וועט פריער אָדער שפּעטער געבראָכען ווערען.

ווערזשאַנ'ס פּלאַן איז געווען, אַז פראַנקרייך זאָל די ערשטע צייט העלפען דער רעוואָלוציע אין געהיים, זי זאָל די רעוואָלוציאָנערען שטילערהייט לייען געלט און פאַרקויפען אַמוניציע. ער האָט מורא געהאַט, אַז אויב פראַנקרייך וועט גלייך אָפען אַרויסטרעטען פאַר דער רעוואָלוציע וועט ענגלאַנד נאָכגעבען די פאָדערונגען פון די קאָלאָניעס און מיט זיי שליסען פרידען. ער האָט אויך געוואָלט זיין זיכער, אַז די רעוואָלוציע באַזיצט אייגענע כחות דעם קאַמף אָנצופירען. ער האָט זיך געוואָלט איבערצייגען איידער ער וואַרפט זיך אַריין אין דער מלחמה, אַז די רעוואָלוציאָנערען האָבען אַן אַרמיי און גענעראַלען, אויף וועלכע מען קען בויען, מיט וועלכע מען קען דעם קאַמף ערפאָלגרייך אָנפירען.

דער פינאַנץ־מיניסטער טורגאָ האָט אין זיין באַריכט צום קעניג אָפּגעשלאָגען ווערזשאַנ'ס אַרגומענטען. זיין הויפּט טענה איז געווען, אַז די פראַנצויזישע רעגירונג טאָר ניט פאַרשווענדען קיין געלט, ווייל זי פאַרמאָגט עס ניט. די פינאַנסען פון דער רעגירונג זיינען דעמאָלט געווען אין אַ טרויעריגען צושטאַנד. די שטייערען אויפ'ן פאָלק זיינען געווען אומגעהייער שווערע. טורגאָ האָט פאָראויסגעזען דאָס אָנקומען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און ער האָט געוואָרענט דעם קעניג ער זאָל בעסער זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט קאָנצענטרירען אויף געפינען מיטלען ווי אַזוי לייכטער צו מאַכען דעם יאָך וואָס דריקט אויף דעם עולם און ניט אַריינקריכען אין פרישע הוצאות. די אַריסטאָקראַטען אין קעניגליכען הויף און די קעניגין מאַרי אַנטואַנעט האָבען טורגאָ'ן פיינט געהאַט טאָקע פאַר זיינע וואַרנונגען וועגען דער אָנקומענדער רעוואָלוציע און פאַר זיינע עצות וועגען אויסבעסערונגען, און זיי האָבען מיטגעבראָכט אַז דער קעניג זאָל אַרונטערזעצען זיין פינאַנץ־מיניסטער.

טורגא׳ס ארגומענטען וועגען אמעריקא זיינען איגנארירט געווארען. דער קעניג האט באשלאסען צו פאלגען ווארזשאנ׳ען.

נאך אין 1776, איידער די אמעריקאנער אגענטען זיינען אנגע־קומען קיין פראנקרייך, האט ווארזשאן געמאכט א שריט צו שטי־צען די קאלאניסטען. ער האט דורך זיינעם אן אגענט, באמאר־שע, אין געהיים געליען אמעריקא א מיליאן פראנק. ער האט אויך געווירקט, אז שפאניען זאל לייען די רעוואלוציאנערען אן ענ־ליכע סומע. מיט די געלט האבען די רעוואלוציאנערען געקויפט אמוניציע, טאקע ביי דער פראנצויזישער רעגירונג. אין פארלויף פון יאר 1776 האט פראנקרייך איבערגעשיקט קיין אמעריקא געווער און קליידער פאר דרייסיג טויזענט סאלדאטען, אויך 250 קאנאנען און אנדערע מיליטערישע זאכען. פראנקרייך איז, אלזא, שוין דע־מאלט געווען אן „עליי“, א מין בונד־גענאסע צו אמעריקא. אמע־ריקאנער שיפען האבען געפירט סחורה אין די פראנצויזישע הא־פענס; אמעריקאנער קריגסשיפען זיינען אויסגעריכט געווארען אין פראנצויזישע האפענס. די פראנצויזישע רעגירונג האט ערלויבט אפיצירען פון איר ארמיי צו פארען קיין אמעריקא דארטען העלפען ארגאניזירען די ארמיי. אין אנפאנג פון 1777 האט דער פראנצוי־זישער מיניסטער ערלויבט איינעם פון זיינע פייאיגסטע אדמיראלען צו העלפען בויען קריגסשיפען פאר אמעריקא. די ארבייט איז גע־טאן געווארען אין פראנקרייך גופא. אין זעלבען יאר האט דער קעניג באוויליגט צוויי מיליאן פראנק פאר דער רעוואלוציע.

די הילף איז געגעבען געווארען שטרייננג אין געהיים. אפיציעל האט עס געהייסען, אז פראנקרייך איז נייטראל. דער קעניג האט פארזיכערט ענגלאנד, אז ער היט אפ שטרייננג די אינטערנאציאנא־לע געזעצען וואס א נייטראלע מאכט איז מחויב אפצוהיטען. און יעדען מאל וואס מען האט געכאפט א פראנצויזישען מיליטער באַ־אמטען העלפענדיג אמעריקא האט דער קעניג כלומר׳שט באפוילען ער זאל שווער באשטראפט ווערען. אין אזוינע פעלען פלעגט מען דעם באאמטען פארשיקען אין טורמע און דערנאך שטילערהייט ארויסלאזען.

די עפענטליכע מיינונג אין פראנקרייך איז געווען במעט איג־

גאַנצען פאַר דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע. אין די קאָנסערוואַ־טיווע קרייזען איז דער מאָטיוו געווען דער האַס צו ענגלאַנד. אין די אינטעליגענטע און ראַדיקאַלע קרייזען איז מען באַגייסטערט גע־ווען פאַר די פּרינציפּען פון דער רעוואָלוציע. דאָס איז געווען די צייט ווען די פראַנצויזישע אינטעליגענץ איז געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון וואָלטער און רוסאָ. וואָלטער האָט דער עיקר גע־פּריידיגט רעליגיעזע פרייהייט און רוסאָ האָט געפּריידיגט סאָציאַלע פרייהייט און גלייכהייט. די אַמעריקאַנישע „דעקלעריישאַן אָוו אינדעפּענדענס" האָט פּראָקלאַמירט די פּרינציפּען פון אָט די צוויי פילאָזאָפען. די גרויסע מאַסען פון פראַנקרייך זיינען איינפאַך באַ־צויבערט געווען פאַר אָט דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס איר אויפגאַבע צו פאַרווירקליכען די פּרינציפּען פון זייערע צוויי באַליבטע לערער און פירער. בענדזשאַמין פרענק־לין'ס אַנוועזענהייט אין פּאַריז האָט פיל געהאָלפען צום ענטוזיאַזם פאַר דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע. זיינע ווערק זיינען גוט באַ־וואוסט געווען אין פראַנקרייך. זיי זיינען איבערזעצט און ברייט פאַרשפּרייט געוואָרען. מען האָט איהם אויך געקענט אַלס דער ער־פינדער פון בליץ־דראָט. ער איז אויפגענומען געוואָרען אין אַלע הויכע קרייזען סיי אַריסטאָקראַטישע, סיי קולטורעלע, סיי דיפּ־לאָמאַטישע. און איבעראַל האָט ער געוואונען פריינט און פאַר־ערער. ער איז געווען אַן אמת'ער שטאַטסמאַן, קלוג, טאַקטפול און אַנגענעם. וואָלטעיר האָט איהם געגעבען די שענסטע קאָמפּלימענ־טען. אָט די פּאָפּולאַריטעט און באַוואונדערונג האָט ער אויסגע־נוצט פאַר זיינע דיפּלאָמאַטישע צוועקען, צו ווירקען אַז פראַנקרייך זאָל אַריינטרעטען אין דער מלחמה און שיקען סאָלדאַטען און שיפען קיין אַמעריקאַ.

און ער האָט ענדליך זיין ציל דערגרייכט. די נייעס וועגען באַירגאָינג'ס נידערלאַגע אין סאַראַטאָגאַ איז אָנגעקומען קיין פראַנק־רייך דעם 4טען דעצעמבער. אויף דעם האָט פרענקלין געוואָרט. אויף דעם האָט אויך די פראַנצויזישע רעגירונג געוואָרט. זיי האָ־בען געוואָלט האָבען אַ באַווייז, אַז די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי איז ווירקליך אַן אַרמיי, אַז אויסער אַנטלויפען קען זי אויך געווינען אַ

שלאכט. דער זיג פון סאראטאגא האט דאס באוויזען. נאך אלע־מען איז די שלאכט ביי סאראטאגא געווען די איינציגע ביז דאן, וואס האט זיך געענדיגט מיט א פאלשטענדיגען זיג פאר איין צד און מיט א פאלשטענדיגען דורכפאל פאר'ן צווייטען צד — און דער זיגרייכער צד איז געווען דער אמעריקאנער.

פרענקלין האט גלייך גענומען פארהאנדלען וועגען אן אפמאך מיט פראנקרייך און די פראנצויזישע רעגירונג האט זיך אפגערופען. אין צוויי מאנאט צייט איז דער אפמאך געווען געשלאסען. די פונקטען פון דעם אפמאך האבען געלויטעט אזוי:

1. פראנקרייך זאל געבען איר פולע שטיצע צו דער רעוואלוציע.

2. די רעוואלוציאנערען זאלען ניט שליסען קיין פרידען מיט ענגלאנד אן דער צושטימונג פון פראנקרייך.

3. די רעוואלוציאנערען זאלען ניט טארען איינגיין אויף קיין פשרה מיט ענגלאנד. שלום זאל ניט געשלאסען ווערען סיידען די קאלאניעס וועלען קריגען פאלשטענדיגע אומאפהענגיגקייט.

איינע פון די הויפט אורזאכען וואָרום פראנקרייך האט איצט באשלאסען אריינצוטרעטען אין אן אפענעם אפמאך מיט די רעוואלוציאנערען און זיי אזוי פיל הילף צו שיקען איז געווען די: זי האט זיך דערוואוסט, אז ענגלאנד גרייט זיך צו מאכען די רעוואלוציאנערען א פרידענס־פארשלאג און פראנקרייך האט מורא געהאט, אז אמעריקא וועט דעם פארשלאג אננעמען. עס איז ווירקליך געווען אזוי. גלייך ווי אין ענגלאנד איז אנגעקומען די נייעס וועגען סאראטאגא האט דער פרעמיער, לארד נארט, באשלאסען צו מאכען א פארשלאג פון שלום. אין פעברואר, 1778, האט ער פארגעלייגט דעם פארלאמענט נאכצוגעבען די קאלאניעס אלע זייערע פאדערונגען וועגען שטייערען, וועגען דער אפשאפונג פון די גזרות — אלע פאדערונגען אויסער, פארשטייט זיך, אומאפהענגיגקייט. דער פארשלאג איז פון פארלאמענט אנגענומען געווארען, אומגעפער א מאנאט נאכדעם ווי פראנקרייך האט געשלאסען איר אפמאך מיט אמעריקא. ענגלאנד האט זיך ארומגעזען צו שפעט. ווען זי וואלט דעמזעלבען פארשלאג געמאכט מיט צוויי יאר פריער וואלט זי מעג־

ליך די רעוואָלוציע פּאַרמידען. ווען דער פּאַרשלאָג איז איצט אָנ־געקומען אין אַמעריקא האָט מען זיך פון אים דאָרט אויסגעלאַכט. דער קאָנגרעס האָט זיך אַפילו אָנטזאָגט אים צו פּאַרהאַנדלען.

גלייך ווי ענגלאַנד האָט זיך דערוואוסט וועגען פראַנקרייך'ס אָפּמאַך מיט אַמעריקא האָט זי ערקלערט קריג געגען פראַנקרייך. די אַנדערע אייראָפּעאישע מעכטע האָבען געשטיצט אַמעריקא. שפּאַניען האָט מיט אומגעפּער אַ יאָר שפּעטער אויך ערקלערט ענ־גלאַנד קריג. האָלאַנד האָט געשטיצט די רעוואָלוציאָנערען מיט אַלץ וואָס זי האָט נאָר געקענט. פרידריך דער גרויסער, דער קעניג פון פּרייסען, האָט פּאַרבאָטען די געדונגענע סאָלדאַטען פון די אַנ־דערע דייטשע שטאַטען דורכצוגיין זיין לאַנד אויפ'ן וועג צו די האַפּענס. דאָס האָט פּאַרניכטעט די מעגליכקייט פאַר ענגלאַנד ווייטער צו דינגען סאָלדאַטען אין די דייטשע פּראָווינצען. ער האָט גע־עפענט זיין האַפּען שטאָט דאַנציג פּאַר אַמעריקאַנער קריגסשיפען. אויך רוסלאַנד האָט ארויסגעוויזען סימפּאַטיע צו דער רעוואָלוציע.

נאָך אײדער פראַנקרייך האָט געשלאָסען איר אָפּמאַך זיינען פיל פּריוויליגע געפּאָרען פון פראַנקרייך און אַנדערע לענדער צו העל־פען די רעוואָלוציאָנערען. אין 1776 האָט דער אַמעריקאַנער פּאָר־שטייער דיען ערקלערט: „איך ווער פּאַרמוטשעט ביז טויט פון די אַפּליקאַנטען, אָפיצירען, וואָס ווילען פּאָרען קיין אַמעריקא. ווען איך וואָלט געהאַט צען שיפען וואָלט איך זיי געקענט אָנפּאַקען מיט פּאַסאַזשירען קיין אַמעריקא. עס איז ווירקליך צו שטוינען ווי גרויס עס איז די צאָל פון אָפיצירען פון פּאַרשידענע ראַנגען וואָס ווילען פּאָרען העלפען דער רעוואָלוציע". עס פאַרשטייט זיך, אַז די מערסטע אָפיצירען און סאָלדאַטען האָבען געהאַט פּערזענליכע מאָטיוען דערביי. טייל האָבען געזוכט אַוואַנטיורעס, טייל האָבען געהאָפט צו פּאַרבעסערען זייער לאַגע אין אַמעריקא. עס זיינען אָבער אויך געווען אַזוינע, וועלכע זיינען געווען ווירקליך באַגייס־טערט פּאַר דער רעוואָלוציע, וועלכע האָבען ווירקליך געמיינט צו העלפען אין דעם פרייהייטס־קאַמף.

איינער פון די ערשטע וואָס זיינען אַריבערגעפּאָרען פון אייראָפּאַ העלפען דער רעוואָלוציע איז געווען דער מאַרקיז לאַפאַיעט.

ער איז דעמאלט געווען 20 יאר. ער האט פארלאזען זיין יונגע פרוי און זיין רייך לעבען אין פראנקרייך און איז אוועק זיך אנ־שליסען אן דער רעוואלוציאנערער ארמיי אויף יענער זייט ים. די לאגע פון דער אמעריקאנער ארמיי איז דעמאלט געווען א שרעקלי־כע — פונקט נאך וואשינגטאנ׳ס מפלות אין ניו יארק און ניו דזשוירזי. לאפאיעט האט פאר זיין אייגען געלט געקויפט א שיף, זי אויסגעריכט און איז אוועקגעפארען קיין אמעריקא. ער איז אנ־געקומען אין וואשינגטאנ׳ס לאגער אין סעפטעמבער, 1777, און האט זיך באטייליגט אין די שלאכטען ארום פילאדעלפיע, אין וועלכע ער האט זיך אויסגעצייכענט.

צווישען די אויסלענדישע אפיצירען וואס זיינען געקומען העל־פען די רעוואלוציע האבען זיך שטארק אויסגעצייכענט די פאלגענ־דע: די פאליאקען פולאסקי און קאסציושקא, דער דייטש סטויבען און דער פראנצויז באראן דע־קאלב.

באראן פאן סטויבען איז געווען דער וויכטיגסטער צווישען אלע אויסלענדישע אפיצירען, וואס זיינען געקומען העלפען דער רעוואלוציאנערער ארמיי. ער איז געווען זייער געניט און געלערנט אין מיליטערישע ענינים. יארען לאנג האט ער פארנומען א הויכען אמט אין דער פרייסישער ארמיי. אין 1777 האט ער גערייזט איבער פראנקרייך, און אין פאריז האט ער געשלאסען באקאנט־שאפט מיט בענדזשאמין פרענקלין. דער פראנצויזישער אויסערן־מיניסטער, ווערזשאן, האט שוין געהיים פארהאנדעלט מיט פרענקלינ׳ען וועגען העלפען די רעוואלוציאנערען. ווערזשאן האט געוואוסט גענוי דעם צושטאנד פון דער אמעריקאנער ארמיי. ער האט געוואוסט, אז זי ליידעט אממייסטענס דערפון, וואס איר פעלט מיליטערישע אהגאניזאציע און דיסציפלין. אים איז איינגע־פאלען, אז עס וואלט געווען א גוטער פלאן אריבערצושיקען באראן פאן שטויבען קיין אמעריקא ער זאל די ארמיי ארגאניזירען אויף א מיליטערישען אופן. פרענקלינ׳ען איז דער פלאן געפעלען געווא־רען. ווערזשאן האט גערעדט מיט פאן שטויבען, אבער יענער האט פון אנפאנג ניט געוואלט הערען דערפון. דער אמעריקאנער פריי־הייטס־קאמף איז אים וויניג אנגעגאנגען. נאך א סך מי איז ווער־

זשאנ׳ען געלונגען אים איבערצורעדן. שטויבען איז געפארען קיין אמעריקא אלס מיליטערישער מענש צו טאן מיליטערישע ארבייט.

דא האט מען פאר אים געמאכט א גרויסען פאראד. דער קאנגרעס האט אים געגעבען א גרויסארטיגע אויפנאמע. ער האט באקומען א הויכען מיליטערישען טיטעל, דער צווייטער נאך וואשינגטאנ׳ס. ער האט געפונען די אמעריקאנער ארמיי אין וועלי פארדזש אן המון פון אפגעריסענע, אפגעשליסענע מענשען, אן ארדנונג, אן דיסציפלין. ער האט זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט פון ארגאניזירען און דיסציפלינירען. ער איז געווען דער ערשטער, וואס האט געלערנט די אמעריקאנער מיליטערישע וויסענשאפט. ער האט געלייגט אין אמעריקא דעם פונדאמענט פון א מאדערנער ארמיי. דורך זיין דיסציפלין זיינען אויך איינגעשפארט געווארען גרויסע סומען געלט אין די מיליטערישע הוצאות.

שטויבען איז פארבליבען אין אמעריקא. נאך דער רעוואלוציע האט ער זיך באזעצט אויף א גוט אין ניו יארק. די ניו יארקער רעגירונג האט אים אוועקגעשיינקט 16 טויזענט אקער לאנד אלס אנערקענונג פאר זיין דינסט. דער גוט איז געלעגען אין מיטען פון דעם סטייט, וואו עס האבען געוואוינט א סך פון שטויבענ׳ס לאנדסלייט, דייטשען. דארטען האט ער אויסגעלעבט זיינע יארען. ער איז געשטארבען אין 1794. אין דער געגענד וואו ער האט געוואוינט געפינט זיך נאך ביז היינטיגען טאג א שטעטעל וואס טראגט זיין נאמען.

28

# רעוואָלוציאָנערע אַנטוישט אין פראַנקרייך

די ערשטע רעזולטאַטען פון דעם בונד מיט פראַנקרייך זיינען פאַר די אַמעריקאַנער געווען אַן אַנטוישונג. די אַמעריקאַנער האָבען געלייגט גרויסע האָפנונגען אויף דער פראַנצויזישער פלאָטע. קיין אייגענע קריגס־שיפען האָבען די אַמעריקאַנער כמעט ניט געהאַט. מיר דער הילף פון די פראַנצויזישע קריגס־שיפען האָט וואַשינגטאָן געהאַפט אַרויסצוטרייבען די ענגלענדער פון די וויכטיגסטע האַפען־שטעט. אָבער אַלע פּרואווען דאָס צו טאָן האָבען זיך געענדיגט מיט אַ דורכפאַל.

די ערשטע אַנטוישונג איז געווען אין פילאַדעלפיע. די פראַנצויזישע פלאָטע וועלכע האָט געזאָלט אַטאַקירען האָ'ס שיפען בשעת זיי האָבען פאַרלאָזען פילאַדעלפיע איז אָנגעקומען עטליכע טעג צו שפעט. האָ'ס שיפען זיינען שוין געווען אין ניו יאָרקער האַפען ווען די פראַנצויזישע פלאָטע האָט זיך דאָ באַוויזען.

די פראַנצויזישע פלאָטע וואָס איז געקומען אַהער איז געווען גרעסער און שטאַרקער ווי די ענגלישע. איר קאָמאַנדיר, אַדמיראַל דעסטאָן, האָט געהאַט אַ גרויסען נאָמען אַלס פייאיגער אַדמיראַל. וואַשינגטאָן האָט באַשלאָסען גלייך צו אַטאַקירען ניו יאָרק: ער מיט זיין אַרמיי פון דער יבשה, דעסטאָן מיט זיין פלאָטע אויפ'ן ים. אָבער דאָס מאָל איז ער ווידער אַנטוישט געוואָרען. דעסטאָן איז צוגעשוואומען צום ניו יאָרקער האַפען. ער האָט אָבער ניט געוואַגט צו אַטאַקירען די ענגלישע שיפען. וועגען די סבות זיינען קריגס־עקספּערטען נאָך ביז היינטיגען טאָג צוטיילט אין זייערע מיינונגען. טייל ערקלערען עס דערמיט, וואָס דער אַריינגאַנג צום ניו יאָרקער האַפען איז דעמאָלט געווען זייער אַ שמאָלער, און דע־

סטאַן האָט ניט געקענט געפינען קיין „פיילאָטס“ (װעגװײַזער) אַריינצופירען זיינע שיפען אין דעם איינגען דורכגאַנג. אַנדערע גיבען אַ פשוט'ערע ערקלערונג — אַז אַדמיראַל האָו איז געווען פייאיגער ווי אַדמיראַל דעסטאַן, און אַז האָו האָט אַזוי אויסגע־שטעלט זיינע שיפען ביים האַפענס־דורכגאַנג און אַזוי באַפעסטיגט די ברעגען, אַז דעסטאַן האָט ניט געוואַגט צו מאַכען אַן אַטאַקע. סיי ווי סיי דעסטאַן איז פון ניו יאָרק'ער האַפען אַוועקגעשוואומען מיט גאַרניט, און וואַשינגטאָנ'ס צווייטע האָפנונג אויף דער פראַנ־צויזישער פלאָטע איז אויך ניט מקוים געוואָרען.

האָט ער געפּרואווט אַ דריטען מאָל. די צווייטע וויכטיגע האַ־פען־שטאָט וואָס די ענגלענדער האָבען געהאַלטען איז געווען ניו־פּאָרט, ראָוד איילאַנד. זיי האָבען די שטאָט איינגענומען נאָך אין דעצעמבער, 1776. וואַשינגטאָן האָט באַשלאָסען איצט, מיט דער הילף פון דער פראַנצויזישער פלאָטע, זי אָפּצונעמען. אין ניו ענגלאַנד איז דאַן געווען אַ רעוואָלוציאָנערע אַרמיי פון אַ צען טויזענט מאַן אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל סאַליוואַן. וואַשינג־טאָן האָט צוגעשיקט נאָך צוויי טויזענט סאָלדאַטען אונטער דער קאָמאַנדע פון צוויי פון זיינע בעסטע גענעראַלען, לאַפאַיעט און גרין. אויף דער פראַנצויזישער פלאָטע זיינען געווען נאָך פיר טויזענט סאָלדאַטען — צוזאַמען אַלזאָ אַ 15 טויזענט מאַן. די ענגלענדער האָבען אין ניופּאָרט געהאַט ניט מער ווי 6 טויזענט סאָל־דאַטען. וואַשינגטאָן האָט אַלזאָ מיט רעכט גערעכענט, אַז די עקספּעדיציע וועט זיין אַן ערפאָלג. אַ גרויסע פלאָטע פון איין זייט, און אַ גרויסע אַרמיי פון דער צווייטער זייט וועלען לייכט קענען באַזיגען די פאַרהעלטניסמעסיג קליינע אַרמיי פון דעם שונא. ער האָט אַפילו פאָראויסגעזאָגט, אַז נאָך אַזאַ זיג פון די רעוואָלו־ציאָנערען וועלען די ענגלענדער פאַרלירען דעם מוט פאָרצוזעצען דעם קאַמף.

אָבער ווידער אַמאָל איז וואַשינגטאָנ'ס האָפנונג ניט מקוים געוואָרען. איידער די אַמעריקאַנער האָבען געמאַכט אַלע נויטיגע הכנות אָנצוהויבען זייער אַטאַקע איז אָנגעקומען אַן ענגלישע פלאָ־טע וועלכע אַדמיראַל האָו האָט אונטערגעשיקט פון ניו יאָרק. דעס־

טאן האט מורא געהאט אריינצושווימען אין האפען און אראפלאזען דארטען די פיר טויזענט סאלדאטען. ער האט פריער זיך געוואלט ספראווען מיט די ענגלישע שיפען. ער האט זיך אבער קיינמאל ניט ספראוועט מיט זיי. א גרויסער שטורמווינד איז אנגעקומען און האט צוטריבעןביידע פלאטעס. ווען דעסטאן האט ענדליך זיינע שיפען צוריק צונויפגעקליבען האט ער באשלאסען אפצופארען מיט זיי אין באסטאנער האפען. די אמעריקאנער גענעראלען האבען זיך ביי אים געבעטען ער זאל פארזעצען די אטאקע אויף ניו־פארט. פאר דער ענגלישער פלאטע האט ער זיך מער ניט געהאט וואס צו שרעקען. זי איז צוריק אפגעפארען קיין ניו יארק. דאך האט זיך דעסטאן אנטזאגט אנצוגרייפען ניופארט. ער האט גע־טענה'ט, אז זיינע שיפען זיינען פון דעם שטורם צוקאליעטשעט געווארען און אז ער מוז פארען אין באסטאנער האפען זיי צו פאר־ריכטען. די אמעריקאנער האבען אנגעוויזען, אז אין ניופארטער האפען וועט ער קענען די שיפען פונקט אזוי לייכט פאררריכטען ווי אין באסטאנער האפען. זיי האבען אויך גע'טענה'ט, אז ווען אפילו ער איז געצוואונגען די שיפען אוועקצונעמען, איז דאך קיין אורזאך ניטא, פארוואס ער זאל פריער ניט אראפלאזען די פיר טויזענט סאלדאטען. זאלען זיי, צום וויינינגסטענס, העלפען אין דעם קאמף אויף דער יבשה. דעסטאן האט אבער פון קיין זאך ניט געוואלט הערען. ער איז מיט זיין פלאטע און מיט זיינע סאלדאטען אוועקגעפארען קיין באסטאן. די אמעריקאנער האבען געפרואווט אליין די אטאקע צו פירען, אבער עס האט זיך זיי ניט איינגעגע־בען. זיי האבען זיך געמוזט צוריקציען. ניופארט איז פארבליבען ביי די ענגלענדער.

די לעצטע אנטוישונג אין דער פראנצויזישער פלאטע האט ארויסגערופען גרויס אויפרעגונג איבער גאנץ אמעריקא. עס זיי־נען נאך פון פריער געווען א סך אמעריקאנער וואס האבען ניט געהאט קיין צוטרויען צו די פראנצויזען. בשעת דער בונד מיט פראנקרייך איז פארהאנדעלט געווארען אין קאנגרעס איז דארטען געווען א שטארקע אפאזיציע. די אמעריקאנער האבען נאך ניט פארגעסען די מלחמות, וואס זיי האבען געהאט מיט די פראנצויזען

אין קענעדע. האָט זיך איצטער אויפגעהויבען אַ געשריי איבער גאַנץ ניו ענגלאַנד, אַז די פראַנצויזען האָבען זיי שענדליך פאַרראַטען. אין באָסטאָן האָט זיך אפילו אָנגעפאַנגען אַ באַוועגונג צווישען די איינוואוינער, אַז מען זאָל די פראַנצויזישע שיפען ניט אַריינלאָזען אין האַפען. ווען די שיפען זיינען אָנגעקומען האָט מען זיי דאָרטען אויפגענומען מיט פיינדליכע געפילען. עס איז אפילו פאָרגעקומען אַ געשלעג אין גאַס צווישען די איינוואוינער און די פראַנצויזישע סאָלדאַטען. איין פראַנצויזישער אָפיציר איז גע־הרג׳עט געוואָרען און אַ צווייטער איז פאַרוואונדעט געוואָרען.

וואַשינגטאָן האָט געהאַט אַ שווערע אויפגאַבע צו באַרוהיגען די אַמעריקאַנער. ער האָט פאַרענטפערט דעסטאַנ׳ס האַנדלונג פאַר די אַמעריקאַנער און פאַרענטפערט די האַנדלונג פון די אַמעריקאַנער פאַר דעסטאַנ׳ען. אַ שטיק צייט האָט עס אָבער אויסגעוויזען, אַז דער שדוך צווישען אַמעריקא און פראַנקרייך וועט אָפגעלאָזט ווערען. ביסלעכווייז האָט זיך דער עולם באַרוהיגט. די לעדזשיסלייטשור פון מאַסאַטשוסעטס האָט באַשלאָסען צו שטעלען אַ מאָנומענט נאָך דעם גע׳הרג׳עטען פראַנצויזישען אָפיציר. עס זיינען אויך אַראַנזשירט געוואָרען עפענטליכע באַנקעטען צווישען די מיטגלידער פון דער מאַסאַטשוסעטס׳ער לעדזשיסלייטשור און די פראַנצויזישע אָפיצירען. וואַשינגטאָן האָט געשריבען עטליכע זייער וואַרימע בריף צו דעסטאַנ׳ען. פון אויבען אויף איז די געשיכטע פאַרגלעט געוואָרען. אין האַרצען אָבער האָט דעסטאָן גוט געוואוסט וואָס די אַמעריקאַנער פילען וועגען אים, און ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אַז דער ערשטער געלעגענהייט אָפצופאָרען פון אַמעריקא. די געלעגענהייט איז געקומען אָנהויב מאָנאַט נאָוועמבער. דעסטאָן האָט דאָן געקראָגען אַ באַפעל אָפצופאָרען מיט זיין פלאָטע צו די וועסט אינדיעס צו באַשיצען די פראַנצויזישע אינזלען און איינצונעמען די ענגלישע אינזלען.

אין די וועסט אינדיעס האָט דעסטאָן געהאַט פונקט אַזוי ווייניג ערפאָלג ווי אין אַמעריקא. דעמזעלבען טאָג וואָס ער איז אָפּגעפאָרען אַהין האָט גענעראַל קלינטאָן אַרויסגעשיקט אַ פלאָטע מיט פינף טויזענט סאָלדאַטען צו די וועסט אינדיעס. די ענגלישע שי־

פען זיינען אנגעקומען פריער ווי די פראנצויזישע, און עס איז גע־לונגען די ענגלענדער איינצונעמען איינע פון די וויכטיגסטע פראנ־צויזישע אינזלען.

די הילף וואס די אמעריקאנער האבען באקומען דורך דעם בונד מיט פראנקרייך איז געווען הויפטזעכליך אן אינדירעקטער. ענ־גלאנד האט ניט געקענט קאנצענטרירען אירע כחות אין אמעריקא, ווייל זי האט איצט געמוזט פירען מלחמה מיט פראנקרייך איבע־ראל, וואו די צוויי לענדער האבען געהאט קאלאניעס: אין די וועסט אינדיעס, אין אינדיע, און אין אנדערע געגענדען. אזוי, צום בייי־שפיל, האט איצט גענעראל קלינטאן געמוזט אוועקשיקען פינף טויי־זענט סאלדאטען פון זיין ארמיי צו באשיצען די וועסט אינדיעס געגען די פראנצויזען. דאס איז געווען אן אינדירעקטע הילף צו די אמעריקאנער. אין 1779 האט ענגלאנד געהאט אן ארמיי פון 314 טויזענט מאן. זיי זיינען אבער געווען אין פארשידענע וועלט־טיילען. אבער פון דער ריזיגער ארמיי האט זי ניט געקענט אפ־שפארען גענוג סאלדאטען צו אונטערדריקען די רעוואלוציע אין אמעריקא.

.29

## ענגלאנד׳ס נייע טאקטיק פון „שרעקליכקייט“

אין מיטען יאר 1778, נאכדעם ווי גענעראל האו האט פארלא־
זען אמעריקא, האבען די ענגלענדער דא אנגענומען א נייע טאק־
טיק, פונקט א פארקערטע פון גענעראל האו׳ס טאקטיק. גענעראל
האו האט געזוכט צו האנדלען וואס מילדער מיט די רעוואלוציא־
נערען. ער האט זיך געשלאגען וואס וויניגער און האט געזען וואס
וויניגער אויפצורעגען די מאסען געגען זיך. מען האט זיין טאקטיק
שארף קריטיקירט. די שארפסטע קריטיקער זיינען געווען די היגע
לאיאליסטען. זיי האבען געפאדערט א טאקטיק פון גרויזאמקייט
און טעראר. זיי זיינען געווען זיכער, אז ווען גענעראל האו וואלט
גלייך פון אנפאנג געהאנדעלט מיט אן אייזערנער האנט וואלט פון
דער רעוואלוציע איצט קיין זכר ניט געווען.

אבער איצט האבען די ענגלענדער באשלאסען אנצואווענדען
אנדערע מעטאדען, די מעטאדען פון שרעק און פארניכטונג. דער
אנפאנג איז געמאכט געווארען ניט פון דער ענגלישער רעגולערער
ארמיי, נאר פון א באנדע לאיאליסטען און אינדיאנער ביי דער גרע־
ניץ אין וועסטליכען טייל פון ניו יארק. אין די זומער מאנאטען
פון 1778 האבען זיי דורכגעפירט צוויי שחיטות, וועלכע האבען
אויפגעשוידערט דאס גאנצע לאנד.

די קרבנות פון דער ערשטער שחיטה זיינען געווען א דיי פון
קליינע שטעטלאך אין דעם וויאמינג טאל, אין נארדליכען טייל פון
פענסילווייניא. דארטען האבען געוואוינט ארום טויזענט אמערי־
קאנער. די שטעטלאך זיינען געווען אומבאשיצט. די יונגע לייט
זיינען אוועק אין דער רעוואלוציאנערער ארמיי. צו קריגען הילף

וואַלט געדויערט לאַנג, ווייל דער טאַל איז געלעגען ביי דער גרע־ניץ און האָט ניט געהאַט קיין פאַרבינדונג מיט דעם עלטערען ישוב.

דעם דריטען יולי איז די געגענד באַפאַלען געוואָרען פון אַ 1200 לאָיאַליסטען און אינדיאַנער. די עטליכע הונדערט אַמערי־קאַנער וואָס האָבען געקענט האַלטען אַ ביקס אין האַנט האָבען זיך געפּרואווט פאַרטיידיגען. זיי זיינען אָבער צוריקגעשטויסען גע־וואָרען. די לאָיאַליסטען און אינדיאַנער זיינען אַריינגעדרונגען אין די שטעטלאַך. זיי האָבען אונטערגעצונדען די פעסטונג און אַריינ־געוואָרפען די געפאַנגענע איז די פלאַמען. מיט אייזענס האָבען זיי צוגעדריקט די קרבנות צו די ברענענדיגע קוילען און זיי געהאַלטען ביז זיי האָבען זיך אָפּגעבראָטען אויף טויט. די אינדיאַנישע „קע־ניגין אסתר" (אַ אייניקעל פון אַן אינדיאַנישער מוטער און אַ פראַנצויזישען פאָטער) האָט אויסגעזעצט זעכצען געפאַנגענע אַמע־ריקאַנער אין אַ רינג, האָט לאַנגזאַם ארומגעטאַנצט ארום זיי זינ־גענדיג אַן אינדיאַנישען טויטען־ליד, און דערנאָך זיי איינציגווייז אַראָפּגעהאַקט די קעפּ מיט אַ האַק. ביינאַכט האָבען די אינדיאַנער צולייגט גרויסע פייערען און געצוואונגען די געפאַנגענע צו לויפען נאַקעטע דורך די פלאַמען הין און צוריק. די אומגליקליכע זיינען געלאָפען אַזוי לאַנג ווי זייערע כחות האָבען אויסגעהאַלטען און דאַן זיינען זיי אָנמעכטיגע אַריינגעפאַלען אין די פלאַמען און פאַרברענט געוואָרען. פון די וואָס זיינען באַצייטענס אַנטלאָפען פון די שטעטלאַך זיינען הונדערטע אויסגעשטאָרבען, וואַנדערענדיג אין די וועלדער און אין די זומפען, פרויען און קינדער זיינען איינגע־זונקען געוואָרען אין די בלאָטעס. אונטערוועגס זיינען עטליכע קינדער געבאָרען געוואָרען, אָבער אי זיי, אי די מוטערס זיינען גע־שטאָרבען. פון דעם גאַנצען ישוב איז קיין זכר ניט געבליבען. די מענשען זיינען אויסגעקוילעט און פאַרטריבען געוואָרען, די היי־זער זיינען פאַרברענט געוואָרען.

אין נאָוועמבער איז פאָרגעקומען די צווייטע שחיטה. זיבען הונדערט לאָיאַליסטען און אינדיאַנער זיינען באַפאַלען דאָס שטע־טעל טשערי וועלי, אין צענטראַל ניו יאָרק, און זי איינגאַנצען פאַר־

ניכטעט. פופציג פרויען, מענער און קינדער זיינען אויסגעקוילעט געוואָרען. די הייזער זיינען אַוועק מיט'ן רויך.

די צוויי פּאָגראָמען זיינען געווען די שוידערליכסטע, אָבער ניט די איינציגע. די גאַנצע צפון גרעניץ, די געגענד פון דעם דאָ־מאָלסדיגען ווייטען וועסט און נאָרט איז פאַרטרונקען געוואָרען אין בלוט.

די אַמעריקאַנער האָבען די ערשטע צייט גאָרניט געטאָן. אין די ווינטער מאָנאַטען איז שווער געווען צו שיקען אַן עקספּעדיציע אין יענער ווייטער געגענד. ווען עס איז געקומען דער זומער פון 1779 האָט וואשינגטאָן ארויסגעשיקט אַן ארמיי פון 5 טויזענט סאָלדאַטען, אונטער גענעראַל סאַליוואַן, מיט דעם באַפעל ער זאָל די פּאָגראָמשטשיקעס אויסראָטען. איין וויכטיגע שלאַכט איז פאָר־געקומען צווישען סאַליוואַנ'ס ארמיי און די פאַראייניגטע אינדיאַ־נער און לאָיאַליסטען, אין עלמיירא, דעם 29טען אויגוסט, 1779. די רעוואָלוציאָנערען האָבען געוואונען אַ פאָלשטענדיגען זיג. דער שונא איז אַנטלאָפען. גענעראַל סאַליוואַן האָט דעם באַפעל דורכ־געפירט גרינטליך. פיל אינדיאַנישע שטעטלאַך האָט ער אינגאַנצען פאַרוויסט. דער ווינטער איז געווען אַ שרעקליך קאַלטער. אין די גרויסע פרעסט זיינען די אינדיאַנישע פאַמיליעס, פרויען, קינדער, אַלט און יונג, אַרויסגעטריבען געוואָרען פון זייערע היימען און זיי־ערע שטעטלאַך. זיי האָבען געמוזט וואַנדערען אין די פאַרפרוירע־נע וועלדער, אַן קליידער און אַן שפּייז. הונדערטער זיינען אויס־געגאַנגען פון הונגער. עפּידעמיעס האָבען זיך צווישען זיי פאַר־שפּרייט. צוויי דריטעל פון דער גאַנצער אינדיאַנישער באַפעל־קערונג פון יענער געגענד זיינען אומגעקומען.

די עקספּעדיציע האָט געבראַכען די מאַכט פון די אינדיאַנער און לאָיאַליסטען אין ניו יאָרק. אָבער די פּאָגראָמען האָבען ניט אויפגעהערט. מען האָט געקוילעט איינער די אַנדערע אַזוי לאַנג ווי די רעוואָלוציאָנערע מלחמה האָט אָנגעהאַלטען. דער היסטאָ־ריקער דזשאָן פיסק שרייבט: „אין קיין אַנדער טייל פון אַמעריקא האָט די רעוואָלוציע ניט געבראַכט אַזוי פיל ליידען ווי ביי דער ניו יאָרקער גרעניץ. פון דער באַפעלקערונג איז דאָרטען פאַרבליבען

בלויז איין דריטעל, און אין דעם דריטעל זיינען געווען מער ווי 300 אלמנות און צוויי טויזענט יתומים.

גענעראל קלינטאן האט אנגעפאנגען דורכצופירען זיין טאק־טיק פון טעראר אין אנפאנג הערבסט 1778. דעם 5טען סעפטעמ־בער האט ער געשיקט שיפען און סאלדאטען צו באפאלען די האַ־פען־שטאט ניו בעדפארד, מאסאטשוסעטס. קלינטאנ'ס פלאן איז געווען צו מאכען אבלאוועס אויף די רייכע טיילען פון לאנד און דארטען אנמאכען א חורבן. ער האט געגלויבט, אז דאס וועט וויר־קען אויף דער באפעלקערונג, איבערהויפט אויף די רייכע קלאסען, זיי זאלען זיך אפטרייסלען פון דער רעוואלוציע. ניו בעדפארד איז געווען א וויכטיגער האפען, און דערפאר האט קלינטאן אים אויסגעקליבען פאר זיין ערשטען קרבן. די אבלאווע איז גרינטליך דורכגעפירט געווארען. די ענגלענדער האבען דארט פארניכטעט זעכציג גרויסע שיפען און פיל קלענערע שיפלאך. זיי האבען דארט פארברענט שפייכלערס, שיף־ווערשטאטען, פאבריקען, און א צאל וואוינונגען. אויפ'ן וועג צוריק האבען זיך די ענגלענדער אפגע־שטעלט אין נאך עטליכע שטעט און דארט אויך פארניכטעט שי־פען און אמוניציע. זיי האבען אויף דער עקספעדיציע צוגענומען ביי די פארמערס דריי הונדערט אקסען און צען טויזענט שעפסען און זיי אפגעשיקט דער ענגלישער ארמיי אין ניו יארק

עטליכע וואכען שפעטער האט גענעראל קלינטאן געשיקט אן עקספעדיציע מיט אן ענליכער אויפגאבע אויפ'ן האדסאן ריווער און ביי דעם אטלאנטישען ברעג פון ניו דזשוירזי. די עקספעדיציע איז אויך געווען „ערפאלגרייך". די ענגלענדער האבען חרוב גע־מאכט אלץ וואס איז זיי געקומען אונטער דער האנט. ענן הארבאר, ניו דזשוירזי, א האפען מיט וועלכען די אמעריקאנער האבען זיך שטארק באנוצט אין די מלחמה יארען, האבען די ענ־גלענדער כמעט אינגאנצען פארניכטעט. די פארמער פון דער גאנ־צער געגענד ארום דעם האדסאן און אין ניו דזשוירזי האבען שרעק־ליך געליטען. די ענגלענדער האבען ביי זיי צוגענומען די פערד, שעפסען, אקסען, תבואה. די ענגלענדער האבען געברענט און גע־רויבט, צוגענומען אלץ וואס מען האט נאר געקענט אוועקטראגען.

זיי האט אויך ניט געקימערט ווער דער קרבן איז. אין אט די געגענדען זיינען געווען א סך לאיאליסטען. אבער זיי האבען געליטען פון די טעראר־עקספעדיציעס כמעט אזוי פיל ווי די רעוואלוציאנערע פארמערס. אין לאנג איילאנד זיינען כמעט קיין רעוואלוציאנערען גאר ניט געווען. דאך האבען די ענגלענדער דארטען דורכגעפירט איינע פון זייערע שרעקליכסטע רויב־עקספעדיציעס. זיי האבען אפילו בארויבט די פארם פון א רייכען לאיאליסט, וועלכער האט איינגעלאדען די אפיצירען צו זיך אויף א באנקעט לכבוד דער עקספעדיציע.

די אמעריקאנער האבען געמאכט א פארזוך אפצושטעלען איינע פון די עקספעדיציעס. אבער זיי איז ניט געלונגען. אין ניו יארק סטייט איז אן אמעריקאנער רעגימענט אריינגעפאלען אין די הענט פון דער ענגלישער רויב־עקספעדיציע, און דער ענגלישער אפיציר האט באפוילען אלע אמעריקאנער געפאנגענע אויסצושעכטען. זיין באפעל איז ניט אינגאנצען דורכגעפירט געווארען. אבער פון די הונדערט געפאנגענע זיינען עטליכע און זעכציג געטויט געווארען. די איבעריגע עטליכע און דרייסיג האט אפגעגליקט, ווייל גראד האט איין אונטער־אפיציר זיך אנטזאגט דורכצופירען דעם באפעל פון הויפט־קאמאנדיר.

די נייע פאליטיק פון רויבען און קוילענען האט ארויסגערופען פראטעסטען אפילו אין ענגלאנד. די „וויג פארטיי“, וועלכע איז פון אנפאנג אן געווען פריינדליך צו די אמעריקאנער קאלאניסטען, האט אויפגעהויבען די פראגע אין פארלאמענט. אבער די רעגירונג האט די דאזיגע פאליטיק פארטיידיגט. זי האט ערקלערט, אז אין מלחמה מעג מען אלץ, אז עס איז קיין אונטערשיד ניט ווי מען הרג'עט דעם שונא, מיט א קויל, מיט א האק, אדער מיט פייער.

ווען דער ווינטער איז אנגעקומען, האט קלינטאן באשלאסען זיינע רויב־עקספעדיציעס צו טראנספארטירען אין דער סאוט. אין ניו יארק איז שווער געווען צו שיקען אן ארמיי אין די קאלטע מאנאטען. אין די סאוט אבער האט דער וועטער אזוינע עקספעדיציעס מעגליך געמאכט. דער קאמף ווערט איצטער אריבערגעפירט אין די קאלאניעס פון דער סאוט, וועלכע זיינען אין דעם

ערשטע פאר יאר פון דער רעוואלוציע כמעט ניט געריררט געווא־רען. אבער פון איצט אן ביז'ן סוף פון דער רעוואלוציע ווערט די סאוט דאס וויכטיגסטע שלאכטפעלד.

די ערשטע אטאקע איז געמאכט געווארען אויפ'ן סטייט דזשארדזשיא. קלינטאן האט געשיקט עטליכע קריגס־שיפען מיט סאלדאטען וועלכע האבען אין דעצעמבער איינגענומען סאוואנא, די וויכטיגסטע האפען־שטאט פון דעם סטייט. די רעוואלוציאנערען האבען זיך געשטעלט אנטקעגען מיט דער הילף פון א קליינער אר־מיי וואס איז אנגעקומען פון די נארט. אבער די ענגלענדער הא־בען זיי לייכט באזיגט. די איינוואוינער פון דזשארדזשיא האבען זיך, ווייזט אויס, ניט שטארק געקימערט און האבען געשווארען טרייהייט צו דער ענגלישער רעגירונג. דזשארדזשיא איז פאקטיש אפגעריסען געווארען פון די דרייצען שטאטען און איז געווארען ווידער אן ענגלישע קאלאניע.

פון דזשארדזשיא זיינען די ענגלענדער אריינגעדרונגען אין סאוט קאראליינא. דעם גאנצען פרילינג און זומער זיינען פאר־געקומען צוזאמענשטויסען ארום טשארלסטאון און אין אנדערע טיי־לען פון דעם סטייט. איינצונעמען סאוט קאראליינא איז די ענגלענ־דער ניט געלונגען. דערפאר אבער האבען זיי דארטען געמאכט א חורבן. זיי האבען געראבירט הייזער, פארמס, צוגענומען ארום דריי טויזענט נעגער שקלאפען. די הויז־זאכען: געלט, צירונג, פי און תבואה, האבען די סאלדאטען גענומען פאר זיך. די נעגער האבען זיי פארקויפט צו די ענגלישע קאלאניסטען אין די וועסט אינדיעס.

די מעטאדע פון רויבען און פארניכטען האבען די ענגלענדער דורכגעפירט סיסטעמאטיש איבער דער גאנצער סאוט. די ענגלי־שע גענעראלען האבען ארויסגעשיקט רעגעלמעסיג גרופען סאלדא־טען וועלכע זיינען באפאלען שטעטלאך און דערפער, אונטערגע־צונדען די הייזער, פארנומען די תבואה, צוגענומען די פערד, די בהמות, און אפילו די הינד. א היסטאריקער דערציילט, אז טוי־זענטער נעגער־שקלאפען זיינען דורך אט דער פארוויסטונג געבלי־

בען היימלאָז און האָבען זיך אַרומגעשלעפּט אַ לאַנגע צייט אין די וועלדער וואו זיי זיינען אויסגעשטאָרבען פון הונגער.

אין מאַנאַט מאַי, 1779, האָט זיך גענעראַל קלינטאָן אַ נעם געטאָן צו ווירדזשיניאַ. ער האָט באַשלאָסען פון איר אויך צו מאַכען אַ תל. ווירדזשיניאַ איז געווען פון געוויסע שטאַנדפּונקטען די וויכטיגסטע קאָלאָניע. ערשטענס, איז זי געווען זייער רייך. צווייטענס, האָט זי צוגעשטעלט אַ סך פּראָוויאַנט צו דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי. דריטענס, האָט איר טאַבאַק עקספּאָרט מעגליך געמאַכט פאַר דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג צו קריגען קרעדיט אין אויסלאַנד. דערצו איז ווירדזשיניאַ געווען זייער פּאַטריאָטיש, האָט געשיקט אַ סך סאָלדאַטען און אַ סך פירער פאַר דער רעוואָלוציע. גענעראַל קלינטאָן האָט געגלויבט, אַז אויב אים וועט געלינגען חרוב צו מאַכען ווירדזשיניאַ וועט דער רוקען־ביין פון דער רעוואָלוציע געבראָכען ווערען. און ער האָט זיך אונטערנומען דאָס צו טאָן.

אין מאַנאַט מאַי איז אָנגעקומען אַן ענגלישע פלאָטע מיט 25 הונדערט סאָלדאַטען צום ווירדזשיניער ברעג, און די פאַרניכטונגס־אַרבייט האָט זיך אָנגעפאַנגען. די שיפען זיינען באַפאַלען איין האַפען־שטאָט נאָך דער צווייטער, אונטערגעצונדען די האַנדעלס־שיפען, די שפייכלער, פאַרברענט די סחורה. דערנאָך האָבען זיך די סאָלדאַטען אַ לאָז געטאָן איבער די גאַסען פון די שטעט, געשאָסען פרידליכע בירגער, געשענדעט פרויען, גערויבט און געשלאָגען. דער טעראָר האָט אָנגעהאַלטען אַ לאַנגע צייט. דער שאָדען וואָס זיי האָבען אָנגעמאַכט איז דעמאָלט געשאַצט געוואָרען אין 10 מיליאָן דאָלאַר. זיי האָבען פאַרברענט 130 האַנדעלס־שיפען און פאַרניכטעט 300 טויזענט גרויסע פעסער טאַבאַק.

אין די זומער מאָנאַטען האָט קלינטאָן געגעבן דער נאָרט ווידער צו פאַרזוכען דעם טעם פון זיין נייער קריגס־מעטאָדע. ער האָט געשיקט אַן עקספּעדיציע צו טעראָריזירען שטעט און דערפער אין קאָנעקטיקוט. ניו הייווען איז דעם 5טען יולי פּאָגראָמירט געוואָרען. סאָלדאַטען זיינען באַפאַלען הייזער און האָבען געבראָכען און גערויבט. דעמזעלבען שיקזאַל האָט געהאַט פערפילד,

נארוואלק און אנדערע שטעט. די סאלדאטסקע כוליגאנעס האבען ניט געשאנעוועט די פרויען. זיי האבען געברענט הייזער, קירכען, פאבריקען און שיפען.

דיזעלבע טעראר־פאליטיק איז אנגעווענדעט געווארען אויפ'ן שלאכטפעלד. עס זיינען פארגעקומען קליינע שלאכטען דא און דארטען, און די ענגלענדער האבען גע'הרג'עט הילפלאזע געפאנגענע, כאטש דאס איז דעמאלט, ווי איצטער, געווען געגען דעם געזעץ פון „ציוויליזירטען קריג".

די לאגע פון דער רעוואלוציאנערע ארמיי איז איצטער געווען ערגער ווי ווען עס איז פריער. פון די גרויסע האפנונגען וואס מען האט געלייגט אויף פראנקרייך האט זיך אויסגעלאזען א חלום. פראנקרייך האט ניט געשיקט קיין סאלדאטען, און איר פלאטע האט זי גאר באנוצט צו פארכאפען פאר זיך אינזלען אין די וועסט אינדיעס. ווען די פראנצויזישע פלאטע וואלט ניט פארלאזען דעם אמעריקאנישען ברעג, וואלט קלינטאן ניט געקענט שיקען קיין ארמיי אין די סאוט. די „מאראל" פון די רעוואלוציאנערע סאלדאטען און פון די פאטריאטען אין אלגעמיין איז שטארק געפאלען. עס איז כמעט אומעגליך געווען צו קריגען רעקרוטען. דער יקרות איז געווען אומגעהייער גרויס, ווייל דאס פאפיר־געלט וואס דער קאנגרעס האט ארויסגעגעבען איז געווען פאקטיש ווערטלאז. א קאסטיום האט געקאסט 2 טויזענט דאלאר. א בושעל קארן 150 דאלאר. אין די שטעט זיינען געשעפטסלייט רייך געווארען דורך ספעקולאציע, שיבעריי און דורך כאבאר אין מלחמה קאנטראקטען. פראמינענטע לייט, גרויסע פאטריאטען, זיינען געווען פארמישט אין די סקאנדאלען. די וואס האבען געמאכט גרינג געלט האבען געהוליעט, געלעבט א גוטען טאג, זיך געבאדען אין לוקסוס. די ארימע מאסען, איבערהויפט די פארמער, האבען שרעקליך געליטען. א סך טויזענטער רעוואלוציאנערען האבען חרטה געהאט אויף דער גאנצער געשיכטע.

אין א שרעקליכען צושטאנד האט זיך געפונען די געגענד ארום ניו יארק: לאנג איילאנד, ניו דזשוירזי און קאנעטיקוט. דארטען האט געהערשט אן אמת'ע אנארכיע. מיט דער ערלויבניש פון

גענעראַל קלינטאָן האָבען זיך די לאָיאַליסטען פון ניו יאָרק אָרגאַ־ניזירט אין אַ מין רויבער־באַנדע. זיי האָבען געהאַט אייגענע באַוואָפענטע שיפען, וואָס זיי פלעגען ארויסשיקען צו באַפאַלען די ארומיגע שטעט און דאָרטען מאַכען רויבערישע אָנפאַלען. די שיפען האָבען אָפגעשטאַט אַ וויזיט דער גאַנצער געגענד ארום ניו יאָרק. און דער סך הכל פון דעם וויזיט איז געווען — גאַנצע בערג מיט אָנגערויבטע זאַכען: פערד, שעפסען, עופות, מעבעל, קליידער, שקלאַפען, בעטגעוואַנט, א. א. וו. די רויב פלעגען די חברה פאַרקויפען אין אויקציע אויף די גאַסען פון ניו יאָרק.

מיט דער צייט זיינען די רויב עקספעדיציעס געוואָרען אַ פשוט'ער געשעפט, און די רעוואָלוציאָנערען זיינען אויך אין דעם געשעפט אַריין. פון אָנפאַנג פלעגען די באַנדעס באַרויבען בלויז געגענער. די לאָיאַליסטען האָבען געמאַכט פאָגראָמען אויף די פאַטריאָטען און די פאַטריאָטען האָבען געמאַכט פאָגראָמען אויף די לאָיאַליסטען. שפעטער זיינען זיי געקומען צום שלום, אַז מען קען ניט צונויפמישען פרינציפ מיט געשעפט, און זיי האָבען גערויבט וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזען. די צוויי באַנדעס האָבען אפילו געהאָלפען איינע די אַנדערע. די געגענד האָט געקראָגען דעם נאָמען „נייטראַלע לאַנד". דאָרטען, הייסט עס, האָט מען זיך ניט געקימערט וועגען דער רעוואָלוציע אָדער וועגען לאָיאַליטעט צו ענגלאַנד. די פאַטריאָטישע גרופען און די לאָיאַלע גרופען האָבען אויפגעהערט צו קעמפען איינע געגען די אַנדערע. זיי פלעגען אָפהאַלטען פריינדליכע באַראַטונגען צווישען זיך און האָבען צוזאַמען אָנגעפירט דאָס געשעפט פון רויבעריי. זיי פלעגען „קידנעפען" רייכע פערזאָנען און פאָדערען אויסלייז־געלט פאַר זיי. לאָיאַליסטען און פאַטריאָטען האָבען זיך אָפט געטיילט מיט'ן רויב און מיט'ן אויסלייז־געלט.

גענעראַל קלינטאָנ'ס נייע טאַקטיק האָט דאָס ערשטע יאָר געבראַכט די געווינשטע רעזולטאַטען. אין ענגלאַנד האָט מען געגלויבט, אַז די רעוואָלוציע וועט אין קורצען צוזאַמענברעכען. די רעוואָלוציאָנערען דאַ זיינען געווען שרעקליך אַנטמוטיגט. מען האָט

געמוזט נעמען יונגע אינגלאך פאר סאלדאטען, עלטערע האבען ניט געוואלט גיין.

אין דעצעמבער, 1779, איז קלינטאן אפגעפארען פון ניו יארק מיט אן ארמיי פון 7 טויזענט סאלדאטען צו אטאקירען די וויכטיגסטע שטאט פון די סאוט, טשארלסטאן אין סאוט קאראליינא. דאס איז געווען דער צווייטער שריט אין זיין אונטערנעמונג אפצורייסען די סאוט פון די רעוואלוציאנערע שטאטען. דזשארדזשיא איז שוין געווען אונטער זיין קאנטראל. האט ער זיך גענומען צו דער שכנ'טע, סאוט קאראליינא.

דער קאמף אין טשארלסטאן איז געווען א שווערער. די רעוואלוציאנערען האבען די שטאט פארטיידיגט מאנאטען נאכאנאנד. אין מיטען מאי איז זי אבער ענדליך געפאלען. די רעוואלוציאנערע ארמיי איז כמעט אינגאנצען געפאנגען געווארען. די סאוט איז איצט געבליבען אן א רעוואלוציאנערער ארמיי. קלינטאן האט די קאמאנדע דארטען איבערגעלאזען צו זיין הויפט אדיוטאנט, גענעראל קארנוואליס. דער קאמאנדיר האט איינגעפירט א שטרייגגע מיליטערישע קאנטראל. ער האט ארגאניזירט א מיליץ פון לאיאלע איינוואוינער און האט באשטימט לאיאליסטען אויף אלע רעגירונגס־פאסטענס. די איינוואוינער וואס האבען סימפאטיזירט מיט דער רעוואלוציע זיינען פארפאלגט געווארען — ער האט קאנפיסקירט זייער אייגענטום און אויף זיי געמאכט פאגראמען.

דאס האט געפירט צו א שרעקליכען גערילא־קריג. די ענגלישע אפיצירען האבען אנגעפירט סיסטעמאטישע רויב ארבייט. פיל פון זיי זיינען פון די רויבערייען רייך געווארען. זיי פלעגען ארויסשיקען קאמיסיעס צו מאכען אבלאוועס און קאנפיסקירען אייגענטום. אפט פלעגען פארקומען געשלעגען און מארדען. אין פארלויף פון דער צייט, וואס דער כאאס האט דארטען געהערשט, האבען די ענגלישע אפיצירען ארויסגעשיקט פון דארטען אין די וועסט אינדיעס צוויי טויזענט נעגער־שקלאפען וועלכע זיי האבען צוגענומען ביי די איינוואוינער. אמעריקאנער וואס האבען זיך אנטזאגט צו שווערען טרייהייט צו ענגלאנד זיינען דערשאסען געווארען אין זייערע אייגענע היימען, פאר זייערע פרויען און קינ־

דער אין די אויגען. הונדערטע זיינען מיט גוואַלד אריינגעצוואונ־גען געוואָרען אין דער ענגלישער אַרמיי און אַלס מאַטראָזען אויף ענגלישע שיפען. די געפענגנישען זיינען געווען אָנגעפּאַקט מיט אַמעריקאַנער, און די באַהאַנדלונג אין די געפענגנישען איז געווען אַזאַ שרעקליכע, אַז צוויי דריטעל פון די איינגעשפּאַרטע זיינען פון דאָרטען קיינמאָל קיין לעבעדיגע ניט אַרויס.

פיל פּאַטריאָטען זיינען אַנטלאָפען אין די וועלדער און אין די בערג און האָבען זיך אָרגאַניזירט אין באַנדעס און אָנגעפירט אַ גערילאַ־קריג געגען די ענגלענדער. דער וויכטיגסטער אָנפירער פון די גרופּעס איז געווען פרענסיס מעריאָן. דער רעזולטאַט פון דעם טעראָר וואָס ביידע צדדים האָבען אָנגעפירט איז געווען אַ שרעק־ליכער. גאַנצע שטעטלאַך און פּלאַנטאַציעס זיינען פאַרניכטעט געוואָרען. עס האָט געדויערט פיל יאָרען איידער סאוט קאַראָליינא האָט זיך דערהאָלט פון דעם חורבן.

דאָס יאָר 1780 איז געווען זייער אַ טרויעריגער יאָר פאַר די רעוואָלוציאָנערען. דער קאָנגרעס האָט ניט געהאַט קיין געלט. נאָך פיל מי איז געלונגען צו ווירקען אויף פראַנקרייך זי זאָל אריינשיקען אַן אַרמיי. וואַשינגטאָן האָט געמאַכט פּלענער ווי אַזוי צו אַטאַקי־רען ניו יאָרק מיט דער הילף פון די פראַנצויזישע סאָלדאַטען. די אַרמיי איז אָנגעקומען — זעקס טויזענט סאָלדאַטען אונטער דער קאָמאַנדע פון באַראָן ראָשאַמבאָ. די אַמעריקאַנער האָבען זיי אויפגענומען מיט גרויס פּאַראַד. אָבער פון די אַלע פּלענער און האָפענונגען האָט זיך ווידער גאָרניט אויסגעלאָזען. די פראַנצוי־זישע פלאָטע איז אריינגעשוואומען אין ניופּאָרט פון וואַנען די ענ־גלענדער האָבען זיך מיט עטליכע מאָנאַטען פריער צוריקגעצויגען. קלינטאָן האָט גלייך געשיקט זיינע קריגס־שיפען דעם האַפען צו פאַרבלאָקירען. די פראַנצויזען האָבען איצט פון ניופּאָרט ניט גע־קענט אַרויספּאָרען. וואַשינגטאָן האָט געבעטען ראָשאַמבאָ ער זאָל אַרויסשיקען די סאָלדאַטען אויף דער יבשה, אָבער ראָשאַמבאָ האָט זיך אָנטזאָגט. ער האָט ערקלערט, אַז ער מוז האַלטען די סאָלדאַטען נעבען די שיפען, טאָמער וועלען די ענגלענדער אַטאַ־קירען.

אין מאנאט אויגוסט האט וואשינגטאן געשיקט אן ארמיי אונטער גענעראל גייטס ארויסצוטרייבען די ענגלענדער פון סאוט קאראליינא. די עקספעדיציע האט זיך געענדיגט מיט א שרעקלי־כער מפלה. נעבען דער שטאט קעמדין, סאוט קאראליינא, האבען זיך די צוויי ארמייען באגעגענט און די אמעריקאנער זיינען אינ־גאנצען צוקלאפט געווארען. עס איז פון זיי קיין זכר ניט געבליבען.

די לאגע איז געווען א פארצווייפעלטע. דער הימעל איז פאר די רעוואלוציאנערען געווען באדעקט מיט גערדיכטע וואלקענס. און אין דעם קריטישען מאמענט האט פאסירט די געשיכטע מיט בענעדיקט ארנאלד, וואס האט שיער ניט געגעבען דעם לעצטען טויט קלאפ דער רעוואלוציע. די רעוואלוציע איז געראטעוועט געווארען כמעט ווי דורך א נס.

## 30.

# דער פאַרראַט פון בענעדיקט אַרנאָלד

סוף מאָנאַט סעפּטעמבער, 1780, איז די רעוואָלוציאָנערע אַמעריקא אויפגעציטערט געוואָרען פון די נייעס, אַז בענעדיקט אַרנאָלד איז געוואָרען אַ פאַררעטער און אַז אים איז שיער ניט געלונגען איבערצוגעבען צום שונא די וויכטיגסטע פעסטונג און די וויכטיגסטע אַרמיי. דער פאַרראַט איז אויפגעדעקט געוואָרען אין לעצטען מאָמענט; עס האָט געפעלט איין האָר ער זאָל פאַרווירקליכט ווערען. די רעוואָלוציע איז געשטאַנען אויפ'ן שוועל פון תהום און דורך אַ וואונדער איז זי ניצול געוואָרען. אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער רעוואָלוציע איז די פּאַסירונג די דראַמאַטישסטע, די מערקווירדיגסטע. דער נאָמען בענעדיקט אַרנאָלד איז ביים אַמעריקאַנער פאָלק פאַרבליבען דער סימבאָל פון דעם שוואַרצסטען פאַרראַט. די פּאָפּולערע ליטעראַטור און געשיכטע שילדערט אים אַלס די פאַרקערפּערונג פון אַלץ וואָס איז עקעלהאַפט און פאַרדאָרבען אין דער מענשליכער נאַטור. דאָס איז געוויס איבערטריבען. בענעדיקט אַרנאָלד האָט שרעקליך פאַרבראָכען געגען זיין פאָלק, שרעקליך געזינדיגט געגען דער רעוואָלוציע. עס זיינען אָבער געווען אויסערליכע אומשטענדען וועלכע זיינען, טיילווייז וויינגסטענס, דערפאַר פאַראַנטוואָרטליך. די אומשטענדען מאַכען זיין פאַרברעכען לייכטער.

אין די ערשטע יאָרען פון דער רעוואָלוציע איז בענעדיקט אַרנאָלד געווען דער וויכטיגסטער גענעראַל נאָך וואַשינגטאָנ'ען. אין יעדער שלאַכט, אין וועלכער ער האָט זיך באַטייליגט, האָט ער אַרויסגעוויזען מוט, אומערשראָקענקייט און פעיאיגקייט וואָס האָ־

בען כמעט קיין גלייכען ניט געהאט. ער האט געוואונען דעם גרוי־סען זיג ביי סאראטאגא, דער זיג וואס האט געראטעוועט די רע־וואלוציע, וואס האט געווירקט אויף פראנקרייך זי זאל זיך פאר־בינדען מיט אמעריקא. אין דער שלאכט האט ער געקראגען א וואונד אין פוס און איז געבליבען א קריפעל אויף אייביג.

דאס פאלק האט אים באוואונדערט, די סאלדאטען האבען אים הויך געשעצט. וואשינגטאן האט אים באשאטען מיט קאמפלי־מענטען. אבער דער קאנגרעס האט זיך צו אים באנומען קאלט. אנדערע אפיצירען זיינען דערהויבען געווארען צו העכערע ראנגען ווי ער. וואשינגטאן האט רעקאמענדירט זיין נאמען פאר א הויכען גענעראל־אמט; דער קאנגרעס האט די רעקאמענדאציע איגנא־רירט. דאס האט ארנאלד'ן שרעקליך געקריינקט. ארנאלד איז געוועזן אן אמביציעזער מענש. די באהאנדלונג וואס ער האט פון קאנגרעס געקראגען האט פארוואונדעט זיין אמביציע. אלע נאענ־טע מענשען האבען צוגעגעבען אז געגען אים ווערט א גרויסע עולה באגאנגען.

ווען די ענגלענדער האבען אפגעליידיגט פילאדעלפיע אין יוני. 1778, האט וואשינגטאן באשטימט ארנאלד'ן אלס קאמאנדיר פון דער שטאט. וואשינגטאן'ס כונה איז געווען ארנאלד'ן דערמיט צו באפרידיגען. פילאדעלפיע איז דעמאלט געווען די וויכטיגסטע שטאט. דער קאנגרעס איז דארט געזעסען. די באשטימונג איז ווירקליך געווען א צייכען פון צוטרויען און אנערקענונג.

באלד ווי ארנאלד איז אריין אין דעם אמט האבען זיך אנגע־הויבען קריגערייען צווישען אים און די פארשטייער פון דעם קאנגרעס און פון דער פענסילווייניער רעגירונג. ארנאלד האט זיך גע'חבר'ט מיט די רייכע לאיאליסטען און די פאטריאטישע פירער האט ער איגנארירט אדער האט ארויסגעוויזען צו זיי פאראכטונג. מען האט גענומען ריידען, אז ער לעבט פארשווענדעריש, אז ער טוט נאך די רייכע ספעקולאנטען, וועלכע זיינען אין הארצען גע־ווען געגען דער רעוואלוציע. מען האט אים באשולדיגט, אז ער אליין ספעקולירט אויך, אז ער מאכט געלט פון מלחמה געשעפטען. דאס לאנד איז דעמאלט געווען שרעקליך פארארימט, דער יקרות

איז געווען אומערטרעגליך. די ספעקולאנטען זיינען מורא'דיג פארהאסט געווען פאר זייער לוקסוס־לעבען און הולטאיסטווא. פון דעם פאלק'ס בלוט זיינען די פיאווקעס פעט געווארען. און ארנאלד האט נאכגעטאן זייער ביישפיל. אזוי צום וויניגסטענס האט מען גערעדט.

ארנאלד איז געווען אן אפטער אריינגייער אין הויז פון א פראמינענטען לאיאליסט, א רייכען אריסטאקראט מיט'ן נאמען שיפען. די טאכטער פון הויז, מארגארעט שיפען, איז געווען דאס שענסטע מיידעל אין פילאדעלפיע. ווען די ענגלענדער זיינען געשטאנען אין שטאט איז שיפענ'ס הויז געווען דער ראנדעוואו פאר די ענגלישע גענעראלען און אפיצירען. זיי זיינען דארטען געווען די ליבסטע געסט. איצט איז אין אט דעם הויז ארנאלד געווארען א שטענדיגער אריינגייער. די שיפענס זיינען געווען „מילדע" לאיאליסטען. זיי האבען געגלויבט, אז וויבאלד ענגלאנד איז וויליג נאכצוגעבען די פאדערונגען וואס די רעוואלוציאנערען האבען פון אנפאנג געשטעלט דארף מען שליסען פרידען. זיי זיינען געווען געגען דעם. אז מען זאל זיך פון ענגלאנד אינגאנצען אפרייסען. ביי זיי אין הויז פלעגען זיך פארזאמלען לאיאליסטען פון זעלבען קאליר — רייכע אריסטאקראטען וואס האבען געהאלטען, אז עס איז א משוגעת און א פארברעכען וויטער פארצוזעצען דעם רעוואלוציאנערען קאמף. ארנאלד האט זיך מיט די לייט געח'בר'ט, איז מיט זיי נאענטע פריינט געווארען. זייערע מיינונגען האבען אויף אים זיכער געהאט א ווירקונג.

און נאך א שטארקערע ווירקונג האט אויף אים געהאט די שיינע מארגארעט. ער האט זיך אין איר שטערבליך פארליבט. זי איז אלט געווען 19 יאר און ער איז אלט געווען 35 יאר, אן אלמן מיט דריי קינדער. איר פאטער איז געווען שטארק געגען דעם שידוך. אים האט ניט געפאסט ארנאלד'ס יחוס. דערצו האט ער ניט געוואלט זיין יונגע טאכטער זאל נעמען א מאן וואס איז צוויי מאל אזוי אלט ווי זי און האט דריי קינדער. דאס יונגע מיידעל איז אבער צו ארנאלד'ן געווען צוגעבונדען און האט בא־

שלאסען חתונה צו האבען מיט אים אפילו געגען איר פאטער'ס ווילען.

אט די אלע פאקטען און קלאגען האבען געשאפען די גענ־נערשאפט צו ארנאלד'ן צווישען די פאטריאטישע פירער. אין יא־נואר, 1779, איז געגען אים געבראכט געווארען א גאנצער צעטעל מיט קלאגען. די קלעגער זיינען געוועזן הויכע רעגירונגס־באאמטע פון פענסילווייניא סטייט. די קלאגען זיינען באשטאנען פון די אלע אויסגערעכענטע באשולדיגונגען. זיי זיינען פארגעלייגט גע־ווארען פאר'ן קאנגרעס און א קאמיטע איז באשטימט געווארען זיי צו אונטערזוכען. אין מערץ האט די קאמיטע אפגעגעבען איר בא־ריכט, אז זי געפינט, אז אלע באשולדיגונגען זיינען ניט באגרינ־דעט אויסער צוויי. די צוויי עולות וואס ער האט יע באגאנגען זיינען געוועזן: ערשטענס, ער האט באנוצט רעגירונגס־פורען צו טראנספארטירען פריוואטע סחורה; און צווייטענס, ער האט ער־לויבט א שיף אריינצופארען אין האפען אן דער צושטימונג פון דער סטייט־רעגירונג. די קאמיטע האט אבער דערביי באמערקט, אז ארנאלד האט ניט געמיינט קיין בייז און דאריבער קען מען אים אפילו אין די צוויי עולות אויך ניט ערקלערען שולדיג.

גלייך נאך דעם אורטייל האט ארנאלד רעזיגנירט פון זיין אמט. ער האט באשלאסען אוועקצופארען אין ניו יארק סטייט און דארטען ווערען א פארמער. איידער ער האט צייט געהאט דעם באשלוס דורכצופירען האבען זיינע קלעגער אויסגעווירקט דער קאנגרעס זאל די קלאגען ווידער פארהאנדלען. איצט איז באשטימט געווארען א פאראייניגטע קאמיסיע פון קאנגרעס און פון דער פענסילווייניער רעגירונג. די קאמיסיע האט געפאדערט, אז די קלאגען זאלען אויסגעפארשט ווערען פון א קריגס־געריכט. וואשינגטאן האט באשטימט דעם קריגס־געריכט. די געשיכטע האט זיך געצויגען פון מאי ביז דעצעמבער. ארנאלד האט גע־האלטען אין איין פאדערען, אז זיין משפט זאל וואס שנעלער פאר־האנדעלט ווערען, אבער זיינע שונאים האבען די זאך פארצויגען און פארשלעפט. ענדליך איז דאס קריגס־געריכט צוגעטראטען צו דעם פראצעס. פינף וואכען האט זיך דער פראצעס געצויגען.

סוף מאָנאַט יאַנואַר, 1780, האָט דאָס קריגס־געריכט אַרויסגע־טראָגען דעמזעלבען אורטייל וואָס די פריערדיגע קאָנגרעס־קאָמי־סיע. זי האָט נאָר צוגעגעבען, אַז פאַר די צוויי פונקטען, אין וועל־כע אַרנאָלד איז געפונען געוואָרען שולדיג, זאָל ער קריגען אַן אויס־רייד. וואַשינגטאָן, וועלכער האָט די גאַנצע צייט סימפּאַטיזירט מיט אַרנאָלד'ן האָט דעם אויסרייד געמאַכט אין אַ העכסט מילדער פאָרמע, כדי אַרנאָלד זאָל קענען די גאַנצע געשיכטע וואָס שנעלער פאַרגעסען.

דערווייל האָט אַרנאָלד חתונה געהאַט מיט זיין געליבטע. זיין פריערדיגען באַשלוס זיך צוריקצוציען פון דער אַרמיי האָט ער ניט דורכגעפירט. אַנשטאָט דעם האָט ער געבעטען וואַשינגטאָנ'ען ער זאָל אים איבערגעבען די קאָמאַנדע איבער דער פעסטונג אין וועסט פּאָינט, די וויכטיגסטע פעסטונג אויף דעם האַדסאָן ריווער. וואַשינגטאָן האָט זיין פאַרלאַנג באַוויליגט. אין יולי, 1780, איז אַרנאָלד געוואָרען דער הויפּט קאָמאַנדיר פון וועסט פּאָינט.

ווען אַרנאָלד האָט זיך געווענדעט מיט זיין בקשה צו וואַשינג־טאָנ'ען איז ער שוין וואַרשיינליך אין האַרצען געווען אַ פאַררעטער. עס ווייזט אויס, אַז ער האָט זיין באַשלוס זיך איבערצוגעבען צום שונא געמאַכט גלייך ווי די קלאַגען געגען אים זיינען געבראַכט גע־וואָרען. וואָס לייגער די אַפּערע האָט זיך געצויגען אַלץ טיפער איז אין זיין נשמה אַריינגעדרונגען דער האַס און דער צאָרן געגען די רעוואָלוציאָנערען און זייערע פירער. עס איז אַ סברא, אַז נאָך אין מאָנאַט אַפּריל, 1779, האָט ער אָנגעשריבען זיין ערשטען בריף צו גענעראַל קלינטאָן אין ניו יאָרק. דער בריף איז געווען אין אַ פאַרשטעלטער האַנדשריפט און אונטערגעשריבען מיט'ן נאָמען „אַגאַסטאַס“. אין אים האָט ער ערקלערט דאָס פאָלגענדע: „דער שרייבער פון דעם בריף איז אַ הויכער באַאַמטער אין דער אַמערי־קאַנער אַרמיי. ער איז געגען דעם וואָס אַמעריקאַ האָט זיך פאַרבונ־דען מיט פראַנקרייך און איז אויך ניט צופרידען מיט געוויסע האַנ־דלונגען פון דעם קאָנגרעס. דערפאַר איז ער גרייט זיך אונטערצו־געבען צו די ענגלענדער אויב ער וועט קריגען גענוגענדע באַלוי־נונג“.

קלינטאן האט ניט געוואוסט ווער דער שרייבער איז. ער האט אנגעשטעלט זיין הויפט אדיוטאנט, מאיאר דזשאן אנדרע, ער זאל פירען די אונטערהאנדלונגען. אנדרע האט אויף דעם בריף געשיקט א פארזיכטיגען ענטפער און געבעטען ווייטערע איינצעלהייטען. ער האט זיך אונטערגעשריבען „דזשאן ענדערסאן". ווי עס שיינט האט ארנאלד דאן געטראכט בלויז פון איבערגעבען זיך אליין צו די ענגלענדער. ער האט ניט געזוכט צו שעדיגען דער רעוואלוציע מער ווי מיט זיין פערזענליכער פארראט. ערשט שפעטער איז אים איינגעפאלען צו געבען מיט זיין פערזענליכען פארראט א טויט־קלאפ צו דער גאנצער רעוואלוציע, און דאריבער האט ער עס געבעטען ביי וואשינגטאן'ען די קאמאנדע איבער וועסט פאינט.

ארנאלד'ס פלאן איז איצט געווען איבערצוגעבען די ענגלענדער אט די פעסטונג מיט די דריי טויזענט סאלדאטען וואס האבען זיך דארטען געפונען. ווען אים וואלט זיך דער פלאן געווען איינגעגעבען, דיינקען א סך היסטאריקער, אז די רעוואלוציע וואלט ווירקליך צוזאמענגעבראכען. וועסט פאינט איז געווען די איינציגע שטארקע פעסטונג, וואס האט באוואכט דעם האדסאן, און איז געשטאנען אין וועג פון קלינטאנ'ס ארמיי אין ניו יארק. ווען ניט די פעסטונג, וואלט קלינטאן געקענט שיקען זיינע סאלדאטען פון ניו יארק צו פארנעמען דעם טייך און אפצושניידען די ניו ענגלאנד סטייטס פון דער סאוט. אזוי ווי די מיליטערישע, די פינאנציעלע און די עקאנאמישע לאגע פון דער רעוואלוציע איז אין 1780 געשטאנען אויפ'ן שוועל פון פולשטענדיגען באנקראט, וואלט דער קלאפ געמאכט א סוף צו דער גאנצער רעוואלוציע. די סאוט איז שוין דעמאלט סיי ווי געווען האלב איינגענומען. איצט, נאך אזא געשעעניש, וואלט זי זיך באלד אינגאנצען אונטערגעגעבען. ניו ענגלאנד וואלט אויך איינגעזען, אז די לאגע איז האפנונגסלאז און וואלט נאכגעטאן דעם ביישפיל פון דער סאוט.

ארנאלד איז געווען זיכער, אז מיט זיין פארראט וועט נעמען א סוף צו דער רעוואלוציע, און נאכדעם ווי עס וועט שטיל ווערען און עס וועט געשלאסען ווערען פרידען וועט ער נאך בארימט ווערען אלס גרויסער העלד און זיין נאמען וועט פאראייביגט ווערען אלס

דער רעטער פון זיין לאנד. און דאן וואלט ער געקענט נקמה נעמען פון זיינע שונאים.

ער האט געשריבען צו אנדרע דעם גאנצען אמת: ווער ער איז און וואס ער דיינקט צו טאן. אנדרע האט אים אנגעבאטען 150 טויזענט דאלאר. ארנאלד האט דאן געשריבען צו אנדרע ער זאל צו אים קומען און מיט אים אויסארבייטען אלע איינצעלהייטען פון דעם פלאן און ווי אזוי די זאך זאל דורכגעפירט ווערען.

דעם 18טען סעפטעמבער איז וואשינגטאן אפגעפארען קיין הארטפארד, וואו די פראנצויזישע ארמיי איז געשטאנען. ער האט זיך דארטען געדארפט זען מיט גענעראל ראשאמבא. מיט אט דער געלעגענהייט האט זיך ארנאלד באנוצט. ער האט געלאזט וויסען אנדרע ער זאל צו אים קומען. דעם 20טען האט די ענגלישע קריגס־שיף „וואלטשור" צוגעפירט אנדרע ביז א פונקט ניט ווייט פון סטאון פאינט. ארנאלד'ס א שיפעל האט דארטען געווארט. אין מיטען נאכט האבען די צוויי קאנספיראטארס זיך געטראפען אין א געדיכטען וואלד ביים ברעג. איידער זיי זיינען פארטיג געווארען מיט אויסארבייטען אלע איינצעלהייטען פון דעם פלאן איז טאג געווארען. דער פירער פון קליינעם שיפעל האט מורא געהאט צוריקצופירען אנדרע צום „וואלטשור", טאמער וועט אימיצער פון ברעג אים באמערקען און אים ארעסטירען. ארנאלד האט איינגערעדט אנדרע'ן ער זאל מיט אים מיטגיין צו זיינעם א פריינד, אן אדוואקאט מיט'ן נאמען דזשאשוא סמיט, וועלכער האט געוואוינט א מייל פון ברעג. סמיט איז געווען א פארעווער רעוואלוציאנער און ער האט זיך וועגען דעם ענגלישען גאסט ווייניג וואס געקימערט.

די צוויי קאנספיראטארס האבען ביי סמיט'ן אפגעגעסען פרישטיק. דערווייל האבען די אמעריקאנער ביים ברעג דערזען די ענגלישע קריגס־שיף און גענומען אויף איר שיסען. די „וואלטשור" איז געצוואונגען געווען זיך צוריקציען. איצט איז שוין אומעגליך געווען פאר אנדרע'ן צוצוקומען צו דער שיף. האט ער פארבראכט דעם גאנצען טאג ביי סמיט'ן אין הויז. ארנאלד האט אים איבערגעגעבען אלע צייכענונגען ווי אזוי די פעסטונג פון וועסט פאינט צו באפאלען און ווי אזוי זי איינצונעמען. נאך מיטאג איז ארנאלד

אוועקגעפארען צוריק אין דער הויפטקווארטיר פון דער פעסטונג. סמיט האט פארשפראכען, אז ער וועט אנדרע'ן אפפירען אנטוועדער צו דער שיף אדער דורך דער יבשה צו דער ענגלישער ליניע. ביי־נאכט האט זיך אנדרע פארקליידט אין סמיט'ס ציווילע מלבושים. די דאקומענטען האט ער אריינגעלייגט אין א שטיוועל. ארנאלד האט אים געגעבען א מיליטערישען „פעס" דורכצוגיין די אמעריקא־נישע ליניע. פארען מיט א שיפעל צו דער „וואלטשור" האט סמיט אליין מורא געהאט. די קריגס־שיף איז איצט געשטאנען זייער ווייט. האבען זיי באשלאסען צו פארען רייטענדיג מיט'ן לאנדוועג. זיי האבען געריטען א גאנצע נאכט. אין דערפרי זיינען זיי אנגעקומען אין ווהייט פליינס.

דארט איז געווען א נייטראלע שטיק לאנד. ניט די ענגלענדער, ניט די אמעריקאנער האבען דארטען געהאט סאלדאטען. סמיט האט געגלויבט, אז איצט איז שוין אנדרע אויסער געפאר. אזייגער נייו אין דערפרי, דעם 22טען סעפטעמבער, האט זיך סמיט געזעגענט מיט אנדרע'ן און איז אוועק צוריק אהיים. אנדרע האט פארגעזעצט זיין רייזע צו דער ענגלישער ליניע. ער האט געהאט צו פארען נאך א קליינע שטרעקע. קיין סאלדאטען זיינען דארטען ניט געווען, טא פארוואס זאל ער זיך שרעקען?

די גאנצע געגענד ביים האדסאן איז דעמאלט געווען פול מיט רויבער באנדעס. טייל באנדעס האבען גערויבט אין נאמען פון דער רעוואלוציע. זיי האט מען גערופען „סקינערס" (שינדער). טייל, ווידער, האבען גערויבט אין נאמען פון לאיאליטעט צו ענגלאנד. יזיי האט מען גערופען „קאובאיס" (דאס איז דערפאר, וואס זייער ספעציאליטעט איז געווען צו באפאלען פארמער און צונעמען בהמות, אקסען און פערד). עס פארשטייט זיך, אז ניט די „סקי־נערס" און ניט די „קאובאיס" האבען אין זינען געהאט פרינציפען. ווען א גוטער פאטריאט איז אריינגעפאלען אין די הענט פון די „סקינערס" האבען זיי אים וויינציג וואס געשאנעוועט. און פאר־קערט אויך. א גוטער לאיאליסט איז אפט בארויבט געווארען פון א באנדע „קאובאיס".

ווען אנדרע איז אנגעקומען אין טעריטאון האבען דריי „סקי־

נערס" אים אָפּגעשטעלט. זיי זיינען געזעסן אין וואַלד און גע־שפּילט אין קאָרטן און געוואַרט אויף אַ קרבן. איינער פון די דריי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ראָק פון אַ „העסיער" (אַ דייטשער סאָלדאַט אין דינסט פון ענגלאַנד). האָט אַנדרע געמיינט, אַז די באַנ־דע באַשטייט פון „קאַובאָיס", לאָיאַליסטן הייסט עס. האָט ער זיך פאַר זיי פאָרגעשטעלט אַלס אַן ענגלישער אָפיציר. די דריי חברה לייט האָבן אים דאַן געהייסן אַרונטערגיין פון פערד און אים אויס־געזאָגט דעם סוד, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות. זיי האָבן אים גענומען באַזוכן. ער האָט שוין איצטער געוואָלט כאַפּן צוריק. האָט זיי באַוויזן זיין מיליטערישן „פּעס" וואָס אַרנאָלד האָט אים געגעבן. עס האָט אָבער שוין ניט געהאָלפן. זיי האָבן אים אַרונטערגעצויגן די שטיוועל און געפונען די אַלע דאָקומענטן. זיי האָבן באַלד פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ שפּיאָן. אַנדרע האָט זיי אָנגעבאָטן 5 טויזענט דאָלאַר אויב זיי וועלן אים לאָזן פאָרן קיין ניו יאָרק. אַ שטיקעל צייט האָבן זיי זיך מיישב געווען צווישן זיך און האָבן באַשלאָסן דעם פאַר־שלאָג צוריקצואווייזן און אים אָפּפירן אין אַ דערבייאיגען אַמע־ריקאַנישן לאַגער, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער קאָמאַנדע פון קאָלאָנעל דזשיימסאָן.

די דריי יונגע לייט האָבן אַנדרע'ס פאַרשלאָג צוריקגעוויזן ניט אויס פּאַטריאָטיזם, נאָר ווייל זיי האָבן זיך אויסגערעכנט, אַז עס לוינט זיך ניט. ביי זיך האָט אַנדרע דאָס כאַבאַר־געלט ניט געהאַט. מיט וואָס האָבן זיי געקענט זיכער זיין. אַז נאָכדעם ווי זיי וועלן אים ברענגען קיין ניו יאָרק וועט ער זיי באַצאָלן? אַט וועגן דעם טאַקע איז ביי זיי געווען דער ישוב הדעת. זיי האָבן זיך אין חשבון ניט געניאַרט. דער אַמעריקאַנער קאָנגרעס האָט זיי שפּעטער פאַר זייער „געטריישאַפט" געשיינקט יעדען אַ שטיק לאַנד און אויך באַ־שטימט אַ געוויסע פּענסיע.

אַנדרע איז געבראַכט געוואָרען אין אַמעריקאַנישן לאַגער. קאָלאָנעל דזשיימסאָן האָט ניט באַגריפן די סיטואַציע. אַז אַר־נאָלד איז אַ פאַררעטער איז אים אפילו אויפ'ן זינען ניט אַרויף. ער האָט באַשלאָסן אַז עפּעס איז דאָ פאַרגעקומען אַ מיספאַרשטענד־

ניש. און ער האט געהייסען אז מען זאל אנדרע'ן אפפירען צו אר־נאלד'ן אין וועסט פאינט. ער האט דעם קוריער מיטגעגעבען א בריף מיט אן ערקלערונג וועגען דער גאנצער פאסירונג. די דאקו־מענטען וואס מען האט געפונען ביי אנדרע'ן האט ער אפגעשיקט מיט א צווייטען קוריער צו וואשינגטאנ'ען.

אנדרע איז אלזא ווידער פון געפאר ארויס. האט זיך אבער באלד די סיטואציע געענדערט. קורץ נאכדעם ווי אנדרע איז, אונטער א וואך, ארויס פון לאגער איז אנגעקומען אהין מאיאר טאלמאדזש, דזשיימסאנ'ס א געהילף. דזשיימסאן האט אים דער־ציילט די גאנצע געשיכטע. טאלמאדזש'ן איז גלייך איינגעפאלען אז ארנאלד איז פארמישט אין א פארשווערונג. נאך פיל מי איז אים געלונגען איבערצוריידען דזשיימסאנ'ען ער זאל שיקען סאלדא־טען נאכצויאגען אנדרע'ן און אים צוריקבריינגען. דזשיימסאן האט זיך אבער אבסאלוט אנטזאגט צוריקצורופען דעם קוריער וואס האט געפירט דעם בריף צו ארנאלד'ן. ער האט, הייסט עס, געמאכט א פשרה: אנדרע'ן צוריקבריינגען אבער אין דערזעלבער צייט לאזען וויסען ארנאלד'ן וועגען דער גאנצער אנגעלעגענהייט. ער האט געוואלט זיך פארזיכערען אז אין פאל ארנאלד איז אומשולדיג זאל ארנאלד ניט מיינען, אז ער, דזשיימסאן, האט אים פארדעכטיגט. די סאלדאטען האבען באלד צוריקגעבראכט אנדרע'ן אין אמעריקא־נישען לאגער.

אונטערוועגענס זיינען איצט געווען צוויי קוריערען: איינער מיט דזשיימסאנ'ס בריף צו ארנאלד'ן און א צווייטער מיט אר־נאלד'ס פאראט־דאקומענטען צו וואשינגטאנ'ען. דער קוריער וועל־כער האט געפירט ארנאלד'ס דאקומענטען האט וואשינגטאנ'ען ניט געקענט אזוי לייכט געפינען. אויפ'ן וועג פון הארטפארד קיין וועסט פאינט האט זיך וואשינגטאן ערגעץ אפגעשטעלט אויף א טאג און דער קוריער האט ניט געקענט אויסגעפינען וואו. דערווייל האט דער צווייטער קוריער געבראכט דזשיימסאנ'ס בריף צו ארנאלד'ן. דאס האט פאסירט דעם 25טען סעפטעמבער, א מאנטאג אין דער־פרי. ארנאלד האט ביי זיך אין שטוב געהאט געסט, עטליכע אפי־צירען פון וואשינגטאנ'ס סוויטע. וואשינגטאן אליין האט געדארפט

קומען אַביסעל שפּעטער. אַרנאָלד און זיינע געסט זיינען געזעסען ביים טיש און האָבען געגעסען פרישטיק ווען דער קוריער איז אריינגעקומען און אים דערלאַנגט דעם בריף. אַרנאָלד האָט דעם בריף געעפענט און אים איבערגעלעזען. ער האָט זיך ניט פאַרלאָרען. אַ רואיגער האָט ער זיך פון טיש אויפגעהויבען. ערקלערט פאַר די געסט, אַז ער מוז גלייך אַריבערשווימען אויפ'ן צווייטען ברעג אין פעסטונג אַריין (זיין הויפּטקוואַרטיר האָט זיך געפונען אויף דעם ברעג אַנטקעגען דער פעסטונג) און איז אַרויס פון צימער. זיין פרוי וועלכע איז געזעסען ביים טיש האָט באַמערקט אַז אים, אַז עפּעס אויסערגעוויינליכעס האָט פּאַסירט. זי איז אים נאָכגעגאַנגען. ער האָט איר ערקלערט, אַז ער איז רואינירט און אַז ער מוז גלייך אַנטלויפען. זי האָט אַ געשריי געטאָן און איז געפאַלען אין חלשות. מיט דערזעלבער רואיגקייט האָט אַרנאָלד זי אויפגעהויבען, זי אַריינגעלייגט אין בעט, אַרויפגערופען אַ דינסט, אַ קוש געטאָן דאָס קינד אין וויג און געגעבען אַ באַפעל מען זאָל אים גלייך ברייגגען אַ פערד. ער איז אַפּגעפאָרען שנעל צום ברעג. דאָרטען האָט שוין אויף אים געוואַרט אַ שיפעל. ער האָט געוואוסט, אַז די ענגלישע קריגס־שיף „וואַלטשור" שטייט נאָך אַלץ ניט ווייט פון ועסט פּאָינט, ווייל דער קאַפּיטאַן האָט געהאַט אַ שטריינגען באַפעל ניט צוריקצוקומען אָן אַנדרע'ן. אַרנאָלד האָט באַפוילען דער שיפעל, זי זאָל אים צופירען צו דער קריגס־שיף. דער קאַפּיטאַן פון דער „וואַלטשור" האָט אים אַרויפגענומען. די סאָלדאַטען וואָס האָבען געפירט די שיפעל האָט אַרנאָלד איבערגעגעבען אַ בריף צו וואַשינגטאָנ'ען. אין בריף האָט ער פאַרזיכערט, אַז זיין פרוי איז אומשולדיג. אַז זי האָט פון דער פאַרשווערונג גאָרנישט געוואוסט. ער האָט אויך געבעטען, אַז וואַשינגטאָן זאָל זי מיט'ן קינד אַפּשיקען ענטוועדער צו איר פאַמיליע אין פילאַדעלפיע אָדער צו אים אין ניו יאָרק.

אַרום צוועלף אַזייגער בייטאָג איז וואַשינגטאָן אָנגעקומען אין אַרנאָלד'ס הויפּטקוואַרטיר. צוויי אַזייגער האָט ער באַקומען די דאָקומענטען וואָס דזשיימסאָן האָט אים געשיקט. די גאַנצע געשיכטע מיט אַרנאָלד'ס פּלוצלונגען אַפּפאָרען איז איצט אַלעמען

קלאר געווארען. באלד איז פאנאנדערגעטראגען געווארען די שרעקליכע נייעס, אז ארנאלד איז געווארען א פאררעטער און אז ער האט שיער ניט איבערגעגעבען צו דעם שונא די וועסט פאינט פעסטונג מיט דריי טויזענט סאלדאטען.

אנדרע איז געמשפט געווארען אלס שפיאן. א קריגס־געריכט פון צוועלף גענעראלען האט אים געפונען שולדיג און ער איז פאראורטיילט געווארען צו שטארבען אויף דער תליה. אן אמעריקאנער היסטאריקער באצייכענט אנדרע׳ס היגריכטונג אלס „איינע פון די טרויעריגסטע פאסירונגען אין דער געשיכטע“.

אנדרע האט געשטאמט פון פראנצויזישע עלטערען. ער האט געהאט די נשמה פון א קינסטלער. אלע וואס זיינען געקומען מיט אים אין בארירונג האבען אים ליב געהאט פאר זיין איידעלקייט און פאר זיין פיינעם כאראקטער. גענעראל קלינטאן האט געטאן אלץ וואס איז מעגליך געווען אים צו ראטעווען. ער האט אנגעבאטען אים אויסצובייטען פאר די וויכטיגסטע אמעריקאנער געפאנגענע. צווישען די אמעריקאנער זיינען אויך געווען פיל, וואס האבען געוואלט, אז אנדרע זאל געראטעוועט ווערען פון טויט. וואשינגטאן האט אבער ערקלערט, אז דאס איז אבסאלוט אומעגליך. ער האט געלאזט וויסען קלינטאנ׳ען, אז עס איז דא בלויז איין אויסוועג, צו פארבייטען אנדרע אויף ארנאלד׳ן. דאס צו טאן האט זיך קלינטאן אנטזאגט. אנדרע האט זיך געווענדעט מיט א ביטע, אז אנשטאט היינגען זאל מען אים שיסען, ער זאל שטארבען ניט מיט דעם טויט פון א שפיאן, נאר מיט דעם טויט פון א סאלדאט. דער פארלאנג איז אויך צוריקגעוויזען געווארען. מען האט אים אויפגעהאנגען ניין טעג נאך זיין ארעסט. *)

---

*) „מחנות מענשען פון דער גאנצער סביבה האבען זיך פארזאמעלט צו דער היגריכטונג — מענער, פרויען און קינדער. די מערסטע וואלטען ארנאלד׳ן אליין געוואלט צערייסען. זיי האבען אבער אלע געוויינט אויף אנדרע׳ס היגריכטונג. אלץ וואס ער האט געטאן האט זיי באצויבערט: זיין רירענדער בריף צו וואשינגטאנ׳ען מיט דער בקשה, אז מען זאל אים שיסען אנשטאט הענגען; זיין שיינע, עלעגאנטע פיגור, ווען ער איז געשטאנען אונטער דער תליה; זיין ארומבינדן אליין די פעטליע אויפ׳ן האלז און זיין ארונטערבויגען דערביי דעם קאלנער. מען האט

וואָס איז געוואָרען מיט בענעדיקט אַרנאָלד ? זיין פּולע באַלוינונג האָט ער פון דער ענגלישער רעגירונג ניט באַקומען, ווייל דער פּלאַן איז דאָך סוף כל סוף דורכגעפאַלען. אַנשטאַט 150 טויזענט דאָלאַר האָט ער באַקומען ניט מער ווי 40 טויזענט. זיין פרוי האָט באַקומען אַ פּענסיע פון 25 הונדערט דאָלאַר אַ יאָר און יעדער פון זיינע קינדער צו 500 דאָלאַר אַ יאָר. ער האָט געקראָגען אַ גענעראַל אַמט אין דער ענגלישער אַרמיי. כל זמן די רעוואָלוציע האָט אָנגעהאַלטען האָט ער דאָ געהאָלפען דער ענגלישער רעגירונג. נאָך דער רעוואָלוציע איז ער מיט זיין פאַמיליע אָפּגעפאָרען קיין ענגלאַנד. דאָרטען איז ער אויפגענומען געוואָרען אין די הויכע קרייזען. זיינע קינדער האָבען געהייראַט אין די העכסטע פאַמיליעס. ביז היינטיגען טאָג איז די אַרנאָלד פאַמיליע אין דער ענגלישער אַריסטאָקראַטיע.

אין אַמעריקא זיינען וועגען אים געשאַפען געוואָרען פאַרשידענע לעגענדעס. איינע פון זיי, די רירענדסטע, דערציילט, אַז די צוואַנציג יאָר וואָס ער האָט נאָך דער רעוואָלוציע געלעבט האָט ער שרעקליך געליטען פון חרטה. ער האָט טייער געהאַלטען זיין מונדיר פון דער אַמעריקאַנישער אַרמיי. ווען ער האָט געהאַלטען ביים שטאַרבען האָט ער געבעטען מען זאָל אים אָנטאָן דעם מונדיר, און אָנגורטען דעם אַמעריקאַנישען שווערד, און אים באַהיינגען מיט די מעדאַלען וואָס ער האָט באַקומען פאַר זיין דינסט אין דער רעוואָלוציע. איידער ער איז אויסגעגאַנגען האָט ער געזאָגט : „איך וויל שטאַרבען אין דעם מונדיר אין וועלכען איך האָב געקעמפט. זאָל מיר גאָט מוחל זיין וואָס איך האָב דעם מונדיר פאַרביטען אויף אַן אַנדערען".

קיין היסטאָרישע באַגרינדונג פאַר אַט דער לעגענדע איז ניטאָ. פון אַנדערע זיכערע קוועלען ווייס מען, אַז אַרנאָלד האָט זיך

ניט געקענט געפינען קיין איין פּאַטריאָט וואָס זאָל איינוויליגען צו זיין דער תליון. מען האָט געמוזט געפינען אַ האַלבען לאָיאַליסט וואָס יענער האָט אויך פריער זיך פאַרשמירט דאָס געזיכט מיט שוואַרצע פאַרב, און זיך פאַרמאַסקירט קיינער זאָל אים ניט דערקענען". — פון פישערס „די אמת'ע געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע".

געפילט ווי אַ פרעמדער אין ענגלאַנד און האָט טיף באַדויערט וואָס ער איז געצוואונגען געוועזן צו פאַרלאָזען אַמעריקא. זיין פרוי איז אים געוועזן מערקווירדיג איבערגעגעבען דאָס גאַנצע לעבען. אי־בערהויפט האָט זי געזוכט איינצופלאַנצען אין די קינדער אַ ליבע און אַכטונג צו אַרנאָלד׳ן. זי האָט אָנגעווענדט אַלע כחות צו ווירקען אויף די קינדער זיי זאָלען זייער פאָטער ניט באַטראַכטען ווי אַ פאַררעטער. און דאָס איז איר געלונגען.

## 31.

# שלאַכטען, פּאָגראָמען און טעראָר אין די סאוט

די נידערלאַגע וואָס די רעוואָלוציאָנערען האָבען געליטען ענדע זומער 1780 אין קעמדאַן סאוט קאראָליינא, האָט זיך פאַר זיי אויסגעלאָזט אַ גליק. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז אַן ענדערונג איז געמאַכט געוואָרען אין דער פירערשאַפט פון דער ענגלישער אַרמיי. און די דאָזיגע ענדערונג האָט געבראַכט דעם צוזאַמענברוך פון דעם גאַנצען מיליטערישען בנין וואָס ענגלאַנד האָט דאָ אויפגעשטעלט.

גענעראַל קלינטאָן, דער הויפּט קאָמאַנדיר פון דער ענגלישער אַרמיי, האָט געגלויבט אין דער סטראַטעגיע פון טעראָריזירען און אויסמוטשען. אים האָט ניט געקימערט ווי לאַנג דאָס וועט געדויערען, ער האָט ניט געזוכט קיין איבערראַשענדע נצחונות. ער האָט געוואָלט זיין זיכער מיט די עטליכע וויכטיגע שטעט וואָס ער האָט געהאַלטען: ניו יאָרק, סאַוואַנאַ, טשאַרלסטאָון. פון אָט די סטראַטעגישע פּונקטען האָט ער געהאַט די מעגליכקייט צו טעראָריזירען גאַנצע סטייטס, שטערען דעם האַנדעל אויפ'ן גאַנצען ברעג. ער איז געווען איבערצייגט, אַז ביסלאַכווייז וועלען די קאָלאָניעס איינזען, אַז זייער קאַמף איז אַן אומזיסטער, זיי וועלען מיד ווערען און אָנהויבען ריידען וועגען פרידען. ווען קלינטאָן האָט געשיקט זיין הויפּט ליוטענאַנט קאָרנוואַליס קיין סאוט קאראָליינא, האָט ער אים אויסדריקליך אָנגעזאָגט ער זאָל ניט כאַפּען צופיל, ער זאָל זיך באַנוגענען מיט אייננעמען בלויז דעם איין סטייט, ער זאָל זיך דאָרטען גוט באַפעסטיגען און ניט ריזיקירען מיט אַריינדרינגען צו ווייט אין דעם שונא'ס טעריטאָריע.

דער זיג וואס קארנוואלים האט געהאט אין קעמדאן האט אבער צערייצט זיין אפעטיט. פארוואס ניט גיין ווייטער? פארוואס ניט איינגעמען נארט קאראליינא און פון דארטען זיך אריינרוקען טאקע אין ווירדזשיניא, דעם וויכטיגסטען צענטער פון דער רעוואלוציע? קארנוואלים האט דערביי אויך געהאט א פערזענליכען מאטיוו. ער האט געהאפט, אז דורך אזעלכע נצחונות וועט ער פארטונקלען קלינטאנ'ען אין וויכטיגקייט און וועט דערהויבען ווערען צום הויפט קאמאנדיר אויף קלינטאנ'ס פלאץ. אין דעם ענגלישען הויף האט קארנוואלים געהאט א גרעסערען איינפלוס ווי קלינטאן. ער איז געווען א לארד און האט געהאט די נויטיגע פארבינדונגען. זאל אים נאר געלינגען אויסצוצייכענען זיך מיט זיין אייגענעם פלאן, מיט אן אייגענעם מיליטערישען צוג און זיינע פריינד אין ענגלאנד וועלען אים זיכער שטעלען אויף קלינטאנ'ס פלאץ.

קארנוואלים האט באשלאסען אריינצודרינגען אין נארט קאראליינא, די ערלויבניש דערויף האט ער געקראגען דירעקט פון לאנדאן. ער אליין האט זיך אפגעשטעלט אין שטעטל שארלאט און האט געשיקט איינעם פון זיינע אפיצירען, ליוטענאנט פוירגעסאן, מיט אן ארמיי פון טויזענט לאיאליסטען זיי זאלען אריינדרינגען אין דעם וועסטליכען טייל פון דעם סטייט און דארטען מאכען אן אויפשטאנד פון לאיאלע און זיי ברייגען קיין שארלאט. אין נארט קאראליינא זיינען ווירקליך געווען א סך לאיאליסטען. טייל פון זיי האבען פארזיכערט קארנוואלים'ען, אז אזוי שנעל ווי ער וועט זיך דארטען באווייזען מיט אן ארמיי וועלען זיי ווי איין מאן צו אים קומען און העלפען אויסראטען די רעוואלוציאנערען פון דעם סטייט.

קארנוואלים'ס ערווארטונג איז ניט מקוים געווארען. עס האט פאסירט גראד דאס פארקערטע. גלייך ווי עס האט זיך פארשפרייט די נייעס, אז די לאיאלע רעגימענטען אונטער דער קאמאנדע פון די ענגלענדער קומען אן, האבען די פאטריאטען זיך אנגעהויבען צו ארגאניזירען. עס זיינען אנגעקומען פארמער און יעגער פון „איבער די בערג", פון די ווייטע, פארווארפענע געגענדען. עס זיינען אויך געקומען עטליכע הונדערט פארמער פון ווירדזשיניא. זיי זיינען




אויף דער קאַרטע זיינען אָנגעצייכענט די פּונקטען וואו קאָרנוואַליס׳ס אַרמיי האָט געזיגט און וואו זי איז געשלאָגען געוואָרען אין זיין קאָמפּאַניע אין די סאוט.

אלע געווען אויסגעצייכענטע שיסער. זיי זיינען אויך געווען עקספערטען אין פירען מלחמה אין יענע ווילדע געגענדען. די ערפארונג האבען זיי געקראגען פון די שטענדיגע מלחמות מיט די אינדיאנער. דער ענגלישער קאמאנדיר פוירגעסאן האט באלד איינגעזען די געפאר. אויף זיינע אויפרופען צו די לאיאליסטען האט זיך קיינער ניט אפגערופען. זיין ארמיי איז געווען א קלענערע ווי די רעוואלוציאנערע. ער האט זיך גענומען צוריקציען און געשיקט נאך הילף צו קארנוואלים'ן. די אמעריקאנער האבען אים אבער אנגעיאגט. ער האט זיך באפעסטיגט אויף קינג'ס מאונטיין, א בארג אין נארט קאראליינא, ניט ווייט פון גרענעץ פון סאוט קאראליינא. דעם 7טען אקטאבער, 1780, איז דארטען פארגעקומען די שלאכט וועלכע האט געבראכט א גאנץ נייע ווענדונג אין דער מלחמה.

די שלאכט האט געדויערט בלויז איין שטונדע. אבער די גאנצע ענגלישע ארמיי איז צעשלאגען געווארען. עטליכע הונדערט זיינען געפאלען טויט און די איבריגע, 600 מאן, האבען זיך אונטערגעגעבען.

די אמעריקאנער ארמיי איז געווען ניט קיין דיסציפלינירטע. זי איז געווען צונויפגעשטעלט פון צוזאמענגעלאפענע „בערג לייט“. פארמער און יעגער. און איצט, נאך זייער זיג, האט זיך דאס געלאזט גוט פילען. די פאטריאטען זיינען געקומען צולויפען זיך שטעלען געגען די ענגלענדער, ווייל אין זיי האט געברענט א האס צום ענגלישען מיליטער. זיי האבען פון פריער זיך געהאט אנגעהערט שרעקליכע מעשיות פון ענגלישע שוידערליכקייטען, ווי אזוי זיי האבען געהאנגען, געברענט און גערויבט, און איצט האבען זיי מיט די אייגענע אויגען געזען די רעזולטאטען פון קארנוואלים'ס טעראר. איבערהויפט האט אין זיי געברענט דער צארן געגען די לאיאליסטען, וועלכע האבען געדינט די ענגלענדער אלס שפיאנען און האבען געהאלפען אין דעם טעראר געגען זייערע אייגענע ברידער.

דעריבער איז ווען צו אט די אויפגעבראכטע אמעריקאנער זיינען אריינגעפאלען אין די הענט 600 ענגלישע געפאנגענע, די מערסטע פון זיי לאיאליסטען, האט זיך אין זיי דערוועקט א געפיל פון נקמה. נאך אויפ'ן שלאכט־פעלד, ווען די באזיגטע ענגלענדער

האָבען זיך אונטערגעגעבען, האָבען די אַמעריקאַנער אויף זיי גע־מאַכט אַ שחיטה. די געגויע איינצעלהייטען פון אַט דער פּאַסירונג זיינען קיינמאָל ניט פעסטגעשטעלט געוואָרען. עס ווייזט אויס, אַז ווען די ענגלענדער האָבען שוין אָוועקגעלייגט די געווער, האָט אימיצער אויסגעשאָסען און פּאַרוואונדעט אַן אַמעריקאַנער אָפי־ציר. דאָס איז פאַר די אַמעריקאַנער גענוג געווען אָנצופאַלען אויף די הילפלאָזע ענגלענדער. אין דער שחיטה זיינען אומגעקומען הונ־דערט ענגלישע סאָלדאַטען.

דאָס איז פאַר די אַמעריקאַנער נאָך ניט געווען גענוג. עס איז באַשלאָסען געוואָרען נאָכצוטאָן קאָרנוואַליס'ס ביישפּיל. אַזוי ווי ער האָט אויפגעהאַנגען פּאַטריאָטען אויף דער באַשולדיגונג, אַז זיי זיינען פאַררעטער צו ענגלאַנד, דאַרף מען אויפהיינגען לאָיאַליס־טען אויף דער קלאַגע, אַז זיי זיינען פאַררעטער צו אַמעריקע. האָט מען פון צווישען די געפאַנגענע אויסגעקליבען עטליכע און דריי־סיג לאָיאַליסטען און זיי געשטעלט פאַר אַ מיליטערישען געריכט. די קלאַגעס געגען די גע'משפּט'ע זיינען געווען, אַז זיי האָבען גע־האָלפען די ענגלענדער רויבען און פאַרברענען אַמעריקאַנישע הייזער און פייניגען און מאָרדען אַמעריקאַנישע בירגער. צוועלף פון די גע'משפּט'ע, די אָנגעזעענסטע, זיינען פאַראורטיילט געוואָרען צום טויט. ניין פון זיי האָט מען טאַקע גלייך היגגעריכטעט. די אַנ־דערע דריי זיינען באַגנאַדיגט געוואָרען.

קאָרנוואַליס איז געשטאַנען מיט אַ קליינער אַרמיי אין שאַר־לאָט, נאָרט קאַראָליינאַ, ווען ער האָט באַקומען די נייעס וועגען פויר־געסאָנ'ס נידערלאַגע. ער האָט מורא געהאַט טאָמער וועלען די זיג־רייכע אַמעריקאַנער אַריינדרינגען אין סאָוט קאַראָליינאַ און ער האָט גענומען לויפען צוריק. זיין ריקצוג איז געווען אַן אמת'ע קאַ־טאַסטראָפע. צוויי וואָכען האָט ער געבלאָנדזשעט אין זומפּיגע בלאָטעס און אין וועלדער. אַ סך פון זיינע סאָלדאַטען זיינען קראַנק געוואָרען און זיינען געשטאָרבען אין וועג. עטליכע טעג נאָכאַנאַנד האָט גערעגענט. די סאָלדאַטען האָבען זיך געמוזט איינשפּאַנען צוזאַמען מיט די פערד אין די וועגען און העלפען שלעפּען די

משאות איבער די בערג און איבער די טייכען. וואס צו עסען איז ניט געווען. דערצו איז די גאנצע געגענד געווען פול מיט פאטריאָטישע באנדעס, פארטיזאנעס, וועלכע האבען געלויערט אויף די ענגלישע סאלדאטען. קוים פלעגט איינער פון די ענגלענדער אוועקוואנדערען פון זיין רעגימענט פלעגט מען אים שוין מער קיין לעבעדיגען ניט זען. שיקען סאלדאטען קויפען עסענווארג אין די ארומיגע פארמס איז דעריבער אוממעגליך געווען.

די מפלה פון די ענגלענדער אין נארט קאראליינא האט געמאכט א סוף צו קארנוואליס'עס אלע האפנונגען אויף אן אויפשטאנד פון די לאיאליסטען. דאגעגען אבער האט עס געווירקט אויפצואוועקען נייעם מוט אין די הערצער פון די רעוואלוציאנערען. סאוט קאראליינא איז איצט פול געווארען מיט פאטריאָטישע באנדעס. עס זיינען פארגעקומען עטליכע ערנסטע צוזאמענשטויסען צווישען די ענגלישע און די פארטיזאנישע טרופען און די ענגלענדער האבען שלעכט אפגעשניטען.

די קאמפאניע האט זיך געענדיגט דערמיט וואס נארט קאראליינא איז אינגאנצען אפגערייניגט געווארען פון די ענגלענדער, כאטש סאוט קאראליינא איז נאך דערוויל געבליבען ביי די ענגלענדער. אין דערזעלבער צייט איז פארגעקומען א וויכטיגע געשעעניש אויף דער אמעריקאנישער זייט. נאך דער שלאכט ביי קעמדען, וואו די אמעריקאנער האבען אין אויגוסט געהאט א גרויסע נידערלאגע, האט דער קאנגרעס געמאכט אן אונטערזוכונג און באשלאסען אוועקצונעמען די קאמאנדע פון גענעראל גייטס און זי איבערגעגעבען צו גענעראל גרין. דעם צווייטען דעצעמבער, 1780, האט גענעראל גרין איבערגענומען די הויפט קאמאנדע איבער דער ארמיי אין דער סאוט. די ארמיי איז דעמאלט געשטאנען אין שארלאט, נארט קאראליינא, פון וואנען קארנוואליס האט זיך צוריקגעצויגען מיט א פאר וואכען פריער.

גרין'ס ארמיי איז באשטאנען פון א צוויי טויזענט מיליץ־סאלדאטען, אט די קליינע ארמיי האט ער איינגעטיילט אין צוויי טייל: איינע פון עלף הונדערט, און איינע פון ניין הונדערט. מיט דער ערשטער, אונטער דער אייגענער פירערשאפט, האט ער גע־

מאכט אן אנפאל אויפ'ן רעכטען פליגעל פון דער ענגלישער ארמיי, און מיט דער צווייטער, אונטער דער קאמאנדע פון גענעראל מארגאן, האט ער אנגעטאן צרות דעם לינקען פליגעל. קארנוואלים האט אויסגעארבייט א פלאן לויט זיין אלטער סטראטעגיע. ער האט געשיקט אן ארמיי פון א טויזענט מאן צו באפאלען מארגאנ'ען, און מיט זיין אייגענער ארמיי האט ער זיך גענומען ווידער רוקען קיין נארט קאראליינא. דעם 17טען יאנואר, 1881, האט מארגאן אינגאנצען צושמעטערט די ענגלישע אפטיילונג וואס איז געקומען אים אטאקירען. די שלאכט איז פארגעקומען אין קאופענס, סאוט קאראליינא, ניט ווייט פון דער גרעניץ. גלייך נאך דער שלאכט האט מארגאן זיך גענומען צוריקציען, מורא האבענדיג, אז קארנוואלים וועט אים באפאלען מיט זיין הויפט ארמיי. איז ער אריבער אין נארט קאראליינא הינטער דעם קאטאוגא טייך.

קארנוואלים האט דארט איצט א צווייטען מאל אויסגעפונען ווי שלעכט זיין סטראטעגיע איז. פרואווענדיג פירען אן אפענסיווע טאקטיק האט ער אין פארלויף פון א פאר מאנאטען פארלוירען צוויי וויכטיגע אפטיילונגען פון זיין ארמיי. דאך האט ער זיין פלאן ניט אויפגעגעבען. ער איז געווען נאך מער אנטשלאסען ווי פריער איינצונעמען נארט קאראליינא און זיך אריינרייסען אין ווירדזשיניא. אזוי שטארק האט ער געגלויבט, אז זיין סטראטעגיע מוז סוף כל סוף פירען צו ערפאלג, אז ער האט געגעבען א באפעל צו די סאלדאטען זיי זאלען פארברענען זייער שווערע באגאזש. ער איז געווען זיכער, אז פון איצט אן וועט זיין ארמיי האלטען אין איין טרייבען די אמעריקאנער. אט דער משוגענער פלאן פון גענעראל קארנוואלים האט געפירט דירעקט צו דעם דורכפאל פון דעם גאנצען ענגלישען קאמף געגען די קאלאניסטען.

קראנוואלים האט זיך גענומען יאגען נאך די אמעריקאנער. גרינ'ס ארמיי איז געווען א פיל קלענערע ווי קארנוואלים'עס. די אמעריקאנער סאלדאטען זיינען געווען אומערפארענע, אפגעריסענע, בארוועסע, שטענדיג האלב־אויסגעהונגערטע. שטעלען זיך אנטקעגען די פיל גרעסערע, גוט־דיסציפלינירטע, גוט־באוואפענטע ענגלישע ארמיי האט גרין מורא געהאט. האט ער זיך צוריקגעצויגען

אלץ ווייטער און ווייטער צו צפון צו אין נארט קאראליינא, און קארנוואלים האט אים נאכגעיאגט. די הויפט זאך פאר גענעראל גרין איז געווען צו היטען, אז קארנוואלים זאל אים ניט אניאגען. דערצו האט זיך געפאדערט מיליטערישע גאונות. אין זיין אנטלופען האט גרין ארויסגעוויזען וואונדערבארע פייאיגקייט. אין דער מיליטערישער געשיכטע פון דער רעוואלוציע ווערט גרינ׳ס מארשרוט דורך נארט קאראליינא פאררעכענט פאר איינער פון די וואונדערבארסטע געשעעניסען.

אין מיטען פעברואר איז גרין מיט זיין ארמיי אריין אין ווירדזשיניא. קארנוואלים האט געטראכט, אז איצט האט ער ענדליך דערגרייכט איינע פון זיינע גרעסטע אמביציעס: נארט קאראליינא איז אפגעליידיגט געווארען פון די רעוואלוציאנערען. ער האט זיך א נעם געטאן צו פארווירקליכען די צווייטע אמביציע: צו ארגאניזירען אן אויפשטאנד פון לאיאליסטען אין נארט קאראליינא. דעם 23טען פעברואר האט ער ארויסגעלאזט א פראקלאמאציע צו אלע איינוואוינער זיי זאלען קומען שווערען טרייהייט צו ענגלאנד און זיך אנשליסען אן דער ענגלישער ארמיי. א סך האבען זיך אפגערופען. די איינוואוינער פון נארט קאראליינא זיינען געווען ניט קיין הייסע פאטריאטען, און ניט קיין הייסע לאיאליסטען. זיי זיינען דערפאר געווען גרייט צו העלפען יענעם צד וועלכער האט זיך ארויסגעוויזען פאר׳ן שטארקערען. אזוי ווי די ענגלענדער האבען איצט געהאט די אויבערהאנט, זיינען די נארט קאראליינער געווארען לאיאליסטיש געשטימט.

ווען גרין האט זיך דערפון דערוואוסט האט ער אריינגעשיקט זיינע פארטיזאנישע באנדעס זיי זאלען טערארירען די לאיאליסטען. די דאזיגע באנדעס זיינען באפאלען די פונקטען וואו די לאיאלע רעקרוטען האבען זיך פארזאמעלט און זיי צוטריבען. אין איינעם פון די פונקטען האבען די פאטריאטען געמאכט א שרעקליכע שחיטה. דאס האט ארויפגעווארפען א שרעק אויף די איינוואוינער, און דער אויפשטאנד פון די לאיאליסטען איז דערשטיקט געווארען. די איינוואוינער פון נארט קאראליינא זיינען מיט אמאל געווארען אויס לאיאליסטען און ווידער רעוואלוציאנערען.

דערוויל האָט גרין צונעקראָגען עטליכע רעגימענטען מיליץ פון ווירדזשיניאַ. זיין אַרמיי איז איצט געווען גרעסער ווי קראָנ־וואַליס'עס און ער האָט אַריינגעמאַרשירט אין נאָרט קאַראָליינאַ. ביידע גענעראַלען האָבען ביי זיך באַשלאָסען, אַז די צייט איז גע־קומען זיך צו פּאַרמעסטען מיט די כחות. קאָרנוואַליס האָט איינ־געזען, אַז כל זמן ער וועט גרינ'ס אַרמיי ניט צוקלאַפּען וועט ער ניט זיכער זיין מיט דער איינגענומענער טעריאָטאָריע. גרין ווידער האָט געוואָלט איבערצייגען דער באַפעלקערונג, אַז קאָרנוואַליס איז ניט אַזאַ העלד ווי מען מיינט, אַז טראָץ דעם וואָס ער טרייבט און יאָגט די אַמעריקאַנער, וועט ער זיי פונדעסטוועגען ניט באַזיגען. גרינ'ס אַרמיי איז באַשטאַנען פון מיליץ־סאָלדאַטען און פון צו־נויפגעלאָפענע רעקרוטען. עס איז נויטיג געווען צו שטאַרקען זייער מאָראַל מיט אַ זיג אויפ'ן שלאַכטפעלד.

די שלאַכט איז ענדליך פאָרגעקומען דעם 15טען מערץ, אין גילפאָרד קאורט האוז, אַן איינזאַמע געביידע אין אַן אָפענעם פעלד אין נאָרט קאַראָליינאַ, ניט ווייט פון דעם ווירדזשיניער גרעניץ. ביידע גענעראַלען און ביידע אַרמייען האָבען זיך אויסגעצייכענט. טעכניש האָט קאָרנוואַליס די שלאַכט געוואונען, ווייל צום סוף האָבען די אַמעריקאַנער זיך געמוזט צוריקציען. אָבער פאַקטיש האָט קאָרנוואַליס פאַרלוירען. אַ דריטעל פון דער ענגלישער אַרמיי איז פאַרניכטעט געוואָרען. קאָרנוואַליס האָט פאַרלוירען אייניגע פון זיינע בעסטע אָפיצירען. גרינ'ס פאַרלוסטען זיינען געווען אַ העלפט פון קאָרנוואַליס'עס. די ענגלענדער האָבען זיך איצט איבערצייגט, אַז זיי קענען נאָרט קאַראָליינאַ ניט האַלטען. קאָרנוואַליס האָט זיין אַרמיי צוריקגעצויגען קיין ווילמינגטאָן, די האַפען־שטאָט פון נאָרט קאַראָליינאַ. ער האָט געפּלאַנעוועט דאָרטען צו באַפעסטיגען זיינע רייען. אין ווילמינגטאָן האָט דאַן געדאַרפט אָנקומען אַ שיף מיט סאָלדאַטען פון ענגלאַנד. מיט פאַרשטאַרקטע כחות האָט ער גע־האָפט וועט אים מעגליך זיין ווידער אַריינצודרינגען אין נאָרט קאַראָליינאַ און ווידער פרואווען אַרויסטרייבען די אַמעריקאַנער פון דאָרטען.

די צוויי סטייטס, נאָרט און סאַוט קאַראָליינאַ, זיינען געווען

אין א צושטאנד פון כאאס. אין די וועלדער און אויף די בערג האבען געלויערט באנדעס, פאטריאטישע און לאיאלע, וועלכע פלעגען באפאלען דערפער און שטעט און רויבען, שענדען און מארדען. עס זיינען אויך געווען מיליטערישע באנדעס אונטער דער פירערשאפט פון אנערקענטע רעוואלוציאנערע מיליטער־באאמטע, ווי, צום ביישפיל, פרענסיס מעריאן און סאמטער. זיי, די פירער, זיינען טאקע געווען איבערגעבענע רעוואלוציאנערען. אבער זייערע נאכפאלגער האבען מער אין זינען געהאט די רויבעריי ווי די רעוואלוציע. דערפאר האבען די פירער געמוזט אימער זוכען נייע רעקרוטען. די אלטע פלעגען אוועקגיין אהיים אזוי שנעל ווי זיי האבען באפרידיגט זייער רויבערישען אפעטיט. אט איז אן אויסצוג פון א באריכט וועגען דעם צושטאנד, געשריבען פון דעם הויפט־גענעראל פון דער אמעריקאנער ארמיי אין די סאוט, גענעראל גרין:

„די שנאה צווישען די פאטריאטען און די לאיאליסטען אין דעם סטייט מאכט די לאגע זייער טרויעריג. די פאטריאטען זיינען אנטשלאסען אויסצוראטען די לאיאליסטען, און די לאיאליסטען זיינען אנטשלאסען אויסצוראטען די פאטריאטען. טויזענטער זיינען שוין אומגעקומען אין די אנפאלען, די פאגראמען, וואס זיי מאכען איינע אויף די אנדערע. אויב די פאגראמען וועלען ניט אויפהערען וועט די גאנצע באפעלקערונג פארניכטעט ווערען". דאס זיינען ניט געווען קיין מיליטערישע אנפאלען. די מערסטע באנדעס זיינען געווען צואויפגעשטעלט פון ציווילע פערזאנען. א באגר־ פון די גרויליטאטען קען מען זיך פאסען פון די פאר פאלגענדע ביישפילען.

מען האט צו א פאטריאטישען פירער געבראכט צוויי לאיאליסטען. איינעם האט ער גלייך אויפגעהאנגען אויף א בוים. דאן האט ער צוגעפירט דעם צווייטען צום הענגענדיגען קערפער (יענער האט זיך נאך געראנגעלט מיט'ן טויט) און האט אים געזאגט: „קלייב זיך אויס וואס דו ווילסט: געהאנגען ווערען אדער זיך אליין אפשניידען ביידע אויערען". דער געפאנגענער האט גענומען

אַ מעסער, זיך אַליין אָפּגעשניטען ביידע אויערען, און איז אַוועק אַ פאַרגאָסענער מיט בלוט.

די באַנדעס פלעגען גנב'ענען פערד און רויבען תבואה. קיין פּאַרמער איז ניט זיכער געווען מיט'ן מאָרגענדיגען טאָג. די פּאַר־מער האָבען ניט געקלערט וועגען פּאָליטיק, וועגען רעוואָלוציע. פאַר זיי איז געווען וויכטיג זייער אייגענטום.

פון די באַריכטען אין וועלכע די אומרועו זיינען דעמאָלט באַ־שריבען געוואָרען, ווערט אַ סך גערעדט פון פערד־גנבים. פּאַטריאָ־טישע פּאַרמער האָבען גע'משפט די לאָיאַליסטישע באַנדעס הויפּט־זעכליך אַלס גנבים און רויבער. ווען אַ געפאַנגענער לאָיאַליסט וואָלט גע'משפט געוואָרען אַלס אַ סאָלדאַט פון דעם שונא'ס לאַגער, וואָלט מען אים פאַרשפּאַרט אַלס אַ מלחמה געפאַנגענעם. ער פלעגט אָבער גע'משפט ווערען אַלס פערד־גנב. און אַלס אַזעלכער איז זיין שטראָף געווען די תליה. אויפ'ן זעלבען אופן האָבען די לאָיאַלע פּאַרמער געהאַנדעלט מיט די געפאַנגענע פון די פּאַטריאָטישע באַנ־דעס. אָט איז אַ ציטאַטע פון אַ טאָג־בוך פון אַ לאָיאַליסטישען באַנדע־פירער: „איך האָב געהערט פון אַ געוויסען קאַפּיטאַן גאַל־סאַן, וועלכער האָט פאַרפאָלגט די לאָיאַליסטען. בין איך אַליין אַוועק אים אויפזוכען. ליידער האָב איך אים ניט געפונען. איך האָב אָבער באַגעגענט איינעם פון זיינע חברה־לייט און האָב אים דערשאָסען. דאַן בין איך מיט נאָך צוויי פון מיינע מענשען אַוועק צו קאַפּיטאַן גאַלסאַנ'ס וואוינונג און זי אונטערגעצונדען. פאַרענ־רענדיג צוריק האָב איך געטראָפען אַ מאַן, וועלכער האָט זיך גע־קליבען היגריכטען מיינעם אַ נאָכפאָלגער. האָב איך אים דער־שאָסען. פינף טעג שפּעטער האָב איך געפאַנגען צוויי מיטגלידער פון אַ רעוואָלוציאָנערער באַנדע און האָב זיי אויפגעהאַנגען."

אָט אַזוי איז דאָס גאַנצע טאָגעבוך: געשאָסען, געהאַנגען, גע־ברענט. די באַנדעס האָבען ניט געשאַנעוועט די פרויען און די טעכ־טער פון זייערע געגנער. שענדליכע מעשים זיינען געווען געוויינ־ליכע, טאָג־טעגליכע פּאַסירונגען. דער פאָלגענדער שוידערליכער פּאַל באַווייזט ווי געוויינליך דאָס הענגען איז געווען:

דער פּאַרטיזאַנישער פירער פון די רעוואָלוציאָנערען, קליוור־

לאנד, איז איינמאל אין דער היים ניט געווען, גראד דעמאלט האט מען געבראכט צופירען א געפאנגענעם לאיאליסט. האבען קליוור־לאנד'ס זין זיך באראטען מיט דער מוטער וואס צו טאן. זי איז גע־זעסען רואיג און גערויכערט א ליולקע. די קינדער האבען מורא גע־האט דעם געפאנגענעם צו האלטען איבער נאכט ביז דער פאטער וועט קומען מאמער וועט אים געלינגען צו אנטלויפען. האט די מו־טער אזוי געענטפערט: וואס וואלט אייער פאטער געטאן? ער וואלט אים אויפגעהאנגען. טא טוט דאסזעלבע. די זין האבען אים אויפגעהאנגען אויפ'ן טויער פון זייער הויף.

גענעראל גרין האט זיך איצט גענומען ערנסט ארויסצוטרייבען די ענגלענדער פון סאוט קאראליינא. ער האט זיין קאמפאניע אנ־געפאנגען אין פרילינג פון 1781 און זי געענדיגט אין סעפטעמבער. זיין ארמיי איז געווען א קליינע, פון א פאר טויזענט מאן. עס זיי־נען אים אבער צו הילף געקומען די פאטריזאנישע באנדעס אונטער סאמטער, מעריאן און אנדערע.

די קאמפאניע איז געווען א מערקווירדיגע. יעדע וויכטיגע שלאכט האט זיך געענדיגט מיט א זיג פאר די ענגלענדער וועלכע זיינען געווען בעסער דיסציפלינירט און בעסער באוואפענט. פון דעסטוועגען האבען די ענגלענדער נאך יעדען זיג געמוזט זייער פאזיציע פארלאזען. די רעוואלוציאנערען איז שטענדיג געלונגען אפצושניידען די פארבינדונגען פון דער ענגלישער ארמיי מיט די ארומיגע געגענדען. די ענגלישע ארמיי איז שטענדיג געווען אין שרעק, אז זי וועט ארומגערינגעלט ווערען און וועט ניט קענען קריי־גען קיין פראוויאנט. אין אן אפענער שלאכט האבען די ענגלענדער זיך געקענט ספראווען מיט דער אמעריקאנער ארמיי, אבער זיי האט־בען זיך געמוזט צוריקציען צוליב די באנדעס וועלכע האבען זיי שטענדיג געסטראשעט מיט גערילא קריג.

אין אפריל האט גרין אטאקירט דעם ערשטען וויכטיגען פונקט אין סאוט קאראליינא, דאס שטעטעל קעמדען. כאטש גרין האט גע־האט 1200 הונדערט מאן און די ענגלענדער ניט מער ווי 900, דאך האבען די ענגלענדער די שלאכט געוואונען. גרין האט זיך געמוזט

צוריקציען אויף גאַנצע זעקס מייל. ער האָט זיך די מפּלה גענומען שטאַרק צום האַרצען און האָט אפילו געקלערט אינגאַנצען אויפ־צוגעבען די קאַמפּאַניע אין סאוט קאַראָליינאַ. אָבער אין אַ פּאָר וואָכען אַרום האָבען די ענגלענדער אַליין אָפּגעליידיגט קעמדען, ווייל די פּאַרטיזאַנישע טרופּען האָבען אָפּגעשניטען די פאַרבינ־דונגס־ליניעס צווישען קעמדען און טשאַרלסאַטון, פון וואַנען די ענגלענדער האָבען געליפערט זייערע מיליטערישע מאַטעריאַלען.

אויף אַזאַ ענליכען אופן האָט גרין איינגענומען די צווייטע וויכ־טיגע שטאָט אין סאוט קאַראָליינאַ, ניינטי־סיקס. ער האָט די שטאָט באַלאַגערט אין מאַנאַט יוני און נאָך לאַנגע הכנות האָט ער זי אַטאַקירט. די שלאַכט איז געוועזען זייער אַ בלוטיגע און זי האָט זיך געענדיגט מיט אַ פאַלשטענדיגען זיג פאַר די ענגלענדער. גרין האָט ווידער געפילט אַנטוישט און אַנטמוטיגט. ער האָט ווידער געטראַכט וועגען אויפגעבען זיין קאַמף אין סאוט קאַראָליינאַ און זיך צוריקציען אין די צפון סטייטס. אָבער ווידער אַמאָל האָט די מפּלה געבראַכט די אַמעריקאַנער אַ גרויסען נצחון. ניט קוקענדיג אויף זייער זיג האָבען דאָך די ענגלענדער ניט געקענט האַלטען די שטאָט. די אַמעריקאַנער האָבען ביסלאַכווייז איינגענומען די אַלע פּאָסטענס וואָס האָבען פאַרבונדען ניינטי־סיקס מיט טשאַרלסטאַון און די ענגלענדער האָבען קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי די שטאָט צו פאַרלאָזען.

די לעצטע וויכטיגע שלאַכט איז פאָרגעקומען אין סעפּטעמ־בער נעבען אָרענדזשבורג. ביידע צדדים האָבען געליטען גרויסע פאַרלוסטען: די ענגלענדער האָבען פאַרלוירען אַ פינפטעל פון זייער אַרמיי, און די אַמעריקאַנער — אַ פערטעל. די ענגלענדער זיינען לכתחילה געבליבען ביי זייערע פּאָזיציעס, אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבען זיי געמוזט אָפּטרעטען. און אַלץ צוליב דער זעל־בער אורזאַך: די אַמעריקאַנער האָבען אָפּגעשניטען אַלע זייערע קאָמוניקאַציעס.

יענעם זומער איז די לאַגע אין סאוט קאַראָליינאַ געווען אַ שרעקליכע. עס איז געווען איין לאַנגער זומער פון מאָרדען, רויי־בעריי און געוואַלד. אַט זיינען אויסצוגען פון די באַריכטען געשריי־

בען פון צוויי אמעריקאנער גענעראלען. גענעראל ווייד העמפטאן שרייבט: „כמעט יעדע פערזאן וואס איז געבליבען אין דער טערי־טאריע דורך וועלכער די ארמיי האט דורכגעמארשירט באטייליגט זיך אין רויבעריי. זייערע מעשים זיינען די שענדליכסטע און גרוי־זאמסטע וואס מען קען זיך נאר פארשטעלען". גענעראל גרין שרייבט: „וואו מען ווארפט אן אויג זעט מען נאר די טרערען פון אלמנות און מען הערט נאך דעם געוויין פון יתומים. די הייזער זיינען וויסט, די פארמן חרוב, איבעראל חורבות און עלענט". אלע האבען געמארדעט, געברענט, געשענדט. די פארטיזאנישע טרופען זיינען אין גרונט גענומען געווען ניט מער ווי רויבער באנדעס. גע־נעראל גרין גיט עס אליין צו אין איינעם פון זיינע באריכטען. ער שרייבט: „צווישען מעריאן און סאמפטער'ס טרופען זיינען דא זייער ווייניג וועמען עס ליגט אין זינען די פרייהייט פון אמע־ריקא מער ווי די געלעגענהייט צו רויבען." וועגען די ענגלענדער איז אויך דאסזעלבע. זיי האבען געמארדעט אין נאמען פון געזעץ. ווען זיי האבען פארלאזען א שטאט האבען זיי זי אפט אינגאנצען פארניכטעט.

גענעראל גרין האט זיין קאמפאניע געענדיגט אין סעפטעמ־בער. די דריי סטייטס פון דער סאוט: ווירדזשיניא, נארט און סאוט קאראליינא זיינען איצטער פאקטיש געווען ווידער אונטער דער קאנטראל פון די רעוואלוציאנערען. אין אנפאנג יאר האט עס אויסגעזעהן, אז די סאוט איז פארלוירען, אזוי אז ווען אפילו די רעוואלוציע וועט זיגען וועט יענער טייל בלייבען אן ענגלישע קא־לאניע. איצטער האבען די ענגלענדער אין די סטייטס געהאלטען בלויז די דריי האפען־שטעט: סאוואנא אין דזשארדזשיא, טשארלס־טאון אין סאוט קאראליינא און ווילמינגטאן אין נארט קאראליינא. און טיפער אינווייניג אין די סטייטס איז פון די ענגלענדער מער קיין סימן ניט געווען. די מאכט פון די לאיאליסטען אין יענע סטייטס, וואס איז פריער געווען אזוי שטארק, איז איצט אינגאנצען געווען געבראכען.

אבער גרין האט טייער באצאלט פאר דעם דאזיגען זיג. זיין ארמיי איז צום סוף זומער געווען אין א שרעקליכען צושטאנד, פול

מיט קראַנקע, קריפּעלס, אויסגעהונגערטע, אָפּגעריסענע. „שוין צוויי מאָנאַטען", שרייבט גענעראַל גרין, „אַז אַ דריטעל פון אונ־זער אַרמיי איז נאַקעט. זיי קענען פון די ביידלאַך ניט אַרויס. די איבעריגע גייען איינגעוויקעלט אין טראַנטעס. מיט עסענוואַרג איז די לאַגע ניט בעסער. די פלייש איז פּאַדלע. אָבער אַפילו פּאַדלע האָבען מיר ווייניג". פאַר די קראַנקע זיינען ניט געווען קיין שפּי־טעלער און קיינע רפואות. זיי זיינען געלעגען אויף הוילע ברעטער אָדער אויף שטרוי. עס זיינען געווען צייטען, ווען מער ווי אַ העלפט פון דער אַרמיי האָט זיך ניט געקענט באַטייליגען אויפ'ן שלאַכט־פעלד. איינמאָל האָבען זיך די סאָלדאַטען צובונטעוועט דערפאַר וואָס עס איז קיין זאַלץ ניט געווען; און גרין האָט דעם אָנפירער פון דעם בונט אויפגעהאַנגען, מורא האָבענדיג, אַז דער בונט זאָל ניט ווערען צו ערנסט.

אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציע פאַרנעמט גענעראַל גרין דעם צווייטען פּלאַץ נאָך וואַשינגטאָנ'ען. אין זיין צוג אין די סאָוט האָט ער זיך אָנגעמוטשעט מער ווי וואַשינגטאָן און האָט אויפגעטאָן מער ווי וואַשינגטאָן.

.32

# דער גרויסער זיג פון די רעוואָלוציאָנערען אין יאָרקטאַון

די שטימונג צווישען די רעוואָלוציאָנערע פירער איז קיינמאָל ניט געווען אַזאַ געדריקטע ווי אין די ווינטער און פרילינג מאָנאַטען פון 1780 און 1781. אין ענגלאַנד איז, פאַרקערט, די שטימונג קיינמאָל ניט געווען אַזאַ געהויבענע. אַלץ האָט דאַן אויסגעזען טרויעריג פאַר דער רעוואָלוציע. וואַשינגטאָנ׳ס אַרמיי אין ניו יאָרק האָט ניט געהאַט וואָס צו עסען. דער קאָנגרעס האָט יאָרען נאָכאַנאַנד געדרוקט פּאַפּיר־געלט וואָס האָט ניט געהאַט קיין ממשות׳דיגע גאַראַנטיע. דער ווערט פון דער געלט איז געזונקען נידעריגער און נידעריגער. ניט קוקענדיג אויף די געזעצען צו צווינגען די איינוואוינער דאָס געלט צו נעמען, איז אוממעגליך געווען צו קויפען און פירען האַנדעל דערמיט. דער קאָנגרעס האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו קויפען שפּייז פאַר די סאָלדאַטען, און די סאָלדאַטען האָבען געמוזט לעבען אויף דעם, וואָס זיי האָבען מיט געוואַלד צוגענומען ביי די פאַרמער. וואַשינגטאָן האָט געוואוסט פון די רויבעריייען, אָבער ער האָט געמוזט שווייגען. אָפט זיינען פאָרגעקומען בונדען אין דער אַרמיי. סאָלדאַטען האָבען געפאָדערט זייער געהאַלט און האָבען זיך אָנטזאָגט צו נעמען דאָס ווערטלאָזע פּאַפּיר־געלט. הונדערטע סאָלדאַטען האָבען דעזערטירט. אונטער אַזעלכע אומשטענדען איז אוממעגליך געווען פאַר וואַשינגטאָנ׳ען צו אונטערנעמען אַ מיליטערישע קאַמפּאַניע און אין די צוויי יאָר פון 1778 ביז 1780 האָט ער פּאַקטיש גאָרניט געטאָן. ער האָט קוים

געהאַט גענוג סאָלדאַטען צו היטען די וויכטיגע פּאָזיציעס אויף דעם האַדסאָן ריווער.

אין ענגלאַנד האָט מען געגלויבט, אַז די רעוואָלוציע וועט באַלד דערשטיקט ווערן. גענעראַל קאָרנוואַליס האָט געהאַלטען אין איין שיקען באַריכטען וועגען זיינע נצחונות. די רעוואָלוציאָנערע פירער אין די נאָרט זיינען אויך געווען אונטער דעם איינדרוק, אַז קאָרנוואַליס האָט די אויבערהאַנט אין די סאַוט. אפילו גענעראַל קלינטאָן האָט ניט געוואוסט דעם אמת. קאָרנוואַליס האָט אים אויך גענאַרט מיט אָפּטימיסטישע באַריכטען. עס האָט אויסגעוויזען, אַז די סאַוט איז שוין ביי די ענגלענדער און אַז באַלד וועט מען זיך אַ נעם טאָן צו וואַשינגטאָנ׳ס שוואַכער אַרמיי אין ניו־יאָרק און זי פאַרניכטען, און דערמיט וועט זיך ענדיגען די רעוואָלוציאָנערע שפּיל.

די רעוואָלוציאָנערע פירער האָבען געזען פאַר זיך איין האָפענונג — פראַנקרייך. אין נאָוועמבער 1780 האָט דער קאָנגרעס געשיקט אַ געגוויעם באַריכט וועגען דער לאַגע קיין פּאַריז. בענדזשאַמין פרענקלין איז נאָך דאָרטען געווען דער אַמעריקאַנער פאַרטרעטער. דער קאָנגרעס האָט אים באַאויפטראַגט צו ערקלערען דער פראַנצויזישער רעגירונג דעם גאַנצען אמת און פאַרלאַנגען פון איר דריי זאַכען: אַ גרויסע פלאָטע, אַן אַרמיי, און 25 מיליאָן פראַנק אין געלט. שפּעטער אַביסעל איז קיין פּאַריז געשיקט געוואָרען אַ ספּעציעלער שליח צו בעטען שנעלע הילף. די פראַנצויזישע רעגירונג האָט זיך טאַקע אָפּגערופען. זי האָט באַשלאָסען צו שיקען שיפען און סאָלדאַטען און צו געבען זעקס מיליאָן פראַנק אַ מתנה און פיר מיליאָן פראַנק אַ הלואה. ענדע מאַי, 1781, האָט דער קאָנגרעס באַקומען אַ ידיעה וועגען פראַנקרייכ׳ס באַשלוס און די שטימונג אין לאַנד האָט זיך גענומען ענדערען צום גוטען. עס האָט אָבער געדויערט אַ היבשע צייט איידער די רעוואָלוציאָנערען האָבען אָנגעהויבען זען פּראַקטישע רעזולטאַטען פון פראַנקרייכ׳ס גינסטיגען באַשלוס.

דער ווינטער פון 1780 און 1781 איז געווען אַ טרויעריגער פאַר דער גאַנצער סאַוט. אין דעצעמבער 1780 איז אין ווירדזשיניאַ אָנ־

געקומען דער פאררעטער בענעדיקט ארנאלד מיט אן ענגלישער ארמיי פון פופצען הונדערט מאן. זיי האבען זיך א לאז געטאן אויף א רויב און מארד עקספעדיציע. די ענגלענדער האבען געגלויבט, אז ווירדזשיניא איז דער וויכטיגסטער סטייט פאר דער רעוואלוציע און אז דערמיט וואס זיי וועלען דארטען אנמאכען א חורבן וועלען זיי ברעכען דעם רוקען ביין פון גאנצען אויפשטאנד. דער חשבון איז ניט געווען אינגאנצען קיין ריכטיגער, אבער א סך אמת איז אין אים יא געווען. ווירדזשיניא האט ווירקליך צוגעשטעלט א סך סאלדאטען פאר דער ארמיי פון דער סאוט. זי האט אויך געשיקט שפייז פאר דער ארמיי. ארנאלד׳ס טעראר־צוג איז געווען א שטאר־קער קלאפ פאר דער רעוואלוציאנערער ארמיי אין דער סאוט און פאר דער גאנצער רעוואלוציאנערער ארגאניזאציע. שפעטער אבי־סעל האט קלינטאן געשיקט א צווייטע ארמיי פון צוויי טויזענט סאלדאטען אונטער א געוויסען גענעראל פיליפ און יענער האט ארנאלד׳ס ארבייט פארגעזעצט נאך מיט מער גרויזאמקייט און שווידערליכקייט. היסטאריקער ערקלערען, אז אט די טעראר עקס־פעדיציעס זיינען געווען די שרעקליכסטע וואס ענגלאנד האט דורכ־געפירט אין אמעריקא אין די אלע אכט יאר וואס די רעוואלוציע האט אנגעהאלטען.

אזוי איז אריבער דער ווינטער און א טייל פון דעם פרילינג. דערווייל האט זיך די לאגע אין דער סאוט אנגעהויבען צו ענדערען. גענעראל גרין איז אריינגעדרונגען אין סאוט קאראליינא און גע־נעראל קארנוואליס האט אנגעהויבען צו קריגען ידיעות. אז די רע־וואלוציאנערען טרייבען ארויס די ענגלענדער פון זייערע פאזיציעס אין יענעם סטייט. און איצט האט פאסירט עטוואס מערקווירדיגס, א געשעענים, וואס היסטאריקער מאטערען זיך ביז היינטיגען טאג צו דערקלערען.

קארנוואליס האט פלוצלונג באשלאסען צו פארלאזען ווילמינג־טאן, איבערלאזען נארט און סאוט קאראליינא אויף גאט׳ס באראט, און איז אליין אפגעפארען מיט׳ן גרעסטען טייל פון זיין ארמיי קיין ווירדזשיניא. ער האט עס באשלאסען צו מאן גראד דעמאלט, ווען זיין אויפגאבע אלס הויפט גענעראל פון דער ארמיי אין די סאוט

איז געווען — אָנצושטריינגען אַלע כחות אָפּצושטעלען גרין׳ס אַר־מיי און צו ראַטעווען די דריי איינגענומענע סטייטס אין דער סאַוט.

די איינציגע ערקלערונג פאַר קאָרנוואַליס׳עס משונה׳דיגען באַ־שלוס איז פאָלגענדע: ער האָט געהאַט אַ ברענענדיגען פאַרלאַנג צו פאַרנעמען קלינטאָנ׳ס פּלאַץ, צו ווערען דער הויפּט קאָמאַנדיר פון דער ענגלישער אַרמיי אין אַמעריקא. ער האָט דערפאַר געוואָלט צוקומען נענטער צו ניו־יאָרק, נענטער צו דער ענגלישער אַרמיי אין די נאָרט. און די בריף וואָס ער האָט דעמאָלט געשריבען צו גענעראַל קלינטאָן דריקט ער אויס די מיינונג, אַז ווירדזשיניאַ איז וויכטיגער פאַר די ענגלענדער ווי ניו יאָרק און ער גיט אָנצוהערע־ניש, אַז עס וואָלט געווען אַ פּלאַן אַז ער, קלינטאָן, זאָל פאַרלאָזען ניו יאָרק און זיך איבערקלייבען צו אים קיין ווירדזשיניאַ. קלינ־טאָן האָט פאַרשטאַנען די לאַגע און ער איז גרייט געווען אָפּצוטרע־טען זיין אַמט קאָרנוואַליס׳ען. ער האָט געמיינט, אַז קאָרנוואַליס איז באמת דער גרויסער באַזיגער פון דער סאַוט. דערצו האָט ער געוואוסט, אַז קאָרנוואַליס האָט אַ גרויסען איינפלוס אין די הויכע פענסטער פון לאָנדאָן און אַז אין לאָנדאָן גלויבט מען, אַז קאָרנ־וואַליס האָט מיט זיין טאַקטיק אויפגעטאָן מער ווי קלינטאָן און אַז ער פאַרדינט דעריבער מער אָנערקענונג ווי קלינטאָן. קאָרנוואַליס איז פאַרבלענדט געוואָרען דורך זיין אַמביציע און ער האָט איצט געמאַכט דעם שריט. וואָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזען פאַר דעם שרעקליכסטען טעות וואָס די ענגלענדער האָבען געמאַכט אין די אַלע יאָרען פון דער מלחמה געגען די רעוואָלוציאָנערען.

דעם 25טען אַפּריל איז קאָרנוואַליס אַוועק מיט זיינע סאָלדאַ־טען קיין ווירדזשיניאַ. עס האָט אים גענומען אַ מאָנאַט צייט ביז ער איז אָנגעקומען אַהין און דאָרטען פאַרנומען מיליטערישע פּאָזי־ציעס. ענדע מאַי איז קאָרנוואַליס שוין געווען דער קאָמאַנדיר פון ווירדזשיניאַ. נאָרט און סאַוט קאַראָליינאַ זיינען אים שוין מער אין זינען ניט געלעגען. און ערשט איצט, אַז ער איז שוין אין וויר־דזשיניאַ, שרייבט ער צום גענעראַל קלינטאָן דעם אמת וואָס ער האָט די גאַנצע צייט פאַרבאָרגען, נעמליך, אַז די צוויי קאַראָליינאַ

סטייטס זיינען פארלוירען .ער טרויסט זיך נאר דערמיט, וואס וויר־דזשיניא איז וויכטיגער ווי די קאראליינאס און אז אין ווירדזשי־ניא וועט זיין לייכטער אנצופירען אן אפענסיווע.

די אמעריקאנער האבען אין ווירדזשיניא געהאט א קליינע אר־מיי אונטער דער קאמאנדע פון דעם פראנצויזישען אפיציר לאפא־יעט. עטליכע מאנאטען נאכאנאנד האט קארנוואלים זיך ארומגע־יאגט איבער'ן גאנצען סטייט צו כאפען לאפאיעט'ס ארמיי, אבער אים איז עס ניט געלונגען. קארנוואלים איז אויסגעמוטשעט גע־ווארען. ער האט גענומען זוכען אן ארט וואו זיך צו באפעסטיגען און אביסעל אויסרוען. דער ארט האט געמוזט זיין ערגעץ נעבען ברעג, ווייל טיף אין לאנד, האט ער מורא געהאט, וועלען די אמע־ריקאנער דא מיט אים טאן דאסזעלבע וואס זיי האבען געטאן אין כאוט קאראליינא — אפשניידען די קאמוניקאציעס און ניט צו־לאזען צו אים קיין שפייז און אמוניציע. ער האט געזוכט א פארט וואו ער זאל קענען שטיין אין דירעקטע פארבינדונגען מיט די ענגלישע שיפען. ער האט אויסגעקליבען דאס שטעטעל יארקטאון, ביים טייך יארק, אין דעם טשעסעפיק בעי, וועלכער פאלט אריין אין דעם אטלאנטישען ים. ער האט זיך אריינגעצויגען אין יארק־טאון אין מיטען מאנאט אויגוסט.

דערווייל האט זיך וואשינגטאן דערוואוסט וועגען דער אמת'ער לאגע אין די סאוט. ער האט זיך אויך דערוואוסט, אז אין משך פון דעם פארגאנגענעם ווינטער און פרילינג האט גענעראל קלינ־טאן אוועקגעשיקט טויזענטער פון זיינע סאלדאטען אין ניו יארק צו העלפען קארנוואלים'ען אין דער סאוט. וואשינגטאן האט דער־פאר גענומען טראכטען, אז איצט איז א גוטע געלעגענהייט צו אטאקירען קלינטאנ'ען און אים ארויסטרייבען פון ניו יארק. ער האט גענומען צונויפקלייבען סאלדאטען פון די ארומיגע סטייטס, האט געשיקט אויפרופען צו די סטייט־רעגירונגען זיי זאלען אים געבען אזוי פיל מיליץ ווי נאר מעגליך. אין באסטאן זיינען גראד דעמאלט אנגעקומען צוועלף הונדערט פראנצויזישע סאלדאטען. האט וואשינגטאן זיי אויך איינגעשלאסען אין זיין ארמיי. ער האט נאך בלויז געווארט אויף דער פראנצויזישער פלאטע. אזוי שנעל

ווי זי וועט אַנקומען וועט ער אָנפאַנגען זיין אַטאַקע פון דער יבשה און די פלאָטע וועט אים העלפען פון ים.

איידער די פראַנצויזישע פלאָטע איז אָנגעקומען האָט קלינטאָן צוגעקראָגען נייע סאָלדאַטען פון ענגלאַנד. ער האָט אויך אַראָפּגעבראַכט אַ טייל פון קאָרנוואַליס'עס אַרמיי צו זיך אין ניו יאָרק. קלינטאָן האָט געהאַט מער מזל ווי וואַשינגטאָן. ווען קלינטאָן האָט פאַרלאַנגט מער סאָלדאַטען האָט ער באַלד געקראָגען אַ ענטפער. אויף וואַשינגטאָנ'ס פאָדערונג האָט זיך כמעט קיינער ניט אָפּגערופען. קאָנעקטיקוט איז געווען דער איינציגער סטייט וואָס האָט אים צוגעשיקט עטליכע הונדערט סאָלדאַטען. וואַשינגטאָן האָט דעריבער זיך געמוזט אָפּזאָגען פון זיין פּלאַן צו אַטאַקירען ניו יאָרק.

אַנשטאָט דעם האָט ער איצט גענומען פּלאַנעווען וועגען אַטאַקירען קאָרנוואַליס'ען אין יאָרקטאון. די פראַנצויזישע פלאָטע איז געווען אויפ'ן וועג פון די וועסט אינדיעס — 28 שיפען אונטער דער קאָמאַנדע פון אדמיראַל דע גראַ. וואַשינגטאָנ'ס פּלאַן איז געווען זיך אַוועקצוגנב'ענען מיט זיין אַרמיי פון ניו יאָרק, זיך אָנשליסען אַן די אַמעריקאַנער טרופּען אין ווירדזשיניאַ און דאָרטען אַרומרינגלען קאָרנוואַליס'ן אין יאָרקטאון.

קלינטאָן האָט פאַרדעכטיגט וואָס וואַשינגטאָן פּלאַנעוועט און ער האָט אַוועקגעשיקט בענעדיקט אַרנאָלד מיט זיין אַרמיי קיין ניו לאָנדאָן, קאָנעקטיקוט, ער זאָל דאָרטען מאַכען אַן אָנפאַל. אין ניו לאָנדאָן האָבען זיך געפונען אַ סך שפּייכלער מיט זאַפּאַס פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי. קלינטאָן האָט געהאָפט, אַז וואַשינגטאָן וועט זיך דערשרעקען און אַנשטאָט צו שיקען זיין אַרמיי קיין ווירדזשיניאַ וועט ער זי שיקען ראַטעווען ניו לאָנדאָן. וואַשינגטאָן האָט עס אָבער ניט געטאָן. אַרנאָלד האָט אין ניו לאָנדאָן געהאַט כמעט אַ פרייע האַנט. ער האָט פאַרברענט 84 שפּייכלערס און 60 פּריוואַטע הייזער. אַלע וואָס האָבען זיך געשטעלט געגען אים האָט ער אויסגע'הרג'עט.

וואַשינגטאָן איז אַוועק מיט זיין אַרמיי קיין ווירזשיניאַ. די פראַנצויזישע פלאָטע איז אָנגעקומען אָנהויב סעפּטעמבער. זי איז אַריינגעפאָרען אין טשעסעפּיק בעי און האָט פאַרשפּאַרט דעם וועג

צום ענגלישען פארט אין יארקטאון. אין א פאר טעג ארום איז אנגעקומען אן ענגלישע פלאטע. די פראנצויזישע שיפען האבען זי אבער צושלאגען און פארטריבען. די לעצטע האפנונג פאר קארנוואלים'ען איז פארשוואונדען.

און ווירדזשיניא האבען זיך איצט פארזאמעלט אלע אמעריקאנישע און פראנצויזישע ארמייען וועלכע זיינען פריער געווען צעשפרייט אין פארשידענע געגענטען אונטער פארשידענע קאמאנדירען: וואשינגטאנ'ס ארמיי פון ניו יארק, לאפאיעט'ס פון ווירדזשיניא, ראשאמבא'ס פראנצויזישע ארמיי פון ראוד איילאנד. ארום און ארום זיינען דארטען געווען פארזאמעלט 88 הונדערט אמעריקאנישע סאלדאטען און 78 הונדערט פראנצויזישע. אויף דער פראנצויזישער פלאטע האבען זיך אויך געפונען ארום צוואנציג טויזענט מאן. געגען אט דער גרויסער מאכט אויף דער יבשה און אויפ'ן ים האט קארנוואלים געהאט זיך צו פארטיידיגען מיט קנאפע ניין טויזענט מאן.

דעם 28טען סעפטעמבער האבען די אמעריקאנער און פראנצויזען באלאגערט יארקטאון. קארנוואלים האט זיך פארטיידיגט אזוי לאנג ווי ער האט געקענט. דעם 17טען אקטאבער האט ער געלאזט וויסען די אמעריקאנער, אז ער וויל זיך אונטערגעבען און דעם 19טען אקטאבער, 1781, איז די שטאט יארקטאון צוזאמען מיט קארנוואלים און זיין גאנצע ארמיי געווען אין די הענט פון גענעראל וואשינגטאן.

.33

## ענגלאנד גיט זיך אונטער — אמעריקא ווערט פריי

די שלאכט ביי יארקטאון איז געווען די לעצטע. מיט איר האט זיך די רעוואלוציע פאקטיש געענדיגט. עס האט אבער געדויערט נאענט צו אנדערהאלבן יאר נאך דעם זיג איידער דער אפיציעלער פרידען מיט ענגלאנד איז געשלאסען געווארען. לאנגע מאנאטען נאך יארקטאון האט מען נאך ניט אין אמעריקא און ניט אין ענגלאנד געטראכט וועגען פרידען. צוערשט האט עס אויסגעזען, אז דער פארלוסט פון יארקטאון איז נאכאלעמען ניט געווען קיין זייער שווערער קלאפ פאר ענגלאנד. די מיליטערישע לאגע האט זיך דורכדעם ווייניג וואס געענדערט. דורך דער דאזיגער מפלה האט ענגלאנד פארלוירען ווירדזשיניא אבער דער סטייט האט פון א מיליטערישען שטאנדפונקט אין אמת'ן געהאט א קנאפע באדייטונג. די גרויסע, וויכטיגע האפען־שטעט, ניו יארק און טשארלסטאן זיינען נאך אלץ געווען ביי די ענגלענדער אין די הענט. די ענגלענדער האבען נאך אויך געהאלטען סאוואנא, די האפען־שטאט פון דזשארדזשיא, און ווילמינגטאן, די האפען־שטאט פון נארט־קאראליינא.

וואשינגטאן האט זיך גלייך גענומען פלאנעווען א נייעם מיליטערישען צוג אויפ'ן קומענדיגען פרילינג. ער האט פארגעלייגט דעם פלאן פאר דעם פראנצויזישען אדמיראל דע גרא און דע גרא האט פארשפראכען אים צו שטיצען מיט זיין פלאטע. דערווייל אבער איז דע גרא אפגעפארען אין די וועסט אינדיעס צו העלפען אין דער מלחמה וואס איז אנגעגאנגען דארטען.

דער ווינטער און די ערשטע פרילינג מאנאטען פון 1782 זיינען געווען זייער שלעכטע פאר ענגלאנד. זי האט געליטען א רייע

מפלות, פון די פראנצויזען אין די וועסט אינדיעס און פון די שפא־ניער אין מיטעלאנדישען ים. האלאנד האט איר אויך אנגעטאן צרות אויפ'ן ים. די דריי אייראפייאישע מעכטען האבען איצט געגומען פלאנעווען א פאראייניגטע ים אטאקע אויף די אינזלען ביים ענג־לישען ברעג. ענגלאנד האט זיך דערשראקען. איבערהויפט האט זי מורא געהאט, אז די שונאים וועלען איר שטערען אין אירע אימ־פעריאליסטישע אונטערנעמונגען אין אינדיען, וואס זי האט דאן געהאלטען אין איינגעמען. צווישען די ליבעראלען אין ענגלאנד איז געוואקסען די שטימונג, אז עס איז גלייכער אפצושטעלען די מלחמה אין אמעריקא כדי צו קענען קאנצענטרירען די כוחות געגען די שונאים אין אייראפא און אויף איינצונעמען די נייע קאלאניע, אינדיען.

די ליבעראלע פארטיי (די „וויגס”) איז לכתחילה געווען גע־געז א מיליטערישען קאמף אין אמעריקא. גראד איצט זיינען זייערע רייען געווארען שטארק. ביסלאכווייז האבען זיי געוואונען מער און מער מאכט. ענדע מאנאט מערץ, 1782 איז זיי געלונגען אריינ־צוקריגען די רעגירונג אין זייערע הענט. די נייע רעגירונג האט גלייך אנגעהויבען פארהאנדלען וועגען פרידען.

די פארהאנדלונגען האבען זיך געצויגען לאנגע מאנאטען. פריער האט ענגלאנד געפרואווט מאכען א סעפעראטען פרידען מיט אמע־ריקא און דאן האט זיך געפרואווט שליסען א סעפעראטען פרי־דען מיט פראנקרייך. אין פאריז זיינען געזעסען די אמעריקאנער פארשטייער: בענדזשאמין פרענקלין, דזשאן עדעמס, דזשאן דזשיי און הענרי לאורענס. אהין זיינען געקומען די פרידענס שלוחים פון ענגלאנד. עס זיינען אנגעגאנגען געהיימע קאנפערענצען. ענדליך איז געלונגען די ענגלענדער ארייגצוווארפען א חשד ביי די אמע־ריקאנער, אז די פראנצויזען זוכען צו קריגען פאר זיך גינסטיגע באדינגונגען אויפ'ן חשבון פון אמעריקא'ס אינטערעסען. דער רע־זולטאט איז געווען, אז די אמעריקאנער האבען אונטערגעשריבען אן אפמאך מיט ענגלאנד איידער זיי האבען געקראגען די צושטי־מונג פון די פראנצויזען. עס האט געהייסען, אז דער אפמאך איז בלויז א צייטווייליגער און אז אויב פראנקרייך וועט אים צוריק־

ווייזען וועט ער ניט זיין גילטיג. אין אמת'ען אָבער איז דאָס געווען אַ סעפּעראַטער פרידען.

אַמעריקאַ האָט געקראָגען איר אומאָפּהענגיגקייט פון ענגלאַנד. עס זיינען באַשטימט געוואָרען די גרעניצען: קענעדע איז געבליבען ביי ענגלאַנד, פלאָרידאַ איז אַוועק צו שפּאַניען, די וועסט ביז'ן מי־סיסיפּי־טייך איז געוואָרען אַ טייל פון די פאַראייניגטע שטאַטען, די טעריטאָריע אויף דער אַנדערער זייט פון דעם מיסיסיפּי האָט גע־הערט צו שפּאַניען.

פראַנקרייך האָט פון דער מלחמה גאָרניט געוואונען. זי האָט געמוזט אָפּגעבען צוריק צו ענגלאַנד די אַלע אינזלען אין די וועסט אינדיעס וואָס זי האָט אין פאַרלויף פון דער מלחמה צוגענומען. איר איינציגער טרויסט איז געווען וואָס ענגלאַנד האָט פאַרלוירען אירע וויכטיגע קאָלאָניעס אין אַמעריקאַ און וואָס די קאָלאָניעס אין אַמעריקאַ זיינען איצט געוואָרען אַן אָפענער מאַרק פאַר איר, פראַנקרייכ'ס, האַנדעל.

איינע פון די שווערע פראַגען אין דעם פרידענס־אָפּמאַך איז געווען — דאָס קאָנפיסקירטע אייגענטום פון די לאָיאַליסטען. ענג־לאַנד האָט געפאָדערט. אַז דאָס אייגענטום זאָל צוריקגעגעבען ווע־רען צו די אַרויסגעטריבענע לאָיאַליסטען. די אַמעריקאַנער פאַר־שטייער האָבען גע'טענה'ט, אַז די לאָיאַליסטען האָבען פאַרניכטעט מער אייגענטום פון פּאַטריאָטען ווי דאָס אייגענטום וואָס מען האָט ביי זיי צוגענומען. נאָך לאַנגע דינגענישען איז געבליבען, אַז דער אַמעריקאַנער קאָנגרעס זאָל זיך פאַרפליכטען צו רעקאָמענדירען צו די סטייט־רעגירונגען זיי זאָלען אומקערן די לאָיאַליסטען זייער קאָנפיסקירטען פאַרמעגען. דער קאָנגרעס האָט זיך ניט מתחייב געווען צו זען, אַז די רעקאָמענדאַציע זאָל דורכגעפירט ווערען. ענגלאַנד איז איינגעגאַנגען אויף דער פשרה כאָטש זי האָט וואַר־שיינליך פאַרשטאַנען, אַז די לאָיאַליסטען וועלען דערפון גאָרניט האָבען. עס האָט זיך ווירקליך אַזוי אויסגעלאָזען. די סטייט־רעגי־רונגען האָבען די רעקאָמענדאַציע פון קאָנגרעס אינגאַנצען איגנאָ־רירט.

דער פּראָוויזאָרישער פרידען צווישען ענגלאַנד און אַמעריקאַ

איז אונטערגעשריבען געווארען דעם 30טען נאוועמבער, 1782. דעם 23טען מערץ, 1783, האט דער קאנגרעס באקומען די ידיעה, אז דער פרידען צווישען ענגלאנד און פראנקרייך איז אויך אונטערגעשריבען געווארען, אין יאנואר. דער פראנצויזישער פרידען איז פריער געווען די איינציגע שטערונג צו א פאלשטענדיגען אפמאך מיט ענגלאנד. דעריבער איז די נייעס פון דעם פראנצויזיש-ענגלישען פריידען דא אויפגענומען געווארען מיט גרויס פרייד. די רעוואלוציאנערע ארמיי איז גלייך פאנאנדערגעלאזען געווארען. אין סעפטעמבער איז אונטערגעשריבען געווארען דער ענטגילטיגער פרידען צווישען אמעריקא און ענגלאנד. אין דעצעמבער האט דזשארדזש וואשינגטאן רעזיגנירט פון זיין אמט אלס הויפט גענעראל פון דער רעוואלוציאנערער ארמיי און איז אפגעפארען אהיים אויף זיין גוט אין ווירדזשיניא.

די רעוואלוציע איז געווען געענדיגט. אמעריקא איז געווארען אן אומאפהענגיג לאנד — די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקא.

34.

# ווי אזוי ענגלאנד האט באהאנדעלט די רעוואלוציאנערע קריגס געפאנגענע

דער שווידערליכסטער קאפיטעל אין דער געשיכטע פון דער רעוואלוציע איז געווען — די באהאנדלונג פון די רעוואלוציאנערע סאלדאטען וואס זיינען אריינגעפאלען אין די הענט פון די ענגלענדער. פיל מער אמעריקאנישע סאלדאטען זיינען געשטארבען אין די מיליטערישע געפענגניסען ווי אויף די שלאכטפעלדער. וואשינגטאן האט געהאלטען אין איין שיקען פראטעסטען צו די ענגלישע גענעראלען און אין איין סטראשען, אז ער וועט נקמה נעמען פון די ענגלישע געפאנגענע. אבער דאס האט ווייניג־וואס געהאלפען. די טאג־ביכער וואס זיינען געבליבען פון א טייל פון די אומגליקליכע און די באריכטען פון די אפיציעלע קאמיסיעס וואס האבען געמאכט אונטערזוכונגען זיינען זייער א שווערער באשולדיגונגס־אקט געגען ענגלאנד. עס איז שווער זיך פארצושטעלען, אז אזא ציוויליזירטע מדינה ווי ענגלאנד זאל פייאיג זיין אויף אזא ברוטאליטעט. אין א רעוואלוציאנערער צייטונג „די פרימענ׳ס דזשורנאל“, איז דעם 9טען יוני, 1777, ערשינען די פאלגענדע שטיקעל נייעס: „גענעראל האו האט באפרייט אלע קריגס־געפאנגענע אין ניו יארק. א העלפט פון די געפאנגענע האט ער שוין פריער אוועקגעשיקט אויף יענער וועלט: זיי זיינען אויסגעשטארבען פון הונגער. די אנדערע העלפט האט ער ארויסגעלאזען פריי, כדי זיי זאלען זיין א ווארנונג צו זייערע לאנדסלייט ווי געפערליך עס איז אריינצופאלען צו אים אין די הענט, און איבערציינגען זיי, אז

עס איז א סך בעסער גע'הרג'עט צו ווערען אויפ'ן שלאכטפעלד איידער ארייגצופאלען אלס געפאנגענער צו די ענגלישע בעסטיעס".

די ערגסטע מיליטערישע געפענגנישען האבען זיך געפונען אין ניו יארק און אויף די שיפען ביי די ברעגען פון ניו יארק. פאר געפענגנישען זיינען באנוצט געווארען די קלויסטערס, די צוקער־שפייכלער און געוויינליכע תפיסות. אין די וואסערען ארום ניו־יארק זיינען געשטאנען אלטע פראכט־שיפען און אהין פלעגט מען ארייגזעצען די געפאנגענע, פאר וועלכע עס איז שוין אין די שטאט־טישע געפענגנישען קיין פלאץ ניט געווען. אויף אט די שיפען פלעגט מען אויך פארשפארען געפאנגענע מאטראזען. וואס די ענג־לענדער פלעגען ארויפנעמען פון באזיגטע שיפען אויפ'ן ים.

צוויי הויפט אורזאכען זיינען פאראנטווארטליך געווען פאר דער ברוטאלער באהאנדלונג: ערשטענס, האבען די געפענגניש־באאמטע געוואלט רייך ווערען אויפ'ן חשבון פון די געפאנגענע. זיי פלעגען צו'גנב'ענען דאס עסענווארג, די קליידער און בעט־געוואנט, און אלע אנדערע זאכען, וואס זיינען געווען באשטימט פאר די געפאנגענע. צווייטענס, האבען די ענגלישע מיליטער באאמטע גערעכענט, אז דאס פייניגען וועט זיין א גוטער מיטעל צו ווירקען אויף די געפאנגענע זיי זאלען „תשובה טאן" און אריינ־טרעטען אין דער ענגלישער ארמיי. די אויפזעער פלעגען געבען די געפאנגענע די ברירה, ענטוועדער בלייבען אין געפענגניש און זיך ווייטער מוטשען אדער זיך אנשליסען „פרייוויליג" אין דער ענג־לישער ארמיי און גיין שיסען אויף זייערע אייגענע ברידער.

דער ברוטאלסטער און בלוטיגסטער געפענגניש־אויפזעער איז געווען אן איירישמאן מיט'ן נאמען קאנינגהעם. אין זיינע יונגע יארען איז קאנינגהעם געווען א „קידנעפער": ער פלעגט כאפען יונגע קינדער און דערוואקסענע מענשען אין די גאסען פון ענגלי־שע האפען־שטעט, זיי בינדען, ארויפפאקען אויף שיפען, זיי ברייג־גען קיין אמעריקא און דא זיי פארקויפען פאר שקלאפען. די קאלא־ניעס האבען שפעטער דעם מסחר פארבאטען און ער האט דערפאר אויף זיי געטראגען א הארץ. איצטער האט ער געפונען א געלעגענ־הייט מיט זיי זיך אפצורעכענען. גענעראל האו האט אים די גע־

לעגענהייט געגעבען. ער האט אים באשטימט אלס הויפט־באאמטען איבער די מיליטערישע געפענגנישען. פריער אין פילאדעלפיא און דערנאך אין ניו יארק.

די ערשטע עטליכע וואכען נאכדעם ווי ער האט איבערגענומען דעם ניו יארקער אמט פלעגט ער יעדען אווענט הינריכטען פינף אדער זעקס געפאנגענע. די פרויען אין דעם געגענט, וואו די הינ־ריכטונגען פלעגען פארקומען, האבען אויפגעהויבען אזוינע פראַ־טעסטען, אז גענעראל האו איז געצוואונגען געווען די בלוטיגע מעשים צו פארבאטען. ביז דעמאלט האבען שוין אבער ארום 150 סאלדאטען מיט זייערע לעבענס באצאלט. ער פלעגט פארשפארען געפאנגענע אין היילען אונטער דער ערד און זיך איגנאנצען „באר־געסען" אז זיי אויף אכט, צען אדער צוועלף וואכען נאכאנאנד. אט די שטראף פלעגען באקומען געפאנגענע וואס פלעגען וואגען צו בעטען אביסעל מער וואסער אין א הייסען טאג, אדער אזעלכע וואס זיינען אים סתם ניט געפעלען געווארען. פון די עסענווארג, וואס איז באשטימט געווארען פאר די געפאנגענע, פלעגט ער צוויי דריטעל צונעמען און פארקויפען. ער איז פון דעם רויב רייך גע־ווארען.

פון די פאלגענדע ציפערען קען מען זיך מאכען א באגריף ווי שוידערליך עס איז געווען די לאגע אין די ניו יארקער געפענגני־שען. אין מאנאט אויגוסט, 1777, האבען די ענגלענדער געפאנגען 2600 אמעריקאנישע סאלדאטען אין דער שלאכט ביי פארט וואַ־שינגטאן. די געפאנגענע זיינען געזעסען בלויז צוויי מאנאטען און פיער טעג אין די ניו יארקער געפענגנישען, און אין אט דער קור־צער צייט זיינען 1900 פון זיי אויסגעשטארבען. פון די 2600 זיינען אין משך פון א דריטעל יאר געבליבען לעבען ניט מער ווי זיבען הונדערט.

די ערגסטע געפענגנישען זיינען געווען די קירכעס. דארט איז ניט געווען ניט קיין בענקלאך צום זיצען און ניט קיין בעטען צום שלאפען. ווינטער האט מען דארטען ניט געהייצט. פון איין געפענג־ניש אויף ליבערטי סטריט פלעגט מען יעדען טאג ארויסטראגען עטליכע טויטע. מען פלעגט זיי ארייגווארפען אין די טרענטשעס

וואס די רעוואלוציאנערע ארמיי האט אויסגעגראבען זיך צו פאר־טיידיגען איידער די ענגלענדער האבען איינגענומען ניו יארק. ווע־גען אט די קירכעס שרייבט א היסטאריקער: „מיר קענען זאגען באשטימט, אז פון די קירכעס איז קיין איין געפאנגענער ניט ארויס א לעבעדיגער. מיר ערקלערען, אז אין אלע אונטערזוכונגען וואס מיר האבען געמאכט האבען מיר ניט געפונען קיין איינציגען שפור פון א קירכען ארעסטאנט וואס איז צוריקגעקומען א לעבעדיגער אהיים".

אן אמעריקאנישער דאקטאר וואס האט באזוכט די געפענג־נישען אין פילאדעלפיא בשעת קאנינגהעם איז דארטען געווען דער אויפזעער האט אין זיין באריכט געשריבען פאלגענדעס: „די גע־פאנגענע גייען ביסלאכווייז אויס פון הונגער. ביי איינעם האב איך געפונען די פינגער אויסגעביסענע: ער האט די פינגער אליין אויפ־געגעסען. אנדערע האבען געגעסען די ליים פון די ווענט. איך האב געזען טויטע ליגענדיג מיט שטיקלאך האלץ און ליים אין די מיי־לער. בשעת זיי האבען 'גע'גוסס'ט האבען זיי עס אזוי געוואלט שטילען זייער הונגער.

די שפייז וואס זיי האבען שוין יא געקראגען איז געווען פאר־פוילטע, דאס וואסער — פארפעסטעטע. קאניגהעם האט געגעבען די געפאנגענע וואסער צום טרינקען אין דיזעלבע כלים וואס זיי האבען באנוצט פאר אנדערע צוועקען.

נאכדעם ווי קאניגהעם האט פארלאזען פילאדעלפיא איז אויף זיין פלאץ באשטימט געווארען דער לאיאליסט לארינג. ער האט די שטעלע באקומען אלס כאבאר דערפאר וואס ער האט זיך גע־מאכט ניט זעענדיג ווי זיין יונג ווייבעל פירט א ליבע מיט גענע־ראל האו. זיין גרויסע בריה'שאפט איז באשטאנען אין גנב'ענען די פראוואנט פון די ארעסטאנטען. אונטער זיין פארוואלטונג זיי־נען דריי הונדערט געפאנגענע אויסגעשטארבען פון הונגער.

נאך שרעקליכער ווי אין די שטאטישע געפענגנישען איז די לאגע געווען אויף די שיפען. די שיפען זיינען געשטאנען ביי די ניו יארקער ברעגען: אויפ'ן האדסאן ריווער און אויף דעם איסט ריי־

ווער (וואו די נייווי יארד געפינט זיך איצט) אז ערך פון צוועלף טויזענט געפאנגענע זיינען אויף אט די שיפען אויסגעשטארבען.

עס פארשטייט זיך, אז קיין גוטע שיפען האט מען פאר דעם צוועק ניט באנוצט. מען האט גענומען אלטע, צעפוילטע, וואס האבען שוין צו קיין זאך ניט געטויגט. די שרעקליכסטע פון אט די געפענגניש־שיפען איז געווען איינע מיט'ן נאמען „די אלד דזשוירזי". דער עולם האט איר גערופען „דער גהינם". וועגען דער שיף זיינען גאנצע ביכער אנגעשריבען געווארען. אויב נאר א הונדערט טייל פון אלץ וואס ווערט וועגען איר דערציילט איז אמת, האט זי כשר פארדינט דעם נאמען גיהנם. איין היסטאריקער שרייבט וועגען איר: „אין דער גאנצער געשיכטע פון מענשליכען ליידען איז קיינמאל ניט פארצייכענט געווארען א פאל פון אזוי פיל שוידערליכקייטען. קיין אנדער געפענגניש האט ניט פארניכטעט אזוי פיעל לעבענס אין אזא קורצער צייט". די שיף איז געמאכט געווארען פאר א געפענגניש אין דעם ווינטער פון 1780 און האט געדינט פאר דעם צוועק ביז'ן סוף פון דער רעוואלוציע.

די פענסטער אין דער שיף האט מען פארקלאפט. מען האט נאר געלאזט אפען פיר לעכער, יעדע פון זיי צוואנציג אינטשעס אויף צוואנציג אינטשעס, אפגערוקט צען פוס איינע פון דער אנדערער. די לעכער זיינען געווען פארשטעלט מיט אייזערנע גראטעס. און אט דורך די עטליכע לעכער האבען עלף הונדערט ארעסטאנטען געמוזט שעפען זייער לופט. ביי טאג פלעגט מען א טייל ארויפלאזען אויפ'ן אויבערשטען דעק. ביינאכט האבען אבער אלע געמוזט ארונטערגיין אונטען. אין די הייסע זומער־נעכט פלעגט מען זיי אויך לאזען ארויפגיין אויבען אבער בלויז איינציגווייז. איינמאל, אין א שרעקליך הייסער נאכט, האבען די ארעסטאנטען זיך אלע גענומען מיט אמאל שפארען צום דעק. האבען די וועכטער זיי גענומען האקען מיט שווערדען און שפיזען. האקען וואו זיי האבען נאר געטראפען. נאכער האבען זיי פארשפארט די טירען און פארשלאסען אלעמען אינווייניג, די פארוואונדעטע, די גוסס'ע, צוזאמען מיט די געזונטע. א סך זיינען דורך דער נאכט אפגעגאנגען מיט בלוט און זיינען געשטארבען.

אויף דער שיף האט זיך געפונען א קליין אייוועלע צו קאכען די שפייז פאר די עלף הונדערט ארעסטאנטען. איינהייצען דאס איי־וועלע פלעגט מען שפעט ביי טאג. אזוי שנעל ווי עס פלעגט אנ־הויבען ווערען פינסטער פלעגט מען דאס פייער אויסלעשען. עס פארשטייט זיך, אז אפקאכען פאר אלעמען אין אט דער קורצער צייט איז געווען אוממעגליך. פלעגען די מערסטע מוזען עסען די שפייז רויהערהייט.

פארפעסטעטע לופט, פארגיפטעטע עסען, פארשטונקען וואסער — קיין וואונדער ניט וואס אלערליי מגפות האבען געבושעוועט צווישען די געפאנגענע. יעדען פרימארגען פלעגט מען ארויסטרא־גען א צענדליג טויטע. מען פלעגט זיי באגראבען אויפ'ן ברעג, און בלויז פון אויבען באשיטען מיט זאמד. די כוואליעס פלעגען די זאמד אראפוואשען און די טויטע קערפערס פלעגען ליגען און פוי־לען פאר די אויגען פון די געפאנגענע אויף דער שיף.

ניט ווייט פון דער „אלד דזשוירזי" זיינען געשטאנען עטליכע האספיטאל־שיפען. זיי האבען אבער בלויז געטראגען דעם נאמען. קיין שפיטעלער זיינען זיי ניט געווען. אהין פלעגט מען ברענגען אזעלכע קראנקע־געפאנגענע פאר וועמען עס איז שוין מער קיין האפנונג ניט געווען. מען פלעגט זיי דארט לאזען ליגען ביז זיי פלעגען אויסגיין.

צווישען די ארעסטאנטען זיינען געווען א צאל „אויסלענדער", דאס הייסט אמעריקאנער פון ניט־ענגלישע נאציאנאליטעטען, אדער פראנצויזען וועלכע האבען זיך באטייליגט אין דער מלחמה. די פרעמדע זיינען באהאנדעלט געווארען נאך ערגער ווי די אמעריקא־נישע ארעסטאנטען. מען האט זיי געהאלטען איינגעשפארט אין דער סאמע נידעריגסטער אפטיילונג פון דער שיף. מען האט זיי קיינמאל ניט אפגעשווירען די האר, זיי קיינמאל ניט געגעבען קיין וואסער זיך צו וואשען. זיי האבען אויסגעזען ווי אויסגעצערטע, ווילדע מענשען. די אמעריקאנער האבען נאך געהאט ווער עס זאל זאך פאר זיי סטארען. פון צייט צו צייט פלעגען א טייל געפאנגענע אויסגעביטען ווערען אויף ענגלישע געפאנגענע. פאר די פרעמדע איז אבער קיין שום הילף ניט געווען. זייערע קליידער זיינען אויפ'ן

לייב צעפוילט געוואָרען. זיי האָבען געוואוסט, אז זיי וועלען שוין קיין לעבעדיגע ניט אַרויס און האָבען נאָר געוואַרט, אז דער טויט זאָל קומען און זיי באפרייען פון זייערע ליידען.

א סך פון די קריגס-געפאַנגענע זיינען פארשיקט געוואָרען קיין אינדיען, אין אַפריקאַ און אויף די ענגלישע אינזלען אין וועסט אינדיעס, אין בערמודא. פון די פארשיקטע זיינען אויך גרויסע מאסען אויסגעשטאָרבען.

35.

# די מלחמה אויפ׳ן ים

ענגלאַנד׳ס גרויסע מאַכט אויפ׳ן ים האָט איר פֿיל געהאָלפֿען אין דער מלחמה געגען אַמעריקאַ. ווען די אַמעריקאַנער וואָלטען געהאַט אַ קריגס־פֿלאָטע, שטאַרק גענוג צו פֿאַרטיידיגען די היגע ברעגען, וואָלט די רעוואָלוציע זיך געענדיגט מיט אַ שנעלען זיג. קיין איינער פֿון די ענגלישע אַרמייען איז אין די אַלע מלחמה יאָרען ניט געלונגען אַריינצודרינגען טיף אין לאַנד. יעדעס מאָל וואָס אַזאַ פּרואוו איז געמאַכט געוואָרען האָט ער זיך געענדיגט מיט אַ נידערלאַגע. די ענגלישע אַרמייען האָבען זיך געמוזט באַנוגענען מיט אָקופּירען האָפֿען־שטעט און מיט מאַכען אָנפֿאַלען אויף האָפֿען־שטעט. אָבער דאָס וואָלט פֿאַר זיי אויך אוממעגליך געווען, ווען די אַמעריקאַנער וואָלטען געהאַט אַ פֿלאָטע. אַן אַמעריקאַנישע פֿלאָטע וואָלט געשטערט אָדער אינגאַנצען אָפּגעשניטען דעם פֿאַרקער צווישען די אָקופּירטע האָפֿען־שטעט און ענגלאַנד. עס וואָלט דאַן אוממעגליך געווען פֿאַר ענגלאַנד צו שיקען פּראָוויאַנט פֿאַר אירע אַרמייען אָדער נייע סאָלדאַטען צו פֿאַרנעמען די פּלעצער פֿון די געפֿאַנגענע און געפֿאַלענע. די וויכטיגע הילף וואָס פֿראַנקרייך האָט געגעבען די רעוואָלוציאָנערען איז באַשטאַנען אין דעם וואָס זי האָט מעגליך געמאַכט פֿאַר אַמעריקאַ זיך צו שטעלען געגען ענגלאַנד אויפ׳ן ים. אָן אַ קריגס־פֿלאָטע וואָלט דער גרויסער זיג ביי יאָרקטאַון אוממעגליך געווען, און די דאָזיגע פֿלאָטע האָט אַהער געשיקט פֿראַנקרייך.

גלייך ווי די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען האָט זיך דער קאָנגרעס גענומען צו בויען אַ קריגס־פֿלאָטע. אָבער ער האָבען אים

געפעלט די מיטלען און דער פארזוך האט זיך ניט איינגעגעבען. דאס הייסט אבער ניט, אז אמעריקא האט אויפ'ן ים גארניט געטאן. אמעריקאנישע שיפען האבען אנגעטאן דעם ענגלישען האנדעל גרויסע צרות. די שיפען האבען געהערט צו פריוואטע פערזאנען אבער די רעגירונג האט זיי געגעבען אן ערלויבניש אנצופאלען אויף האנדעלס שיפען, זיי פאנגען און צונעמען די סחורה פאר זיך.*). ארום צוויי טויזענט אזעלכע שיפען האבען פארפאלגט דעם ענגלישען האנדעל אויף די ימים. טייל פון די אמעריקאנישע שיפען האבען טעראריזירט אפילו דעם ענגלישען ברעג. דאס געשעפט האט זיך אזוי גוט געלוינט, אז מאטראזען פלעגען פארלאזען די אמעריקאנישע קריגס־שיפען, סאלדאטען פלעגען פארלאזען די ארמיי און ווערען „פרייוויטירס". היסטאריקער זיינען מיט דער מיינונג, אז דער שאדען וואס די דאזיגע שיפען האבען געבראכט ענגלאנד איז געווען איינע פון די הויפט סבות וואס האבען געווירקט, אז זי זאל סוף־כל־סוף באשליסען דעם קאמף געגען די רעוואלוציאנערען אויפצוגעבען. די ענגלישע הענדלער האבען געפאדערט אז די רעגירונג זאל א סוף מאכען צו זייערע פארלוסטען. און די רעגירונג האט געוואוסט, אז כל זמן די מלחמה וועט אנגיין וועט איר אוממעגליך זיין צו אונטערדריקען די „פרייוועטירס". די טעטיגקייט פון די „פרייוועטירס" האט אויך געווירקט צו איבערצייגען די אייראפייאישע מעכטען, אז די רעוואלוציאנערען זיינען א מאכט, מיט וועלכער מען דארף זיך רעכענען. איבערהויפט האט עס א גוטע ווירקונג געהאט אויף דער פראנצויזישער רעגירונג אין די ערשטע יארען, ווען זי האט זיך געשלאגען מיט דער דעה צי זי זאל די אמעריקאנער העלפען אדער ניט. בענדזשאמין פרענקלין, וועלכער איז דעמאלט געווען אין פאריז האט אין איינעם פון זיינע באריכטען, אין פעברואר 1777, געשריבען צום קאנגרעס פאלגענדעס: „דעם בעסטען איינדרוק מאכט דא די ארבייט פון אונזערע

*) די סיסטעם פון געבען פריוואטע פערזאנען ערלויבניש צו באפאלען דעם שונאים שיפען אויפ'ן ים איז אין יענע יארען באטראכט געווארען פאר א געזעצליכען קריגס־מיטעל. די סיסטעם האט זיך גערופען „פרייוועטירינג" און די וואס האבען באקומען די ערלויבניש האבען זיך גערופען „פרייוועטירט".

קריגס־שיפען און „פרייוועטירס". דער שאדען וואס זיי האבען פאר־אורזאכט ענגלאנד'ס האנדעל אין די וועסט אינדיעס ווערט אין לאנדאן געשאצט אין 15 מיליאן דאלאר. די פארזיכערונג אויף שי־פען איז איצט אין ענגלאנד מיט 28 פראצענט העכער ווי בשעת ענגלאנד האט געפירט קריג מיט פראנקרייך".

מען דארף ניט מיינען, אז די פארניכטונגס־ארבייט איז געווען בלויז אויף דער זייט פון די אמעריקאנער. די ענגלישע שיפען האבען אויך ניט געשוויגען. זיי זיינען באפאלען אמעריקאנישע האנ־דעלס־שיפען אין מיטען ים און זיי בארויבט. אין פארלויף פון די ערשטע עטליכע יאר, איידער פראנקרייך איז אריין אין דער מלחמה, האט ענגלאנד פארלוירען 600 האנדעלס שיפען און אמעריקא האט פארלוירען 900 שיפען. דער אמעריקאנישער ים־האנדעל און די פי־שער־אינדוסטריע זיינען כמעט אינגאנצען פארניכטעט געווארען.

אין גאנצען אז א קריגס־פלאטע איז אמעריקא נ ט געווען. צווישען 1775 און 1783 האט דער קאנגרעס אויפגעבויט ארום פער־ציג קליינע קריגס־שיפען. ווען די מלחמה האט זיך געענדיגט זיי־נען פון די פערציג גאנץ געבליבען בלויז פופצען. די איבעריגע זיינען ענטוועדער פארניכטעט געווארען אדער אריינגעפאלען צום שונא אין די הענט.

אבער כאטש די אמעריקאנישע קריגס־פלאטע איז געווען אזא קליינע דאך האט זי געשאפען א גרויסען ים־העלד, דעם ערשטען גרויסען אמעריקאנישען ים־קאמאנדיר. זיין נאמען איז געווען דזשאן פאול דזשאונס.

פאול דזשאונס איז אייגענטליך ניט געווען קיין אמעריקא־נער. ער האט אימיגרירט קיין אמעריקא פון סקאטלאנד דריי יאר פאר דעם אויסברוך פון דער רעוואלוציע. אזוי ווי ער איז דאס גאנ־צע לעבען געווען א מאטראז און א שיפס־קאפיטאן, איז ווען די רע־וואלוציע האט זיך פאנאנדערגעפלאקערט איז ער אריינגעטראטען אין דער אמעריקאנישער דינסט אויפ'ן ים. אין 1778 האט מען אים געשיקט צום ענגלישען ברעג, ער זאל דארט באפאלען און פארניכ־טען האנדעלס־שיפען. ער האט געפאנגען אן ענגלישע קריגס־שיף און איז מיט איר אריינגעפארען אין א פראנצויזישען האפען. נאך

א סך מי איז אים געלונגען אויסצואווירקען ביי פראנקרייך (זי איז דעמאלט געווען אמעריקא'ס שותף אין דער מלחמה) זי זאל אים געבען א פלאטע פון פינף קליינע שיפלאך ער זאל קענען ווייטער אנגיין מיט זיין ארבייט. דעם גאנצען זומער פון 1779 האט ער טעראריזירט דעם ענגלישען ברעג; ער האט דארט אטאקירט די האפען־שטעט און געהאלטען ניט נאר די שיפען, נאר אויך די באַ־פעלקערונג, אין שטענדיגען שרעק. ער האט א סך האנדעלס־שיפען גענומען געפאנגען.

ענדע מאנאט סעפטעמבער האט דזשאונס געוואונען די גרעס־טע ים־שלאכט פון דער רעוואלוציע. די שלאכט איז פארגעקומען ניט ווייט פון ענגלישען ברעג. דזשאונס'ס שיפען זיינען געווען קליי־נע און שוואכע. געגען אים זיינען געשטאנען צוויי גוטע ענגלישע קריגס־שיפען. די מאטראזען אויף דזשאונס'ס שיפען זיינען כמעט אלע געווען אויסלענדער, בלויז עטליכע צענדליג אמעריקאנער, די איבעריגע — פראנצויזען, פארטוגעזער, סקאנדינאווער און איי־רישע. די שלאכט האט געדויערט דריי שטונדען. דזשאונס האט ארויסגעוויזען וואונדערבארע העלדישקייט און פייאיגקייט. כאטש זיין אייגענע שיף האט זיך קוים אויפ'ן וואסער געהאלטען, דאך האט ער געצוואונגען דעם שונא'ס צוויי שיפען זיך אונטערצוגע־בען. נאך דער שלאכט האט ער זיין אייגענע שיף געמוזט פארזינ־קען. מיט די צוויי געפאנגענע שיפען איז ער אריינגעפארען אין א האַ־לענדישען האפען.

מיט דער האזיגער שלאכט ענדיגט זיך דזשאונס'ס קאריערע אלס אמעריקאנישער קאמאנדיר. פאר זיין זיג איז ער באערט גע־ווארען פון פראנקרייך און פון רוסלאנד. דער קעניג פון דענמארק האט אים באשטימט א פענסיע. אין 1788 איז ער אריינגעטראטען אין דער רוסישער פלאטע און איז דארטען געווארען אן אדמיראל. געשטארבען איז ער אין פאריז אין עלטער פון 44 יאר.

## 36.

# די פינאַנצען פון דער רעוואָלוציע

די דרייצען קאָלאָניעס זיינען געווען מער אָדער ווייניגער איינס אין זייער געגנערשאַפט צו ענגלאַנד׳ס הערשאַפט. טייל קאָלאָניעס האָבען געהאַט גרעסערע קריוודעס געגען ענגלאַנד, טייל — קלענערע. דאָס האָט מעגליך געמאַכט, אַז זיי זאָלען ווי עס איז אָרגאַניזירען אַ קאָנגרעס און אים אַנפאַרטרויען מיט דער אַרבייט אָנצופירען דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף. די אַלטע באַציאונגען צווישען די קאָלאָניעס, זייערע געפילען איינע צו די אַנדערע, האָבען זיך אָבער דורכדעם ווייניג וואָס געענדערט. זיי האָבען איינע מיט די אַנדערע ווייניג געהאַנדעלט, האָבען געהאַט אַלטע פּאָליטישע קריוודעס און זיינען געווען אייפערזיכטיג איינע אויף די אַנדערע. די קריוודעס, די אייפערזוכט, די אָפּגעפרעמדקייט האָבען זיך אַנטוויקעלט אין משך פון עטליכע דורות און דער בשותפות׳ער רעוואָלוציאָנערער קאַמף האָט די לאַגע ניט געביטען.

און דערפאַר האָט דער קאָנגרעס כמעט קיין מאַכט ניט געהאַט. די איינצעלנע קאָלאָניעס האָבען זיך מיט אים ווייניג גערעכענט. ווען ער האָט אַרויסגעגעבען אַ באַפעל האָבען די קאָלאָניעס געהאַט די ברירה אים צו פאָלגען אָדער ניט. אָפט איז די שטעלונג צו אַזאַ באַפעל געווען פאַרשידען אין די פאַרשידענע קאָלאָניעס; טייל פלעגען אים דורכפירען פּינקטליך, און טייל פלעגען בלויז מאַכען דעם אָנשטעל, אַז זיי פאָלגען אים, און נאָך אַ טייל פלעגען אים אינגאַנצען איגנאָרירען. אונטער אַזעלכע אומשטענדען איז דעם קאָנגרעס געווען זייער שווער צו פירען די רעוואָלוציע. די הויפּט שוועריגקייט האָט זיך אַרויסגעשטעלט אין דעם פּרט פון געלט. דער קאָנגרעס האָט געדאַרפט אויסהאַלטען די אַרמיי און זי

באַזאָרגען מיט אַמוניציע. אָבער וואו זאָל ער נעמען דאָס געלט דערויף?

אַ רעגירונג האָט צוויי וועגען ווי אַזוי צו קריגען געלט; דורך שטייערען און דורך הלואות. דאָס צווייטע מיטעל הייננט אָפּ פון ערשטען. אַ רעגירונג קען נאָר דעמאָלט קריגען הלואות, ווען זי האָט די מאַכט ארויפצולייגען שטייערען אויף אירע בירגער. דער קאָנגרעס האָט ניט געהאַט די מאַכט צו מאָנען צינזען. דעריבער איז אים געווען כמעט אוממעגליך צו קריגען קרעדיט. וואָס האָט ער אָבער פאַרט געטאָן צו קריגען געלט?

דער קאָנגרעס האָט אָנגעווענדט פאַרשידענע מעטאָדען. ערש־טענס האָט ער ארויסגעגעבען „פּאַפּיר־געלט". אין יוני, 1785, האָט ער אָפּגעדרוקט פּאַפּיר־געלט אין ווערט פון צוויי מיליאָן שפּאַני־שע דאָלאַרס. דאָס געלט איז צוטיילט געוואָרען צווישען די סטייט־רעגירונגען, זיי זאָלען עס פאַרשפּרייטען. דער קאָנגרעס האָט פאַר־זיכערט דעם עולם, אַז אין פיר יאָר ארום וועט ער דאָס פּאַפּיר־געלט אויסלייזען מיט גאָלד. עס האָט געהייסען, אַז די סטייטס וועלען אין משך פון דער צייט דורך צינזען שאַפען די נויטיגע סו־מען, אריינשיקען דאָס געלט צום קאָנגרעס און דער קאָנגרעס וועט דעמאָלט אויסלייזען דאָס פּאַפּיר.

צו דרוקען פּאַפּיר־געלט איז אַ גרינגע זאַך. דער קאָנגרעס האָט ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון און האָט גענומען דרוקען איין אויסגאַבע נאָך דער אַנדערער. אין משך פון פיר יאָר האָט ער אויס־געגעבען פּאַפּיר־געלט אויף דער סומע פון 67 מיליאָן דאָלאַר. דער עולם האָט פון אָנהויב אָן געקוקט אויפ'ן געלט מיט חשד. אָבער וואָס מער דער קאָנגרעס האָט געדרוקט אַזוינע פּאַפּירלאַך, אַלץ ני־דעריגער איז געפאַלען דער צוטרוי פון עולם, און אַלץ נידעריגער איז געפאַלען דער ווערט פון דעם געלט. דאָס לאַנד איז געוואָרען פאַרפלייצט מיט די פּאַפּיר־געלט. אויסער די ריזיגע סומען וואָס דער קאָנגרעס האָט ארויסגעגעבען האָבען די סטייטס אויך, אויף זייער אייגענעם חשבון, געדרוקט פּאַפּיר־געלט. די סטייטס האָבען אויך געדאַרפט געלט אויף אָרגאַניזירען זייער מיליץ צו באַשיצען זייערע גרענעצען.

עס איז געווארען א שרעקליכער יקרות. ווייבאלד דאס געלט האט פארלוירען דעם ווערט, זיינען לעבענס־מיטעל אומגעהייער געשטיגען. מענשען זיינען רואינירט געווארען. די רעגירונגען פון די סטייטס האבען געוואלט אריינברייגנען א טאלק אין דער לאגע, אבער זיי זיינען געוועזן הילפלאז. אין א סך פלעצער זיינען אפגע־האלטען געווארען קאנפערענצען פון די בירגער צו זוכען מיטעל ווי אזוי צו צווינגען די סוחרים זיי זאלען נעמען באשטימטע פריי־זען פאר סחורות. אבער דאס האט אויך ניט געהאלפען. עס זיינען פארגעקומען ראיאטען. דער המון פלעגט באפאלען קראמען און צעראבירען דאס עסענווארג. דער יקרות האט געהאלטען אין איין שטייגען. אין 1780 איז איין זילבערנער דאלאר ווערט געווען 100 פאפירענע דאלארס. ווייץ האט דעמאלט אין באסטאן געקאסט 180 דאלאר א בושעל, טיי, 90 דאלאר א פונט, פוטער 12 דאלאר א פונט, מעל 1575 א פאס. סעמיועל עדעמס דערציילט, אז ער האט פאר א קאסטיום און א הוט באצאלט צוויי טויזענט פאפירענע דאלאר. די סאלדאטען אין דער רעוואלוציאנערער ארמיי האבען געקראגען געהאלט זיבען דאלאר א מאנאט; קען מען זיך שוין פארשטעלען וואס זיי האבען געקענט אויפטאן דערמיט.

פאר די ספעקולאנטען איז דער שטענדיגער פאלען פון דעם געלט געווען ווי געוואונשען. זיי זיינען רייך געווארען אויפ'ן חשבון פון פאלק. עס איז דערביי געווען א ספעציעלע לאגע, וואס האט גע־שפילט אין די הענט פון די דאזיגע לייט. ניט אין אלע סטייטס איז דער קורס פון די געלט געווען גלייך. פלעגען די ספעקולאנטען קויי־פען סחורה אין די קאלאניעס וואו דער קורס איז געשטאנען הויך און עס פארקויפען א סך טייערער אין די קאלאניעס וואו דער קורס איז געשטאנען נידעריג. דאס זעלבע האבען אפילו געטאן פרא־מינענטע שטאטסלייט און אנגעזעענע רעוואלוציאנערער פירער. וואשינגטאן האט ניט אויפגעהערט זיך צו באקלאגען אויף די ספע־קולאנטען.

מיט דער צייט איז דער קאנגרעס געצוואונגען געווען צוריק־צורופען דאס פאפיר־געלט. אין 1780 איז דער פאפירענער דאלאר ווערט געווען א סענט אין אמת'ען געלט. האט דער קאנגרעס רע־



דזשעפערסאָן לייענט פאַר דעם „דעקלערײשאָן אָװ אינדעפּענדענס" פאַר דעם קאָנגרעס

קאמענדירט צו די סטייטס זיי זאלען דאס פאפיר אויסלייזען מיט נייעם געלט, אין דער פראפארציע פון איין נייעם דאלאר פאר 40 אלטע דאלארס. די נייע דאלארס זיינען אויך געווען פאפירענע און זיי האבען אויך גענומען פאלען אין ווערט אזוי שנעל ווי זיי זיינען ארויס. דאך איז אביסעל פון דעם אלטען פאפיר־געלט יא אויסגע־לייזט געווארען. פאר אן ערך פון 240 מיליאן פאפיר־געלט האט די נאציאנאלע רעגירונג אין 1790 באצאלט די אייגענטימער זעקס מיליאן דאלאר. דאס איבעריגע איז פארלוירען געגאנגען.

דער קאנגרעס האט באנוצט נאך אנדערע מעטאדען צו קריגען געלט. ער האט געבארגט ביי די סטייטס און ביי יחידים, און אין אייראפא ביי פריינדליכע רעגירונגען — אין פראנקרייך, שפאניען און האלאנד. קיין גרויסע סומען האט ער דורך הלואות ניט געקענט באקומען. ער האט געבעטען די סטייט־רעגירונגען זיי זאלען זאמ־לען צינזען דירעקט פאר דער נאציאנאלער ארמיי און האט בא־שטימט וויפיל יעדער סטייט זאל זאמלען אויף איר חלק. עס האט געהייסען, אז די סטייטס בארגען אוים דאס געלט צום קאנגרעס און אז דער קאנגרעס איז זיך מתחייב דאס געלט צוריקצוצאלען. אבער אויך דער פלאן האט געבראכט טרויעריגע רעזולטאטען. דער קאנגרעס האט געהאלטען אין איין באשטימען נייע צינזען, אין איין פאדערען, אז די צינזען זאלען אריינגעשיקט ווערען. אבער דער אפרוף פון די סטייטס איז געווען זייער א שוואכער. אביסעל געלט איז אריינגעקומען דורך א לאטעריי וואס דער קאנגרעס האט אר־גאניזירט.

אין 1779 האט דער קאנגרעס גענומען פאדערען ביי די סטייטס זיי זאלען שיקען פראוויאנט פאר דער ארמיי: מעל, פלייש, שנאפס, קארן, היי. די סטייט־רעגירונגען האבען געדארפט קויפען די פרא־דוקטען ביי זייערע פארמער און עס איבערגעבען צום קאנגרעס. האט זיך אבער אריינגעמישט א נייע צרה. די ארמייען זיינען אפט געשטאנען אזוי ווייט פון דעם פלאץ וואו די פראדוקטען זיינען געווען, אז דאס טראנספארטירען פלעגט קאסטען אזוי פיל ווי די פראדוקטען זיינען אינגאנצען ווערט געווען. די טראנספארט־סיס־טעם אין די סטייטס איז איבערהויפט געווען זייער א שלעכטער.

די פארמער, ווידער, האבען ניט געוואלט פארקויפען, ווייל די סטייט־רעגירונגען האבען זיי געצאלט מיט אנווייזונגען אויפ'ן קאנ־גרעס. די אנווייזונגען האבען געזאלט אויסגעצאלט ווערען מיט א צייט שפעטער. די פארמער פלעגען באהאלטען די פראדוקטען און פלעגען בכיון צוברעכען די וועגען כדי די רעגירונגס־אגענטען זא־לען ניט קענען אוועקפירען די פראדוקטען פון די פארמס.

אין 1781 האט דער קאנגרעס באשטימט ראבערט מארים אלס פינאנץ מיניסטער (ביז דעמאלט זיינען די פינאנצען געפירט גע־ווארען פון א קאנגרעס קאמיסיע) מארים איז געווען א פילאדעל־פיער סוחר. ער האט ארויסגעוויזען גרוים פייאיגקייט און ענערגיע אין דער פארוואלטונג פון די פינאנצען. ער האט אוועקגעגעבען זיין אייגענעם פארמעגען און האט געארבייט טאג און נאכט צו זאמלען געלט וואו עס איז נאר מעגליך געווען. ער האט אויך פארוואלטעט די זאמלונג פון פראדוקטען פאר דער ארמיי.

א סך געלט איז געקליבען געווארען דורך פאלקס־זאמלונגען „דרייוום“ און פון נדבות צווישען איבערגעגעבענע פאטריאטען. דער איבערגעגעבענסטער צווישען די איז געווען א אידישער אימי־גראנט מיט'ן נאמען חיים סאלאמאן. ער איז געבוירען געווארען אין פוילען אין 1740 און איז געקומען קיין אמעריקא מיט א פיר יאר איידער די רעוואלוציע האט אויסגעבראכען. בשעת די מלחמה האט זיך אנגעהויבען איז ער געווען אין ניו יארק. ער איז פון ערשטען טאג אן געווען אן איבערגעגעבענער פאטריאט. די ענג־לענדער האבען אים צוויי מאל ארעסטירט אלס שפיאן. דעם צוויי־טען מאל האבען זיי אים פאראורטיילט צום טויט. אים איז אבער געלונגען צו אנטלויפען. ער איז אוועק קיין פילאדעלפיא. דארט איז ער געווארען א באנקיר און האט אנגעזאמעלט א גרויסען קאפיטאל. ווען מארים איז געווארען פינאנץ־מיניסטער האט סאלאמאן אים אנגעבאטען זיין הילף. ער האט געהאלפען מיט זיינע ריזיגע פיי־איגקייטען אלס פינאנסיסט און מיט זיין אייגענעם פארמעגען. ער האט בייגעשטייערט פון זיין קעשענע 658 טויזענט דאלאר, זיין גאנצען פארמעגען. נאך דער רעוואלוציע איז ער געבליבען אן ארי־מאן. ער האט מיט זיין געלט אויסגעהאלטען אייניגע פון די וויכ־

טיגסטע מיטגלידער פון קאָנגרעס און אייניגע פון די גענעראַלען. ער האָט געפירט די פאַרהאַנדלונגען מיט פראַנקרייך און האָלאַנד וועגען געוויסע ביישטייערונגען פאַר דער אַמעריקאַנער אַרמיי און ער האָט אין זיינע אונטערנעמונגען געהאַט ערפאָלג. די פראַנצויזישע רעגירונג האָט איִם אָנגעטרויט די פאַרוואַלטונג פון די פינאַנצען פון איר אַרמיי אין אַמעריקאַ. קיין לוין האָט ער פאַר זיין אַרבייט ניט באַקומען. ער האָט אויך פיל מיטגעהאָלפען צו קריגען הילף פון שפּאַניען. די וויכטיגסטע פינאַנציעלע אונטערנעמונגען האָט ראָבערט מאָריס אָנגעטרויט סאָלאָמאָנ'ען דורכצופירען. אין מאָריס'עס באַריכטען געפינען זיך ניט ווייניגער ווי 75 אַזעלכע אונטערנעמונגען וואָס סאָלאָמאָן האָט דורכגעפירט מיט ערפאָלג.*).

די רעוואָלוציע האָט אָפּגעקאָסט די אַמעריקאַנער סטייטס אַרום 135 מיליאָן דאָלאַר אין גאָלד. דערויף האָט דער קאָנגרעס אָנגעבאָרגט אַרום 650 מיליאָן דאָלאַר, דאָס הייסט, אַז די פּאַפּירען וואָס דער קאָנגרעס האָט אַרויסגעגעבען אין דער פאָרמע פון געלט, וועקסלען און אַזוי ווייטער, האָבען באַטראָפען פינף מאָל אַזוי פיל ווי דאָס געלט וואָס ער האָט ווירקליך באַקומען. דאָס האָט געבראַכט אַ סך צרות אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע און אַ לאַנגע צייט נאָך דער רעוואָלוציע.

*) עס איז כדאי צו באַמערקען, אַז אין די אַמעריקאַנישע שולביכער ווערט סאָלאָמאָנ'ס נאָמען זעלטען דערמאָנט. פּראָפעסאָר טשאַרלז ביערד איז, דוכט זיך דער איינציגער פּראָמינענטער היסטאָריקער, וועלכער רעדט פון איִם מיט מער באַגייסטערונג ווי פון ראָבערט מאָריס. סאָלאָמאָן איז געשטאָרבען אין אָנהויב יאָר 1785, אַ פּאָר יאָר נאָכדעם ווי אַמעריקאַ האָט געוואונען די רעוואָלוציע. ער איז געווען ניט מער ווי 45 יאָר. די מיינונג איז, אַז זיין פריצייטיגער טויט איז געקומען פון אַ האַרץ־קראַנקהייט וואָס ער האָט געקראָגען זיצענדיג אין געפענגניש ביי די ענגלענדער. ער האָט פאַר דער רעוואָלוציע מקריב געווען ניט נאָר זיין פאַרמעגען, נאָר אויך זיין לעבען.

37

# די לאָיאַליסטען

אַ באַדייטענדער טייל פון דער באַפעלקערונג איז פון ערש־טען טאָג ביז'ן לעצטען געווען געגען דער רעוואָלוציע. ווי גרויס זייער צאָל איז געווען איז אוממעגליך צו באַשטימען. דזשאָן עדעמס האָט צוגעגעבען, אַז אַ דריטעל פון אַלע איינוואוינער האָ־בען באַקעמפט דעם אויפשטאַנד. דזשאָזעף גאַלאַוויי, איינער פון די הויפּט געגנער פון דער רעוואָלוציע, האָט גע'טענה'ט, אַז בלויז איין פינפטעל פון דער באַפעלקערונג זיינען געווען פאַר דער רעוואָ־לוציע. וואַרשיינליך האָבען ביידע מגזם געווען. יעדער פאַר זיין צד. עס איז אָבער קיין ספק ניט, אַז די אָפּאָזיציע צו דער רעוואָ־לוציע איז געווען זייער שטאַרק.

די געגנער (מען האָט זיי גערופען מיט'ן צונאָמען „לאָיאַ־ליסטען" אָדער „טאָרים") האָבען מייסטענס געהערט צו דער ריי־כער און הערשענדער קלאַס: באַאַמטע, די גרויסע סוחרים, די לאַנד אייגענטימער, די גלחים פון דער רעגירונג־קירכע, די אינטע־ליגענטען און פּראָפעסיאָנאַלען. עס פאַרשטייט זיך, אַז עס זיינען געווען אַ סך אויסנאַמען צווישען די גרופּען, וואָס האָבען געשטיצט די רעוואָלוציע. אָבער בכלל זיינען די אויבערשטע אין דער גע־זעלשאַפט געשטאַנען מיט ענגלאַנד. זיי האָבען אויך געפונען אָנ־הענגער צווישען די קאָנסערוואַטיווע געשטימטע מענשען צווישען די אָרימערע מאַסען, די אָרימע פאַרמער, הויפּטזעכליך אין די קאָ־ראָליינאַס און אין דזשאָרדזשיאַ סטייט. די דאָרטיגע פאַרמער האָ־בען געליטען פון די רייכערע קאָלאָניסטען אין די איסט און האָבען מורא געהאַט צו פאַרשטאַרקען זייער מאַכט.

דער קאמף צווישען די לאיאליסטען און די פאטראיטען איז געווארען ביטערער פון יאר צו יאר. די ערשטע צייט האבען די פאטריאטען זיך באנוגענט מיט ברעכען שויבען, מאכען באיקאטען, באפאלען און באליידיגען אין גאס. ביסלאכווייז האבען זיי אנגענומען שטרייגגערע און ערנסטערע מיטלען. לאיאליסטען זיינען פארטריבען געווארען פון זייערע היימען. זייער אייגענטום איז קאנפיסקירט געווארען, זיי זיינען איינגעשפארט געווארען אין געפענגניש. אייניגע זיינען געהאנגען געווארען אלס פאררעטער.

די רדיפות אויף די לאיאליסטען זיינען פארשטארקט געווארען ווען די לאיאליסטען האבען אנגעהויבען ווערען אלץ מער טעטיג. זיי האבען אנגעטאן די רעוואלוציאנערען די ערגסטע צרות. זיי האבען ארגאניזירט רעגימענטען וואס האבען זיך אנגעשלאסען אן דער ענגלישער ארמיי. זיי האבען געדינט אלס שפיאנען. זיי האבען געמאכט פאגראמען אויף פאטריאטישע הייזער און פארמס. זיי האבען פארשפרייט אלערליי ליגענס און בלבולים, כדי אפצושוואכען דעם גייסט פון דער רעוואלוציאנערער באוועגונג.

די ערשטע לאיאליסטישע קרבנות זיינען געווען רייכע געשעפטסלייט און באאמטע פון באסטאן און די ארומיגע שטעטלאך פון מאסאטשוסעטס, און אין אנדערע ניו ענגלאנד קאלאניעס. נאך דער „באסטאן טיע פארטי” און נאכדעם ווי די ענגלישע רעגירונג האט ארויסגעגעבען גזרות געגען באסטאן, זיינען די פאטריאטישע קאמיטעס אין ניו ענגלאנד געווארען זייער טעטיג. זיי האבען אויפגעפאדערט די איינוואוינער זיך צו פארפליכטען דורכצופירען א באיקאט געגען ענגלישע סחורות. זיי האבען אויך פארבאטען באאמטע צו העלפען דער ניי־ארגאניזירטער ענגלישער רעגירונג אין מאסאטשוסעטס. די וואס האבען ניט געפאלגט האט מען אטאקירט און געסטראשעט מיט'ן טויט. הונדערטע פון זיי זיינען אנטלאפען קיין באסטאן, צו דער ענגלישער ארמיי. דארטען האבען א טייל פון זיי זיך ארגאניזירט אין מיליטערישע קאמפאניעס און זיך געשטעלט אין דינסט פון די ענגלענדער. אנדערע האבען געהאלפען האלטען ארדנונג אין שטאט. זיי זיינען אלע געווען זיכער, אז אין א קורצער צייט וועט די רעוואלוציע אונטערדריקט ווערען

און דעמאלט וועלען זיי זיך צוריקקערען צו זייערע היימען און זייער אייגענטום. זייער האפנונג איז אבער ניט מקוים געווארען. אין מערץ, 1776, האבען די ענגלענדער געמוזט אפליידיגען באס־טאן און אפשיקען זייער ארמיי קיין קענעדע. די לאיאליסטען, ארום 2 טויזענט אין צאל, זיינען נעבאך מיטגעפארען. זיי זיינען געווען די ערשטע לאיאליסטען וואס האבען טייער באצאלט. זיי האבען זיך אליין פארטריבען אין גלות.

אין די ערשטע יארען פון דער רעוואלוציע איז דאס גאנצע לאנד בארעקט געווארען מיט א נעץ פון רעוואלוציאנערע קאמיטעס. יעדע קאלאניע, יעדע שטאט און שטעטעל האט געהאט אירע קאמיטעס וואס האבען געהאט פארשידענע אויפגאבען. איינע פון די וויכטיגסטע אויפגאבען איז געווען צו האלטען אן אויג אויף די לאיאליסטען. זיי פלעגען נעמען פארדעכטיגע פערזאנען צום פארהער און זיי צווינגען צו שווערען טרייקייט צו דער רעוואלוציע. יענע וואס האבען זיך אנטזאגט זיינען באשטראפט געווארען. די לאיאליסטען האבען פראטעסטירט געגען דער טיראניי פון די קאמיטעס. „זיי קומען אריין אין שטוב", שרייבט איינער פון זיי, „זוכען דורך יעדען טאפ און יעדען סלוי, אפילו די אונטערקליידער ביי די פרויען און מיידלאך". די קאמיטעס האבען אונטערדריקט רעדע־פרייהייט און פרעסע פרייהייט. לאיאליסטען האבען מורא געהאט ריידען אפען. עס פארשטייט זיך, אז אין יענע פלעצער, וואו די לאיאליסטען האבען געקראגען די אויבערהאנט, דארטען, הייסט דאס, וואו זיי זיינען געשטאנען אונטער'ן שוץ פון דער ענגלישער ארמיי, האבען זיי זיך מיט די קאמיטעלייט אפגערעכענט. גלייך נאכדעם ווי גענעראל האו איז אריין אין ניו יארק האט מען דארטען אלע קאמיטעלייט ארעסטירט און פארשפארט אין געפענגניש.

ווען האו איז אריין אין ניו יארק איז די שטאט געווארען דער הויפט צענטער פון די לאיאליסטען. די געטריבענע און געיאגטע פון אנדערע טיילען פון לאנד זיינען געלאפען קיין ניו יארק. זיי פלעגען אהין קומען אן שום מיטלען און די ענגלישע שטאט און מיליטער־באאמטע האבען זיי שלעכט באהאנדעלט. דער ענגלישער

מיליטער־באַאַמטער האָט שטענדיג געקוקט אויף די אַמעריקאַנער פון אויבען אַראָפּ, און פאַר איהם האָט ניט אויסגעמאַכט צי דער אַמעריקאַנער איז אַ רעוואָלוציאָנער אָדער אַן ענגלישער לאָיאַליסט. זיי האָבען אַפילו קיין חשק ניט געהאַט אַריינצונעמען די אַמעריקאַנער פאַר פרייוויליגע סאָלדאַטען אין זייער אַרמיי. ווען די לאָיאַליסטען האָבען ניט געהאַט וואָס צו עסען און האָבען זיך געבעטען ביי די מיליטער באַאַמטע עפּעס באַשעפטיגונג, האָט מען זיי געשטעלט בויען פעסטונגען, גראָבען ערד, און טאָן אַנדערע שווערע אַרבייט. די לאָיאַליסטען זיינען צופרידען געווען צו טאָן אַלץ אַבי צו פאַרדינען אַ שטיקעל ברויט.

ניו יאָרק און ניו דזשוירזי זיינען געווען פאַרפלייצט מיט לאָיאַליסטען, און וואַשינגטאָנ'ס אַרמיי, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, האָט פון זיי שטאַרק געליטען. זיי פלעגען גנב'ענען פוליוער פון די אַמעריקאַנער זאַפּאַסען; זיי פלעגען שמוגלען עסענוואַרג צו די ענגלענדער אין ניו יאָרק אין דער צייט, וואָס וואַשינגטאָנ'ס אַרמיי איז אויסגעגאַנגען פון הונגער. ווי עס ווייזט אויס איז עס די לאָיאַליסטען ניט אַנגעקומען שווער צו קויפען פּראָדוקטען און פערד פאַר די ענגלענדער אַפילו ביי די פּאַטריאָטישע פאַרמער. די ענגלענדער האָבען געצאָלט גוטע געלט, בשעת די רעוואָלוציאָנערען האָבען ניט געהאַט מיט וואָס צו צאָלען.

איינע פון די ערשטע זאַכען וואָס די לאָיאַליסטען האָבען געטאָן געגען די רעוואָלוציאָנערען איז געווען — אַראָפּצודריקען דעם ווערט פון אַמעריקאַנישע געלט. דער רעוואָלוציאָנערער קאָנגרעס האָט געדרוקט פּאַפּיר־געלט, האָבען די לאָיאַליסטען געדרוקט און פאַרשפּרייט גרויסע סומען געפעלשטען פּאַפּיר־געלט. זיי האָבען אויך אַנגעפירט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע געגען דעם פּאַפּיר־געלט. זיי האָבען ערקלערט די פאַרמער, אַז דאָס געלט האָט קיין שום ווערט ניט, און ווען זיי האָבען ניט מורא געהאַט פלעגען זיי זיך אָפּזאָגען פון נעמען דאָס קאָנגרעס־געלט. זיי האָבען דעמאָראַליזירט די אַרמיי. זיי פלעגען אַריינשיקען שפּיאָנען וועלכע פלעגען איינרעדען די סאָלדאַטען צו דעזערטירען. זיי פלעגען אויך אָפּקויפען ביי די סאָלדאַטען זייער געווער און זייערע מונדירען. וואו

נאר זיי פלעגען האבען א געלעגענהייט פלעגען זיי פארניכטען די מיליטערישע זאפאסען פון די רעוואלוציאנערען.

ווען די ענגלישע מיליטער באמטע וואלטען געווען פייאיגע מענשען און וואלטען בעסער אפגעשאצט די לאגע, וואלטען זיי גלייך פון אנפאנג געווען ארגאניזירט די לאיאליסטען אין אקטיווע רעגי־מענטען, און ס'איז גאנץ מעגליך אז דעמאלט וואלט דער אויסגאנג פון דער רעוואלוציע געווען א גאנץ אנדערער. די ענגלענדער האבען אבער אין די ערשטע יארען די רעוואלוציע ניט גענומען ערנסט, און האבען זיך ניט געוואלט דרייען א קאפ מיט די אמעריקאנישע סאלדאטען. דערצו האבען זיי ניט געגלויבט אין דער פייאיגקייט פון די אמעריקאנער. אבער שפעטער האבען די ענגלענדער זיך ארומגעזען און האבען זיך שוין גענומען בעטען ביי די לאיאליסטי־שע פליכטלינגע אין ניו יארק זיי זאלען אריינטרעטען אין דער ארמיי. זיי האבען אפילו ערלויבט די לאיאליסטען צו ארגאניזי־רען אייגענע רעגימענטען מיט אייגענע אפיצירען. אייניגע טויזענט זיינען ארגאניזירט געווארען. אבער באנוצט האט מען די לאיאליס־טישע רעגימענטען פאר די שענדליכסטע ארבייטען. זיי האט מען עס געשיקט צו מאכען די רויבערישע אנפאלען אויף די האפען־שטעט, צו מארדען און צינדען.

ארום און ארום האבען די אנגעלאפענע לאיאליסטען אין ניו יארק צוגעשטעלט 23 טויזענט סאלדאטען צו דער ענגלישער ארמיי. 15 טויזענט האבען געדינט אין די ענגלישע רעגימענטען, און 8 טויזענט זיינען ארגאניזירט געווען אין באזונדערע רעגימענטען. פון די אנדערע קאלאניעס זיינען אויך געווען שיינע עטליכע טוי־זענט לאיאליסטישע סאלדאטען. עס ווערט געשאצט, אז ניט ווייניגער ווי 50 טויזנט לאיאלעסטען האבען זיך באטייליגט אויפ'ן שלאכטפעלד אין די לעצטע עטליכע יאר פון דער רעוואלוציע. זיי האבען געשפילט א וויכטיגע ראלע אין די שלאכטען אין ניו יארק סטייט. זיי האבען געהאלפען גענעראל בורגאין אין סאראטאגא. זיי האבען אויך פיל הילף בייגעשטייערט די ענגלענדער אין דער סאוט. אין סאוואנא און אין טשארלסטאן זיינען געווען א סך לאי־יאליסטישע סאלדאטען. לאיאליסטישע רעגימענטען האבען זיך

דא באטייליגט אין די בלוטיגסטע שלאכטען, און די עטליכע וויכטיגע נצחונות וואס די ענגלענדער האבען דארט געוואונען האבען זיי געהאט די לאיאליסטען צו פארדאנקען. די 1600 סאלדאטען מיט וועלכע דער פאררעטער בענעדיקט ארנאלד האט דורכגעפירט זיינע פאגראמען אין ווירדזשיניא זיינען געווען לאיאליסטען פון ניו יארק. אין יארקטאון, וואו קארנוואליס האט זיך אונטערגעגעבען, זיינען געווען א סך לאיאליסטישע סאלדאטען, אבער קארנוואליס האט זיי דורך א קלוגען שפיצעל ארויסגעשמוגעלט פון שטאט איידער וואשינגטאן איז אנגעקומען און האט אלע ענגלענדער גענומען געפאנגען.

די פאטריאטען האבען באטראכט די לאיאליסטען פאר זייערע ביטערסטע שונאים און פאר פאררעטער פון לאנד. עס זיינען דורכגעפירט געווארען געזעצען וואס האבען געגעבען שטים־רעכט נאר צו יענע, וואס שווערען טרייהייט צו דער רעוואלוציאנערער רעגירונג. אזוי ווי די לאיאליסטען האבען אזא שבועה ניט געוואלט געבען, האבען זיי פארלוירען אלע פאליטישע רעכט. אינדירעקט זיינען פון זיי אויך צוגענומען געווארען זייערע ציווילע רעכט. ווען א לאיאליסט האט געבראכט קלאגען אין געריכט, געמאנט ביי אימיצען געלט, אדער געפאדערט די דורכפירונג פון א קאנטראקט, האט דאס געריכט זיך אנטזאגט אויפצונעמען די קלאגע איידער דער לאיאליסט האט געשווארען טרייהייט צו דער רעגירונג. דאס געריכט האט זיך אפילו אנטזאגט אויפצונעמען קרימינעלע קלאגען פון לאיאליסטען. דער לאיאליסט איז געווען הפקר. יעדער האט אים געקענט באליידיגען, שלאגען, פארלוימדען, און דאס געזעץ האט אים ניט באשיצט. א לאיאליסט האט ניט געטארט זיין קיין אפיטרופוס איבער א ירושה. ער האט ניט געטארט קויפען קיין ערד אדער פארקויפען זיין אייגענע ערד. אפילו א מתנה צו שיינקען איז אים געווען פארבאטען. זיין צואה איז ניט געווען גילטיג. זיין לעבען און זיין אייגענטום זיינען געווען הפקר.

ניט אין אלע סטייטס זיינען די געזעצען געגען די לאיאליסטען געווען אזוי שטריינג. אין מאסאטשוסעטס און אין ניו יארק זיינען זיי געווען מילדער. די שווערסטע געזעצען זיינען דורכגעפירט

געווארען אין דער סאוט, ווייל דארט האבען די לאיאליסטען אנגעטאן די פאטריאטען די ערגסטע צרות. אבער אפילו אין די מילדע סטייטס האט א לאיאליסט ניט געטארט זיין א דזשורימאן אדער אן אדוואקאט. אין פענסילווייניא האט א לאיאליסט ניט געטארט זיין קיין לערער. ער האט ניט געטארט האלטען קיין אפטייק אדער ארבייטען אין אן אפטייק. עס האט געהייסען, אז א לאיאליסט קען נאך אריינטאן גיפט אין די רפואות פאר קראנקע פאטריאטען. לאיאליסטען וואס האבען איבערגעטראטען די געזעצען זיינען שווער באשטראפט געווארען. און די מוסרים וואס האבען געבראכט די קלאגען געגען זיי האבען באקומען אלס באלוינונג א העלפט פון דעם שטראף־געלט.

שטריינגע געזעצען זיינען דורכגעפירט געווארען צו באשטראפען די יעניגע, וואס האבען געשריבען אדער גערעדט געגען דער רעוואלוציע, געגען דעם קאנגרעס, אדער וואס האבען חוזק געמאכט פון דער רעוואלוציע און פון די רעוואלוציאנערע באאמטע. פרייע רעדע און פרייע פרעסע איז אונטערדריקט געווארען. דאס איז געווען דאס איינציגע מיטעל געגען די שרעקליכע ליגענס וואס די לאיאליסטען פלעגען פארשפרייטען געגען דער רעוואלוציע. לאיאליסטען האבען ניט געטארט פריי ארומפארען. א האטעל, א פורמאן, אדער א שיפס־קאפיטאן, האט ניט געטארט אויפנעמען קיין פאסאזשיר סיידען יענער האט געהאט אן אנווייזונג, אז ער איז געטריי דער רעוואלוציע.

אין די סטייטס, וואו ס'איז געשטאנען די ענגלישע ארמיי, אין ראוד איילאנד, ניו יארק און ניו דזשוירזי, זיינען געמאכט געווארען שטריינגע געזעצען געגען פארקויפען שפייז צו דער ענגלעשער ארמיי. ווי עס ווייזט אויס, האבען אין דעם געזינדיגט ניט דוקא די לאיאליסטען. דער נסיון צו פארקויפען צו די ענגלענדער איז געווען אזוי גרויס, אז זייער ווייניג פאטריאטען האבען אים געקענט ביישטיין. די ענגלענדער פלעגען צאלען מיט גאלד. די רעוואלוציאנערען פלעגען צאלען מיט ווערטלאזען פאפיר. וואשינגטאן האט געהאלטען אין איין פארדאמען דעם „שענדליכען האנדעל“. ענדליך האט מען געמוזט אננעמען א געזעץ, אז דער, וועמען מען

װעט כאַפּען פאַרקױפענדיג זאַכען צום שונא, װעט אַרײנגעזעצט װערען אין געפענגניש ביז'ן סוף פון קריג. אָבער אפילו דאָס שטרײנגע געזעץ האָט ניט געהאָלפען. אין דער צײט װאָס די אַמע־ריקאַנישע אַרמײ האָט געהונגערט און האָט ניט געקענט קריגען צו קױפען קײן עסענװאַרג בײ די אַמעריקאַנישע פאַרמער, האָבען די ענגלענדער געהאַט פון דעם שענסטען און בעסטען, װאָס זײ האָבען טאַקע בײ דיזעלבע אַמעריקאַנער געקױפט.

אין די שפּעטערע יאָרען פון דער מלחמה זײנען דורכגעפירט געװאָרען געזעצען אין פאַרשידענע סטײטס צו צװינגען אַלע ביר־גער פון מיליטערישען עלטער אַרײנצוטרעטען אין דער מיליץ. די פאַטריאָטען האָבען זיך פון דעם געזעץ װי עס איז נאָך געקענט אױסדרײען. דעם װאָס מען האָט אָבער געקענט פאַר אַ לאָיאַליסט האָט מען אונטער אַלע אומשטענדען געצװאונגען אַרײנצוטרעטען אין דער אַרמײ. װען ער האָט זיך אַנטזאָגט האָט מען אים שטאַרק געפּײניגט.

די רדיפות אױף די לאָיאַליסטען האָבען זיך געענדערט מיט דעם פּלאַץ און מיט דער צײט. דאָרטען װאו די סכנה פון שונא איז געװען גרעסער זײנען די רדיפות געגען די לאָיאַליסטען געװען ביטערער. דאָרט אָבער װאו די פאַטריאָטען האָבען זיך געפילט זיכער און שטאַרק האָבען זײ די לאָיאַליסטען מער־װײניגער צורו געלאָזען. אין גאָר געפערליכע מאָמענטען פלעגט מען די פאַר־דעכטיגטע לאָיאַליסטען אַרעסטירען מאַסענװײז און זײ אַריבער־שיקען אין אַ אַנדער פּלאַץ אָדער זײ אײנשפּאַרען אין קאָנצענטראַ־ציאָנס־לאַגערען. אַזױ, צום בײשפּיל, װען גענעראַל האַו האָט גע־יאָגט װאַשינגטאָנ'ס אַרמײ דורך ניו דזשוירזי אױפ'ן װעג צו פי־לאַדעלפיע, האָט די רעװאָלוציאָנערע רעגירונג פון פענסילװײניא אַרױסגעגעבען אַ באַפעל, אַז אַלע פאַרדעכטיגטע פּערזאָנען זאָלען אַרעסטירט װערען. די פאַטריאָטען האָבען זיך אַרײנגעריסען אין הײזער, אַרױסגענומען פון דאָרטען די פאַרדעכטיגטע פּערזאָנען און זײ אַװעקגעשיקט אין נאָרט קאַראָלײנאַ. מען האָט אַװעקגע־ריסען טאַטעס פון קינדער, מענער פון פרױען. אַ צײט שפּעטער װען די מלחמה האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט אין נאָרט קאַראָ־

ליינא האט מען פון דארטען ארויסגעשיקט גאנצע מחנות ארעס־טירטע לאיאליסטען. אין מאסאטשוסעטס און אין ווירדזשיניא זיינען די הויכע רעגירונגס־באאמטע באפולמעכטיגט געווארען צו ארעסטירען פארדעכטיגטע פערזאנען און זיי ארויסשיקען. אין ניו יארק האט דער גאווערנאר געהאט די מאכט ארויסצושיקען א פארדעכטיגטען לאיאליסט פון איין געגענט אין א צווייטער. מען פלעגט ביי דעם פארדעכטיגטען אוועקנעמען זיין אלטע היים, אדער זיין פארם, און אים זעצען אויף אנאנדער פלאץ ערגעץ ווייט. די געפערליכע לאיאליסטען פלעגט מען, פארשטייט זיך, איינשפארען. אבער אויך אין א ווייטערער געגענט, אין אן אנדער סטייט. ניו יארק און ניו דזשוירזי האבען זייערע לאיאליסטען געשיקט קיין קאנעקטיקוט. פענסילווייניא האט אירע געשיקט קיין ווירדזשי־ניא. נארט און סאוט קאראליינא פלעגען זיך בייטען מיט זייערע לאיאליסטען. די סטייטס האבען איינע די אנדערע ארויסגעהאל־פען.

אזוי זיינען באהאנדעלט געווארען לאיאליסטען וועלכע האבען בלויז געשטיצט דעם שונא מאראליש. די יעניגע אבער וואס האבען געהאלפען מיט מעשים, די וואס זיינען אריינגעטראטען אין דער ענגלישער ארמיי, אדער האבען אנגענומען אן אמט אונטער דעם ענגלישען קעניג זיינען באטראכט געווארען אַס פאררעטער, און זייער שטראף איז געווען דער טויט. זייער אייגענטום איז קאנפיסקירט געווארען. זייער ווייניג פון די לייט האט מען גע־כאפט. דערפאר זיינען די צאל היגריכטונגען געווען קליין. אבער אייגענטום איז קאנפיסקירט געווארען אין ווערט פון ריזיגע סומען. אין פענסילווייניא איז געווען א „שווארצע ליסטע“ פון 490 לאיא־ליסטען. א גרויסע צאל פון זיי זיינען אנטלאפען און קיינמאל נים צוריקגעקומען. בלויז צוויי האט מען אויפגעהאנגען. זיי זיינען געווען אין פילאדעלפיע בשעת גענעראל האו האט געהאלטען די שטאט, און האבען דאן א סך געהאלפען די ענגלענדער. ווען די ענגלענדער האבען אפגעליידיגט די שטאט זיינען די צוויי לאיא־ליסטען פארבליבען כאטש זיי האבען געוואוסט, אז עס איז פאר זיי א סכנה. די אמעריקאנער האבען זיי ארעסטירט, גע'משפט אלס

פאַררעטער און זיי אויפגעהאַנגען. די הינריכטונג האָט אויפגע־רודערט דאָס לאַנד. די צוויי פאַר'משפּט'ע, ראָבערטס און קאַר־לייל האָבען זיי געהייסען, זיינען פריער געווען זייער חשוב אין פילאַדעלפיע. זיי האָבען זיך געהאַלטען זייער מוטיג ביז'ן לעצטען מאָמענט. ראָבערטס האָט אונטער דער תליה געהאַלטען אַ דרשה צו זיינע קינדער און זיי פאַרזאָגט צו בלייבען טריי דער ענגלישער רעגירונג. נאָך דער הינריכטונג האָבען די פריינט פון די טויטע געמאַכט אַ לויה פאַר זיי און איבער פיר טויזענט מענען האָבען זיי באַגלייט צום בית עולם.

הינריכטונגען זיינען געווען, ווי געזאָגט, ווייניג אין צאָל. אין אַלגעמיין זיינען די פּאַטריאָטישע געריכטען און קאָמיטעס שטענ־דיג גרייט געווען דורכצוקומען מיט די באַשולדיגטע מיט גוטען. קוים פלעגט אַ לאָיאַליסט אַרויסווייזען אַ נייגונג זיך צו בויגען, פלעגט מען אים מוחל זיין זיינע אַלטע חטאים. אַם ערגסטען האָ־בען געליטען די אַנטלאָפענע, די וואָס האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער ענגלישער אַרמיי. זיי פלעגען פאַר'משפּט ווערען אונטער די אויגען. צוריקקומען האָבען זיי ניט געקענט, ווייל זיי האָבען ניט געהאַט צו וואָס צו קומען. זייערע הייזער און זייער לאַנד איז קאָנ־פיסקירט געוואָרען. דאָס אייגענטום פון די לאָיאַליסטישע פאַמי־ליעס פלעגט אין פאַרלויף פון די רעוואָלוציאָנערע יאָרען אַוועקגע־נומען ווערען אויף פאַרשיידענע אופנים. מען פלעגט פאַר יעדער אומגעטרייער טאַט אַרויפלייגען אַ שטראָף אויף דעם לאָיאַליסט. ווען איינער אין אַ פאַמיליע האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער ענגלי־שער אַרמיי, פלעגט אַ געלט־שטראָף אַרויפגעלייגט ווערען אויף דער גאַנצער פאַמיליע. אָפט פלעגט די פאַמיליע דורך דעם געלט־שטראָף אַזוי פאַראָרימט ווערען, אַז זי האָט געמוזט אַלץ פאַרקויפען.

פאַר פאַרען אָן אַן ערלויבניש, פאַר אויסדריקען אַ געגנערישע מיינונג, פאַר אָפּרייזען אימיצען פון אַריינטרעטען אין דער רעוואָ־לוציאָנערער אַרמיי, — פאַר יעדער טאַט פון אַט דעם סאָרט איז געווען אַ באַשטימטע געלט־שטראָף. אין ניו יאָרק און אין סאָוט קאַראָליינאַ זיינען די לאָיאַליסטען געהאַלטען געוואָרען פאַראַנט־

ווארטליך פאר יעדער גנבה אין דער גאנצער סביבה. מען פלעגט זיי צווינגען צו באצאלען פאר די גנבות. אין מערילענד און אין ווירדזשיניא איז געווען א געזעץ, אז די יעניגע וואס שווערען ניט קיין טרייהייט צו דער רעוואלוציע מוזען צאלען דריי מאל אזוי פיל שטייערען ווי די וואס שווערען יא.

אין די שפעטערע יארען פון דער רעוואלוציע, ווען דער מאנגעל אין געלט ביי די פאטריאטען איז געווארען זייער גרויס, האט מען זיך גענומען צום אייגענטום פון די לאיאליסטען. די סאלדאטען האבען בארויבט יעדען, וועמען זיי האבען פארדעכטיגט אלס לאיאליסט. זיי פלעגען באפאלען א לאיאליסטישע פארם און צונעמען די פערד, די קי, די הינער, אלס קאנטראבאנד. אפט פלעגט א כשר'ער פאטריאטישער פארמער פאלען א קרבן פון די פאגראמען. וואשינגטאן האט פארבאטען די אנפאלען, אבער זיינע באפעלען זיינען איגנארירט געווארען.

דערנאך האבען די סטייט־רעגירונגען זיך אויך גענומען צו דערזעלבער ארבייט. עס זיינען געמאכט געווארען געזעצען צו קאנפיסקירען דאס אייגענטום פון די לאיאליסטען און דאס געלט באנוצען פאר'ן רעוואלוציאנערען קאמף. א טייל סטייטס האבען פריער געווארנט די לאיאליסטען, אז אויב זיי וועלען ניט שווערען קיין טרייהייט וועט מען צונעמען זייער אייגענטום. דער לאיאליסט האט דארט געהאט א ברירה צו בלייבען טריי זיין פרינציפ אדער זיין אייגענטום. אין מאנכע סטייטס אבער האט מען די לאיאליסטען קיין געלעגענהייט ניט געגעבען תשובה צו טאן. מען האט זייער אייגענטום גלייך צוגענומען.

א סך לאיאליסטען זיינען געווען רייכע לאנד־אייגענטימער. פלעגט מען זייערע גיטער צושניידען אויף קליינע חלקים און פארקויפען צו ארימע פארמער. א טייל פון דעם געלט פלעגט צוריקגעגעבען ווערען די פאמיליעס פון די פריערדיגע אייגענטימער. דאס קאנפיסקירטע פארמעגען פון די לאיאליסטען האבען אריינגעטראגען גרויסע סומען געלט. אין ניו יארק אליין האט דער סטייט צוגענומען אייגענטום וואס האט באטראפען איבער דריי און א האלב מיליאן דאלאר. פאר דער רעוואלוציע זיינען אין ניו יארק געווען

גרויסע הויפען. די באַלעבאַטים אָבער זיינען מייסטענס געווען לאָ־יאַליסטען, און דורך די קאָנפיסקאַציעס זיינען די הויפען צושניטען געוואָרען און קליינע פאַרמער האָבען זיך אויף זיי באַזעצט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די לאָיאַליסטען וואָס האָבען ניט גע־וואָלט תשובה טאָן האָבען אַזוי געהאַנדעלט, ווייל זיי זיינען גע־ווען איבערציינגט, אַז די רעוואָלוציע וועט דורכפאַלען. זיי האָבען ניט געצווייפעלט אין דעם, אַז זיי וועלען דאָס לאַנד צוריקקריגען נאָך מיט אַ באַלוינונג פאַן דער ענגלישער רעגירונג. און זיי האָ־בען געהאַט גענוג גרונט אַזוי צו גלויבען. אין די אַכט יאָר פון דער רעוואָלוציע איז זעלטען די לאַגע געווען אַ גינסטיגע פאַר די רעוואָלוציאָנערען. כמעט די גאַנצע צייט איז די רעוואָלוציע גע־שטאַנען אויף'ן שוועל פון צוזאַמענברעכען.

דער סוף פון די אַנטלאָפענע לאָיאַליסטען, פון די וואָס האָבען זיך באַהאַלטען אין די אָקופּירטע שטעט און געדינט אין דער ענג־לישער אַרמיי, איז געווען אַ טרויעריגער. ווען די רעוואָלוציע האָט זיך געענדיגט זיינען אין ניו יאָרק געווען צענדליגע טויזענטער אַנטלאָפענע לאָיאַליסטען. נאָך טויזענטער זיינען געווען אין סאַ־וואַנאַ און אין טשאַרלסטאָן. די ענגלישע רעגירונג האָט אַלע כחות אַנגעווענדעט, אַז אַ פּונקט זאָל אַריינגעשריבען ווערען אין פרידענס־אָפּמאַך, אַז די לאָיאַליסטען זאָלען צוריקקריגען זייער אייגענטום. אָבער די אַמעריקאַנישע דעלעגאַטען זיינען אויף דעם ניט איינגע־גאַנגען. זיי האָבען בלויז מבטיח געווען צו ווירקען אויף די סטייט־רעגירונגען זיי זאָלען עס טאָן. אָבער ביי די הבטחות איז עס גע־בליבען. אין אַ סך סטייטס האָבען די רדיפות אויף די לאָיאַליס־טען אָנגעהאַלטען עטליכע יאָר נאָך דער רעוואָלוציע.

די רייכע לאָיאַליסטען זיינען אַוועקגעפאָרען קיין ענגלאַנד. די אָרימע האָבען זיך באַזעצט אין קענעדע און אין די וועסט איני־דיעס. די ענגלישע רעגירונג האָט זיי געגעבען פריי לאַנד און זיי אַרויסגעהאָלפען מיט די נויטיגע מיטלען אויפצובויען קאָלאָניעס אין זייערע נייע היימען. אָרום און אָרום האָבען זיך דעמאָלט אין קענעדע אַליין באַזעצט אַ זעכציג טויזענט אַמעריקאַנער. זייער לאַ־גע איז אָבער געווען זייער אַ שווערע. טראָץ דער הילף פון ענ־

גלאנד האבען זיי זיך זייער געפלאגט. א סך זיינען פון דארט אנטלאפען. א סך זיינען אויסגעשטארבען.

פאר עטליכע טויזענט לאיאליסטען האט די ענגלישע רעגירונג באשטימט פענסיעס. די מזל'דיגע זיינען געוועזען יענע, וואס האבען געקענט באווייזען, אז דורך זייער לאיאליטעט צו ענגלאנד האבען זיי פארלארען זייערע לעבענס-מיטלען. דער ענגלישער רעגירונג האבען די פענסיעס אפגעקאסט עטליכע צענדליג מיליאן דאלאר.